דוד פינסקי

# ער לעבט!

## און אַנדערע דערציילונגען

אַרויסגעגעבן פון דוד פינסקי צווייג 296
יידישער נאַציאָנאַל אַרבעטער פאַרבאַנד,
מאָנטרעאל, קאַנאַדא.

# אינהאַלט:

# ער לעבט!

## 1

דער שריפטשטעלער האָט זיך געראַנגלט מיט אַ טעמע. ריכ־טיקער — מיט טעמעס.

ער האָט געטראָגן אין זיך דעם שווידער־ווייטיק איבער דער גרויליקער קאַטאַסטראָפע, וואָס איז באַפאַלן די יידן אין די לענ־דער וואָס אונטער דעם נאַצישן יאָך, און געזוכט אויסדרוק פאַר זיין האַרץ־געשריי.

יעדן טאָג האָבן די צייטונגען געבראַכט שרעק־געשעענישן פון מאָרד און פאַרניכטונג, פון אומבאַשרייבלעכע פיין און יסורים, פון אומבאַגרייפלעכע סאַדיסטישע איינפאַלן, פון אוממענטש־לעכע גרויזאַמקייטן.

יעדע געשעעניש אַ טעמע. אָבער דער שווידער אין אים איז געווען צוזאַמענגעהויפט פון אַלע די טעמעס, פון אַלע די שרעק־געשעענישן, וואָס די צייטונגען האָבן געבראַכט. יעדע איינציקע געשעעניש, ווי שווידערלעך זי זאָל נישט זיין, איז קלע־נער פאַר דעם גאַנצן הויפן. אַן איינציק בלאַט, אַרויסגעריסן פון אַ בוך פון פורעניות. איין וואונד, אָפּגעדעקט אויף אַ קער־פער, וואָס איז באַדעקט פול און פיל מיט גרויזעליקע וואונדן. ווען ער וועט איבערדערציילן נאָר איין געשעעניש, אַפילו די שרעק־לעכסטע, וועט זי אַלץ זיין בלויז אַ קליינער טייל פון דעם שווי־דער־הויפן אין אים. אָבער ער האָט געזוכט געשטאַלטונג פאַר דעם גאַנצן הויפן. איין שמאַרץ־אויסגעשריי, וואָס זאָל כולל זיין אַלע שמערצן.

איין טאָג האָבן די צייטונגען מיט קורצע ווערטער דער־

ציילט: די נאַצים האָבן אַרויסגעטריבן די יידן פון אַן איינ־גענומענעם שטעטל אין פעלד אַריין, דאָרטן אויסגעשאָסן זיי אַלע־מען, נאָר דעם אַלטן רב האָבן זיי אַריינגעשטעלט אין אַ גרוב און פאַרשאָטן ביזן האַלז, דעם קאָפּ געלאָזן שטעקן איבער דער ערד.

דער שריפטשטעלער האָט אויפגעשוידערט, צוגעמאַכט די אויגן. אַ טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אַראָפּ זיין לינקער באַק. פּלוצלונג האָט ער צוזאַמענגעביסן די ציינער, צוזאַמענגעדריקט די הענט אין פויסטן, זיין געזיכט האָט אָנגענומען דעם האַרטן אויסדרוק פון אַנטשלאָסנקייט. יאָ, דאָס וועט ער אָנשרייבן!

ער איז צוגעלאָפן צו זיין שרייבטיש, גענומען די פען, אי־בערגעבויגן זיך איבערן פּאַפּיר...

ער האָט געזען פאַר זיך די גאַנצע טראַגישע געשעעניש. אַזוי קלאָר, אַזוי דייטלעך, אין אַלע אירע איינצלהייטן. זי וועט אַרויסקומען פון אונטער זיין פען, ווי אונטערגעזאָגט פון זיין זכרון. נאָר דעם אָנהייב געפינען, די ערשטע שורה, דאָס ערש־טע וואָרט...

ווען איז דאָס געשען? אין וועלכער צייט פון טאָג האָבן דאָס די בעסטיעס אַרויסגעטריבן די יידן פון שטעטל? די צייר־טונגען האָבן עס נישט אָנגעגעבן, און זיין זכרון איז נישט גאַנץ זיכער. אויב אין דער פרי, האָבן זיי אַוועקגענומען דעם אַלטן רב אין טלית און תפילין, און אין טלית און תפילין אַריינגע־שטעלט אים אין גרוב. אויב שפּעטער אין טאָג, איז ער זיכער געווען אָנגעטאָן אין זיין זיידענער זשופּיצע מיט דעם שטריימל אויפן קאָפּ.

זיכער נישט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. די נאַצים באַהאַלטן נישט זייער בעסטיאַלישע אַכזריות. זיי גרויסן זיך מיט איר אין דער ליכטיקסטער זון. אָבער עס האָט געקאָנט זיין באַגינען, אין דעם ליכט פון פאַרטאָג, ווען די יידן זיינען נאָך געלעגן אין די בעטן, נישט געוואָלט אַרויסקריכן פון זיי אויס מורא פאַרן טאָג. די נאַצים האָבן געקאָנט זיכער זיין, אַז אין דער דאָזיקער שעה וועט קיין ייד פון זיי נישט אַנטרינען.

זיי וועלן אַלע זיין אין זייערע שטיבער אויף זייערע געלעגערס.

דאַרפן די נאַצים די זיכערקייט פון דעם פאַרטאָג? זיי האָבן געקאָנט אַרויסטרומייטערן, אַז אין אַ געוויסער שעה פון טאָג, טאַקע ווען די זון איז חתן׳דיקער און שטראַליקער, זאָלן זיך אַלע יידן פון שטעטל...

די פען איז זיך צולאָפן.

## 2

אַ באַפעל: אַלע יידן פון שטעטל זאָלן זיך צוזאַמענקומען אויפן מאַרקפּלאַץ פאַרן האָטעל! אָבער אַלע! אַלט און יונג, קינדער אויף די אָרעמס און קראַנקע פון די בעטן. קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן אויסנבלייבן, אויב ער וויל נישט אויסגעפינען אויף זיך, ווי די נאַצים קאָנען פייניקן. און אַן געפעק! מיט ליידיקן זאָלן זיי אַלע קומען. ווי זיי שטייען און גייען.

זיינען די יידן, וואָס זיינען געבליבן אין שטעטל און נישט דערוויזן צו אַנטלויפן, ווען דער נאַצישער באַטאַליאָן איז אַריינ־געטראָטן, צונויפגעקומען זיך אויפן מאַרקפּלאַץ פאַרן האָטעל, אַלט און יונג, קינדער אויף די אָרעמס און קראַנקע פון די בעטן געפירט אָדער געטראָגן. משפּחותווייז, משפּחותווייז האָבן זיי זיך צושטעלט אויפן פּלאַץ. וואָס די גזירה זאָל נישט זיין, זאָל מען זיין אינאיינעם, אייגענע מיט אייגענע. צום רב און דער רביצין זיינען צוגעקומען זייערע דריי זין מיט זייערע פרויען און קינדער און זייערע צוויי טעכטער מיט זייערע מענער און קינדער.

און אַלע אָן געפעק. ליידיק די הענט און פריי די רוקנס. נאָר קליידער האָבן זיי אָנגעטאָן אויף זיך וואָס מער, און די פילע קעשענעס האָבן זיי אָנגעשטאָפּט מיט פאַרשיידענע קליי־נע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ ווערט אין זייערע אויגן. זיי וועלן דאָך געוויס אַרויסגעטריבן ווערן פון שטעטל, האָט קיינער פון די פרומע יידן נישט פאַרגעסן אַרומצואוויקלען זיך מיט אַ טלית ווי מיט אַ ברייטן גאַרטל און די תפילין אַריינרוקן אין אַ קעשענע. אָבער דער אַלטער רב האָט אַריינגערוקט אונטער זיין שבתדיקער

אטלעסענער זשופיצע דעם טלית־זאַק און אין אים טלית און תפילין און זיין סידור און דער זהר הקדוש. די הענט אויף דער ברוסט, אריינגערוקט אין די אַרבל, ווי עס וואָלט אים גע־פרעסטלט, האָבן געדריקט און געלאַסקעט דאָס הייליקע פּעקל.

יאָ, און זיין בעסטע יאַרמולקע האָט דער רב אָנגעטאָן און זיין בעסטן גרעסטן שטריימל איבער דער יאַרמולקע. שבת און יום־טוב... איז נישט היינט אַ יום־הדין? רבונו של עולם! גאָטוניו־פאָטער! — — —

דער שרייבער איז געבליבן שטיין אין זיין שרייבן. זאָל ער באַשרייבן, ווי דער רב האָט אויסגעזען? זיין גרויס און ברייט מאַכט נישט אויס — פאַר דער גרוב איז עס אַלצאיינס. אָבער דעם קאָפּ מוז ער באַשרייבן. אַ זייער שיינער קאָפּ גע־וועזן, אַ הדרת פנים פון אַ גרויסן בן־תורה, אַ גדול בישראל, אַ לייבנקאָפּ, אַן איידל דורכגייסטיקט בלייך פּנים, אַרומגעראַמט מיט אַ לאַנגער ברייטער שנייווייסער באָרד, און אונטער לאַנגע געדיכטע ברעמען צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן, אין וועלכע הוי־כע עלטער האָט נאָך נישט אויסגעלאָשן דאָס הייליקע פייער.

זאָל ער נאָך וועמען פון דער עדה יידן כאַראַקטעריזירן? ער זעט זיי דאַכט זיך אַלעמען. ער קאָן באַשרייבן דעם־יענעם, די — יענע... ניין, נישט נויטיק. צופיל איינצלהייטן. זיי וועלן זיך לייגן ווי אַ שווערע משא אויף דעם עצם ענין, אויף דעם עיקר. אַ פּאָר הונדערט נפשות, און יעדער נפש לעבט איבער דעם שרעק אויף זיין אופן. אַ יעדער מיט זיינע מחשבות, און דאָך האָבן זיך אַלע מחשבות געדרייט אַרום דעם איין פּונקט: וואָס וועט דאָ מיט זיי געשען?

די פּען איז זיך ווידער צולאָפן.

3

דער גרעסטער טייל פון דעם באַטאַליאָן סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל, האָט זיך צולאָזן איבער די יידישע הייזער, נאָכגעזוכט, צו האָט זיך נישט אימיצער באַהאַלטן, פאַר־לאָדנט די פענסטער, פאַרשלאָסן די טירן און טויערן, און ניט

פארגעסן אנצופאקן די אייגענע קעשענעס. אויפן מארק איז גע־שטאנען נאר א קליינע אפטיילונג, און זיי האבן זיך צולאכט, ווען זיי האבן דערזען די אנקומענדיקע יידן. קיין ווארט נישט ארויסגערעדט, נאר געלאכט. עפעס אלץ אויף די יידן איז געווען אזוי קאמיש, זייער קליידונג, זייער גאנג, זייער שרעק און זייערע טרערן. אלץ אזוי קאמיש, אז עס האט געקיצלט צום פארשיכורנדיקן געלעכטער.

די יידן האבן זיך קוים אומגעקוקט אויף זיי, אבער א יעדערער האט געהאט א קללה אויף זיי, א יעדערער זיין קללה אויף זיין נוסח.

אין א פענסטער פון האטעל האט זיך באוויזן דער קאמאנ־דיר. א שניידיקע פיגור, מיט פארדרייטע קייזער ווילהעלם־וואנ־צעס, א מאנאקל אין לינקן אויג — הונדערט פראצענט פריי־סישער אריער. ער האט א קוק געטאן אויף די פארזאמלטע יידן און אראפגעשפיים. נישט געצילט אין קיינעם. דער שפיי איז נעגעבן געווארן פאר אלע יידן. אפגעטאן און צוריק פאר־שוואונדן. די יידן אבען האבן געוואוסט, אז זיי קאנען זיך דא ריכטן אויף עפעס גאר גאר שלעכטס.

ווען די גאנצע קאמאנדע איז זיך צונויפגעקומען אויפן מארק פון דער שליחות אין די יידישע הייזער, איז דער קאמאנ־דיר ארויסגעקומען פון האטעל מיט זיין גאנצן שטאב ארום אים, באקרייזט די יידן, וועלכע האבן זיך ענגער צוזאמענגעדריקט, ווי אין דעם וואלט געווען שוץ, באקוקט זיי מיט א בייזן בליק פון שטראף־אויספיר. ער האט עפעס צוגעשעפטשעט צו זיינע באגלייטער, מיט וואונק אנגעוויזן זיי אין פארשיידענע זייטן פון דער יידישער עדה. די באגלייטער האבן פארנאנדערגערוקט די יידן, ארויסגעשלעפט פון צווישן זיי אלע יונגע און מיטליעריקע מענער און אלע יונגע פרויען. אויך דעם רבס צוויי זין, א שנור, און אלע דערוואקסענע אייניקלעך. אלע גלייכע יחסנים. די מענער אויף שקלאפנארבעט, די פרויען פאר די סאלדאטן אין די זונות־הייזער. א געיאמער האט אויסגעבראכן, א הימל־

שפּאַלטנדיקער געשריי, באַגלייט די אָוועקגעפירטע, מיט וועלכע מען האָט זיך אפילו נישט געקאָנט צוזעגענען.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך דורכגערעדט מיט אַ יונגן אָפּי־צער, איבערגעגעבן אים די קאָמאַנדע און איז אַריין צוריק אין האָטעל. אין טיר האָט ער זיך געוואָלט אומקוקן, פּיליכט נאָך אַ שפּיי טאָן. אָבער ער האָטביידע זאַכן נישט געטאָן, נאָר צו־געמאַכט די טיר מיט אַ בריאַזג.

דער יונגער אָפּיצער—איינער פון דער היטלער־יוגנט מיט אַ שטיינהאַרטן פּנים און חלפים־אויגן — האָט אויסגעקאָמאַנדירט, ווי אויסגעשאָסן: „ביקסן אויף אַקסל! אַרומרינגלען! גע־גאַנגען!"

סאָלדאַטן מיט ביקסן אויף די אַקסלען האָבן אַרומגערינגלט די יידן און געלאָזן זיך גיין. פעסטע טריט, גאַנזטראָט. ביי די יידן האָבן זיך געפּלאָנטערט די פיס. שרעק האָט זיי אונטערגע־בראָכן. הינטער די סאָלדאַטן און די יידן האָט זיך געלאָזט נאָכפאָרן אַ גרויסער לאַסט־אויטאָמאָביל. ווען די יידן וואָלטן זיך צוגעהערט, וואָלטן זיי געהערט דאָס קלימפּערן פון עפּעס אייזנס, וואָס זיינען געטרייסלט געוואָרן אויפן באָדן פון דעם גרויסן וואָגן.

דער אָפיצער האָט אויסגעקאָמאַנדירט: „לויפן!" די סאָל דאַטן האָבן אָנגעהויבן צו לויפן. מיט אַ שמייכל, כמעט מיט לאַכן. זיי האָבן פאַרשטאַנען דעם שפּאַס פון דעם אָפיצער. דורך די יידן איז דורכגעגאַנגען אַ ציטער. לויפן? ווער האָט כוח צו לויפן? עלטערע מענטשן אַלע. און ווי קאָן מען לויפן מיט עטלעכע אָנצוגן אויף זיך, מיט אָנגעפּאַקטע קעשענעס, מיט קליינע קינדער ביי דער זייט, מיט קינדערלעך אויפן אָרעם, מיט קראַנקע אונטערן אָרעם, מיט קראַנקע אויפן רוקן?

די סאָלדאַטן האָבן געשטופּט, געטריבן, געשלאָגן.

„לויפט! לויפט, שווייניידן!"

האָט מען זיך אָנגעטאָן אַ כוח, געפּרואווט לויפן. באַלד איז איינער געפאַלן, אַ צווייטער, אַ דריטער... אַ פרוי דאָ, אַן אַלטער מאַן דאָרטן... עטלעכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער

ערד מיט קראַנקע אויף זייערע רוקנס... געפאַלן און נישט געקאָנט מער אויפשטיין. נישט געוואָלט מער אויפשטיין. צו וואָס אויפשטיין? זיי האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט אַפילו אונטער די ברוטאַלע בריק מיט די שווערע סאָלדאַטנשטיוול. זאָל שוין דאָ זיין דער סוף. און דער סוף איז געווען.

אַן אונטעראָפיצער האָט אַנגעיאָגט דעם אָפיצער, וואָס האָט געמאַרשירט פאָרויס פאַר זיינע זיגרייכע סאָלדאַטן. וואָס טאָן מיט די ליגן געבליבענע? זיי שטייען נישט אויף. „זאָל מען זיי אויפהייבן און אַריינוואַרפן אין וואָגן?"

„וואָס?!" האָט דער אָפיצער אויפגעשריען. „אומזין! באַלד וועלן זיי זיך אַלע צוליגן, און דו פיר זיי!"

ער האָט געוואוסט בעסער, וואָס צו טאָן מיטן „געזינדל", וואָס איז ליגן געבליבן און וויל נישט אויפשטיין. ער האָט אָנגעקלאַפּט דעם אונטעראָפיצער אויף דעם אויטאָמאַטישן רעוואָלווער. „מאַרש!"

דער אונטעראָפיצער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, איז אַוועק צו די ליגן־געבליבענע, וואָס זיינען שוין קיין מאָל מער נישט אויפגעשטאַנען.

פאַר די, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס, אַ ביסל אָפּרו. דער אָפיצער האָט אָפּגעשטעלט דאָס לויפן, געהייסן שטיין בלייבן. זאָלן די חזירים הערן דאָס קנאַלן פון דעם רעוואָלווער און זען דעם טויט. די יידן האָבן שווער געאָטעמט, געקרעכצט, געוויינט. אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף הינטן, דעם אָפיצער דעם פאַרגעניגן נישט אָנגעטאָן. ער האָט אומגעדולדיק אויסגעקאָמאַנדירט צו רירן זיך פון אָרט.

## 4

מען איז אַרויס פון שטאָט, געגאַנגען אויף אַ שאָסיי, דורך וואַלד און דורך פעלד, ביז מען איז צוגעקומען צו אַ בריקל, וואָס האָט באַדעקט אַ ברייטן טיפן גראָבן, וואָס האָט זיך געצויגן דורך די פעלדער אויף ביידע זייטן פון שאָסיי. דער גראָבן איז איצטער געווען כמעט אינגאַנצן אויסגעטריקנט, וואו נישט

וואו נאָר אַ קליינע בלאָטקע. מען איז שטיין געבליבן. די יידן האָבן באַגריפן. דאָ וועט זיין זייער קבורה. אין דעם גראָבן. אָבער זיי האָבן נאָך נישט אַלץ געוואוסט.

פון וואָגן האָבן סאָלדאַטן אַרויסגענומען עטלעכע גראָב־אייזנס. דאָס האָבן זיי דאָס פריער אַזוי געקלימפּערט. די סאָל־דאַטן האָבן זיי אַרויפגעלייגט זיך אויף די אַקסלען ווי ביקסן. אַריבער דאָס בריקל און אַוועק רעכטס אויפן פעלד אין דער לענג פון דעם גראָבן.

דער אָפיצער האָט אַ וואונק געטאָן צום רב, וואָס איז גע־שטאַנען מיט דער רביצין אינמיטן פון דער טויטמידער זייער פאַרקלענערטער עדה.

„קום אהער, שוויינייד!"

דער רב האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז דאָך נישט מחויב צו פאַרשטיין, אַז דאָס מיינט ער אים.

צוויי סאָלדאַטן זיינען צוגעקומען צום רב, אָנגענומען אים פאַרן קראַגן און צוגעפירט צום אָפיצער. דער אָפיצער האָט אויפגעהויבן די האַנט. ביי די יידן איז שטיין געבליבן דער אָטעם. אָבער דער אָפיצער האָט נאָר שטאַרק אַ צופּ געטאָן דעם רבס באָרד און אַ זאָג געטאָן צו אַ סאָלדאַטן־אָפּטיילונג:

„פירט אים אהין!"

די סאָלדאַטן זיינען אַוועק מיט דעם רב אַריבער דעם בריקל הינטער די סאָלדאַטן מיט די גראָבאייזנס. די רביצין האָט אויפ־געשריען, דער זון, די טעכטער, די שניר האָבן אויפגעשריען, אַ צי געטאָן זיך נאָך אים, געוואָלט זיך צוזעגענען. דער אָפי־צער האָט קאַלטבלוטיק אַרויסגערעדט:

„אַרומזוכן!"

סאָלדאַטן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַרומזוכן די יידן און געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז די יידן טראָגן אויף זיך צופיל קליידער. מיט קלעפּ און זידלווערטער האָט מען זיי אָנגעהויבן אויסצוטאָן. עס איז געווען, ווי די יידן האָבן זיי געוואָלט באַגנבענען. באַלד איז דער גרויסער וואָגן אָנגעוואָרפן געוואָרן מיט די יידישע מלבושים און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס מען האָט געפונען אויף

די יידן. ווען די יידן זיינען שוין געווען האלבנאקעט, האט דער אפיצער געווענדט זיך צום פעלדפעבעל:

„נעם די הינט אויף דער זייט!"

דער פעלדפעבעל האט אויסגעקאמאנדירט. די סאלדאטן האבן אוועקגעפירט די יידן אויף דער זייט פון דעם גראבן, אנטקעגן די סאלדאטן מיטן רב און פונקט אנטקעגן זיי אויך שטיין גע־בליבן. זיי האבן אויסגעשטעלט זייערע געפאנגענע קרבנות הארט ביים גראבן ענג איינעם לעבן אנדערן מיטן געזיכט צום גראבן. זאלן זיי זיך אנקוקן זייער באלדיקן קבר, און זאלן זיי זען, וואס עס וועט געטאן ווערן צו זייער רב.

דער אפיצער איז געשטאנען אויפן בריקל. צוגעקוקט, אז אלץ זאל צוגיין אין ארדענונג און פינקטלעך. ווען אלץ איז געווען אין ארדענונג, איז ער אוועק אהין, וואו דער רב איז געשטאנען. ווען ער איז צוגעקומען, האט ער קאלטבלוטיק פארריכערט א פאפיראס און א זאג געטאן צו א סאלדאט מיט א גראבאייזן:

„מעסט אים אפ! ביז צום האלז בלויז!"

דער סאלדאט האט צוגעשטעלט דעם גראבאייזן צום רב, אראפגענומען זיין מאס ביז צום האלז.

דער אפיצער האט לייכט ארויסגערעדט צו די סאלדאטן מיט די גראבאייזנס:

„איר ווייסט די מאס. גראבט."

אן עלטסטער האט א פרעג געטאן:

„זאל דער ייד נישט אליין?"

דער אפיצער האט אפגעשניטן:

„ניין. וועט נעמען צו לאנג."

די סאלדאטן האבן אנגעהויבן צו גראבן. אבער נישט א קבר, נאר א ברונעך. נישט לאנג, נישט ברייט, נאר טיף. און ווען זיי האבן געגראבן, האט א סאלדאט ארומגעזוכט דעם רב פאר די אויגן פון דעם אפיצער. ארויסגענומען דעם טלית־זאק, אריינגע־קוקט אין אים, ארויסגענומען דעם זהר, דעם סידור.

דער אפיצער האט זיי ביי אים איבערגענומען, אריינגעקוקט, איבערגעגעבן אן אנדער סאלדאט: „צורייסן!"

צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער מצווה. איינער דעם סידור, דער צווייטער דעם זהר. צוערשט אַראָפּגעריסן די טאָוולען, דערנאָך האָבן אָנגעהויבן צו פליען איינצלנע בלעטער... און אַ טיפער קרעכץ פון דעם רבס האַרץ.

דער אַרומזוכנדיקער סאָלדאַט האָט דערווייל אַרויסגענומען פון דעם טלית־זעקל דעם טלית, באַקוקט אים, באַטראַכט די זיל־בערנע עטרה, אַרויסגערעדט „זילבער", אונטערגעטראָגן דעם אָפּי־צער. דער אָפּיצער האָט אַ קוק געטאָן און אַרויסגערעדט: „אַראָפּ־רייסן!" דער סאָלדאַט האָט זיך גענומען פאַר דער עטרה, אַנדערע סאָלדאַטן האָבן אָנגעכאַפּט דעם פאַרנאַנדערגעוויקלטן טלית, גע־צויגן אַהער אַהין, צוריסן אויף קליינע שטיקלעך. דער אָפּיצער האָט איבערגענומען די אָפּגעריסענע עטרה, באַטראַכט זי, אַריינגע־לייגט זי זיך אין קעשענע.

דער סאָלדאַט האָט אים אונטערגעטראָגן די תפילין.

„וואָס איז דאָס?"

„געלעגן אין דעם זעלביקן זאַק."

דער אָפּיצער האָט איבערגענומען די תפילין, אַרומגעקוקט זיי.

דער רב האָט זיך געצאַפּלט, נישט געקאָנט זען די תפילין אין די הענט פון דעם טמא, מורא געהאַט פאַר זייער מיאוסן סוף, אויפגעשטרעקט די ציטערנדיקע הענט און תחנונימדיק גערעדט:

„תפילין... ביים מאָרגנגעבעט... אויפן קאָפּ און אויפן אָרעם..."

סאָלדאַטן האָבן געלאַכט איבער זיין צאַפּלען זיך, דער אָפּיצער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט און געפּרואווט מיט די הענט אויפצורייסן דעם „בית" פון דעם „של יד". ווען עס איז נישט געגאַנגען, האָט ער אים אויפגעשניטן מיט זיין מעסערל, אויפגע־עפנט, אַרויסגענומען אַ צונויפגעוויקלט פּאַרמעטל, אַן אַרומגעוויקלט מיט אַן אַנדער שטיקל פּאַרמעט און פאַרבונדן מיט אַ האָר. ער האָט פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס פּאַרמעטל. דאָס פּאַרמעטל איז גע־ווען באַשריבן מיט אומבאַקאַנטע אותיות.

„וואָס איז דאָס?!"

ער האָט שנעל אויפגעשניטן די פיר אָפּטיילונגען פון דעם

„של ראש״ און געפונען דאָרטן פיר צונויפגעוויקלטע פּאַרמעטלעך, און אַלע באַשריבן מיט די זעלביקע אותיות.

„שפּיאָנערײַ!״ האָט ער אויסגעשריען.

„גאָט זאָל אויסהיטן!״ האָט דער רב אַרויסגערעדט, באַגיסנ־דיק זיך מיט טרערן. „דאָס זײַנען פּסוקים פון דער הייליקער ביבל.״

דער אָפיצער האָט אים נישט געהערט, נישט געוואָלט הערן. ער האָט אַרײַנגעלייגט די פּאַרמעטלעך צו זיך אין קעשענע, די בתים רשעותדיק צוטראָטן מיט די פיס און געהייסן דעם סאָלדאַט בודקן דעם רבס קעשענעס. דער סאָלדאַט האָט געפונען אַ ביסל געלט, אַ זילבערנע טאַבאַקפּושקע, אַ זילבערן זייגערל מיט אַ קייט. אָבער דער רב האָט קוים געפילט דאָס אַרומטאַפּן. ער האָט נאָר געקוקט אויף דעם אָפיצערס קעשענע, אין וועלכער עס זײַנען געלעגן פאַר־שעמט די כשרע פּאַרמעטלעך, אויף די בתים, וואָס זײַנען געלעגן נישט ווייט פון אים, אויסגעלײַדיקטע פון זייער קדושה, צוטראָטע־נע, פאַרוואָונדעטע ווי לעבעדיקע וועזנס. טרערן האָבן זיך אים געגאָסן. ער האָט אַ הייב געטאָן די אויגן צום הימל. קוק און זע, גאָט! און שווערער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, שאָקלענדיק אים קוים באַמערקבאַר.

דער פריערדיקער מאָסנעמער איז צוגעקומען צום רב, צוגע־שטעלט צו אים דעם גראָבאײַזן פון הינטן, אָפּגעמאָסטן ביזן נאַקן, אומגעקערט זיך צוריק צו דער גרוב, אַראָפּגעלאָזן אַהין דעם גראָב־אײַזן, אויסגעמאָסטן און אַרויסגערעדט צום אָפיצער: „פּאַרטיק!״ צוויי סאָלדאַטן זײַנען אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון דער אויסגעגראָ־בענער גרוב.

דער אָפיצער האָט אַ וואונק געטאָן צו צוויי סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאַלטן שטריקלעך אין די הענט. איינער האָט פאַרבונדן דעם רב די הענט, דער צווייטער די פיס. אוועקגעשטעלט זיך רעכטס און לינקס פון רב, גענומען זיך פאַר די הענט, אַ רעכטע האַנט אַ לינקע האַנט, איין פּאָר הענט אַרונטערגעלאָזט צום רבס קני און אויפגעהויבן זײַנע בײדע פיס. דער רב איז געפאַלן מיט זײַן ברוסט אויף דער אַנדער פּאָר הענט, געבליבן אויסגעצויגן אויף בײדע פּאָר הענט. דער שטרײַמל איז אַראָפּגעפאַלן פון זײַן קאָפּ.

ער האָט עס נישט באַמערקט פאַר איבעררעאשונג, נישט געוואוסט גאָר, וואָס עס קומט מיט אים פאָר. אַ סאָלדאַט האָט אויפגעהויבן דעם שטריימל, איבערגעגעבן דעם אָפיצער.

„אַ גוט שטיקל פעלץ."

דער אָפיצער האָט אַרומגעדרייט דעם שטריימל אין זיינע הענט מיט אַן אויסדרוק פון עקל און מיאוס און געטראַכט, אַז עפּעס וועט מען פון אים קאָנען מאַכן.

די צוויי סאָלדאַטן האָבן דערווײַלע צוגעטראָגן דעם רב צו דער גרוב.

פון די יידן אויף דער אַנדער זייט גראָבן האָט אויסגע'מורא'ט אַ געשריי, אַ געקרעכץ, אַ געיאָמער. „זיי באַגראָבן אים לעבעדי־קערהייט!... זיי באַגראָבן אים לעבעדיקערהייט!" הענטברעכעניש, האָררייסעניש, אַ פאַרלאַנג אַריבערצושפּרינגען דעם טיפן ברייטן גראָבן און אַן אָפּהאַלטנדיקער שרעק, און אַ נאָך שטאַרקער אויפ־שטייגנדיקער געיאָמער. איבער אַלעמען דער געשריי פון דער רבי־צין: „זאָלן זיי מיך אויך! זאָלן זיי מיך אויך!"

זי האָט זיך אַ בויג געטאָן צום גראָבן, ווי זי וואָלט אים גע־וואָלט אַריבערלויפן, און גלייך אויסגעקערט זיך, געוואָלט זיך לאָזן לויפן. דער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען הינטער איר, האָט זי אָפּגעשטעלט, און זי האָט געשריען צו אים: „זאָלן זיי מיך אויך! זאָלן זיי מיך אויך!" ער האָט זי מיט געוואַלט איבערגעדרייט מיטן פּנים צום גראָבן.

און עס איז געשען, אַז ביי אַ סך האָבן זיך די פיס אונטער־געבויגן אין חלשות, און זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין גראָבן. צווישן זיי זיינען געווען דעם רבס ביידע טעכטער. סאָלדאַטן זיינען צו־געטראָטן צום ברעג פון גראָבן, אַ קוק געטאָן אויף די אַראָפּגעפאַ־לענע. איינער האָט אַ זאָג געטאָן: „פאַרשפּאָרט קוילן." אַ צווייטער האָט דערווידערט: „מי וועט דאַרפן אַכטונג געבן." די סאָלדאַטן זיינען אָפּגעטראָטן אויף צוריק. די איבערגעבליבענע יידן זיינען ווידער צונויפגערוקט געוואָרן.

אויף יענער זייט גראָבן האָבן דערווײַלע די ביידע סאָלדאַטן אַראָפּגעלאָזן דעם רב אין גרוב אַריין. ער איז געבליבן שטיין אויף

זיינע פיס, דער קאָפּ איבערן ברעג פון גרוב. וואָס קאָן עס זיין? וואָס פאַר אַ טויט האָבן זיי אויסגעטראַכט פאַר אים. די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אַריינצושיטן ערד, פאַרשיטן די גרוב. דאָס איז דער סוף! זיין סוף. השם יתברך האָט אויסגעקליבן פאַר אים אַזאַ מין טויט. ווידוי! ווידוי אויף גיך!... ווען אַלע זיינע, אַט אַלע די פון יענער זייט, וואָלטן געשטאַנען אַרום דער גרוב, וואָלט ער מיט זיי געזאָגט ווידוי... אָבער זיי קאָנען אים הערן... זיי וועלן אים הערן... ער האָט אויפגעשריען, ציענדיק די אותיות, מיט פעסטער פרומער שטים:

„שמע ישראל!"

זיי האָבן אים דערהערט. אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען דורך זיי, די הערצער זיינען ווי שטיין געבליבן, און זייערע ליפּן האָבן זיך באַוועגט: זיי האָבן אים נאָכגעזאָגט. ער האָט ווייטער געשריען:

„יהוה אלהינו יהוה אחד!"

די פאַרשיטער האָבן זיך אויך דערשראָקן פון זיין געשריי, אויף אַ מאָמענט שטיין געבליבן אין דעם פאַרשיטן. אַ פאַרשיטער לינקס פון רב איז באַלד געקומען צו זיך פון דער רגע שרעק און אַ שאָט געטאָן דעם רב אין פּנים אַ פולן גראָבאייזן מיט ערד. טאַקע ווען דער רב האָט געענדיקט „אחד". דער שאָט איז נישט געווען קיין גאַנץ געלונגענער. די ערד האָט געטראָפן דעם רב אין זיין לינקער באַק און אין אויער, נאָר אַ ביסל איז אויך אַריינגעקומען אין מויל. דער רב האָט ניט געקאָנט מער שרייען. ער האָט געמוזט אַרויסשפּייען די ערד, אַפילו פאַרהוסט זיך. די סאָלדאַטן האָבן געלאַכט, די פאַרשיטער זיינען אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט.

די יידן פון אַנטקעגן האָבן נישט געקאָנט זען דעם רב. די סאָלדאַטן אַרום אים האָבן אים אינגאַנצן פאַרשטעלט. זיין „שמע ישראל" איז פאַר זיי געווען זיין לעצטער אויפגעשריי. זיין הוסט איז נישט דערגאַנגען צו זיי איבער דעם געלעכטער פון די סאָלדאַטן. וואָס איז זייער געלעכטער? די יידן האָבן זיך צוזאַמענט מיט דעם געוויין פון איבער אַ טויטן.

דער רב אָבער האָט געהוסט און געשפּייט און געזאָגט ווידוי.

מיט געבראָכענעם האַרץ, פאַרשעמטערהייט. זאָגן ווידוי און הוסטן און שפּייען!... „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד. יי מלך יי מלך יי ימלוך לעולם ועד. יי מלך יי מלך יי ימלוך לעולם ועד..." ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, פאַרטיפט זיך אין דעם ווידוי, כמעט נישט געהערט, ווי די ערד איז אָנגעשטיגן און אַרומגענומען זיין קערפּער. ער האָט גדאַרפט נאָר וואָס גיכער פאַרענדיקן זיין ערדישן געשפּרעך מיט גאָט. אָט האָט די ערד שוין דערגרייכט צו זיין האַלז, באַלד וועט זי אים ווערן איבערן קאָפּ. אַ באַרג ווילן זיי אויפשיטן אויף אים, און אויס, ער וועט נישט קאָנען באַוועגן די ליפּן... יי הוא האלהים, יי הוא האלהים...

די סאָלדאַטן אַרום אים האָבן אויסגעבראָכן אין דעם לוסטיקסטן געלעכטער. געלאַכט און געשפּרונגען, פאַר התפּעלות געפּאַטשט זיך מיט די הענט פאָרנט אויף די אויבערשענקלען. די יידן אַנטקעגן האָבן איינגעהאַלטן זייער געוויין, געחידושט זיך. וואָס אַזוינס איז דאָרט געשען? אָבער דער רב האָט נישט אויפגעעפנט די אויגן, געטריבן פון זיך דעם טרייפן געלעכטער, געטיפט זיך אין זיין ווידוי. ביסלעכווייז איז עס געקומען צו אים, אַז די ערדשיטעניש האָט אויפגעהערט און זיין קאָפּ איז פריי, נישט פאַרשאָטן, פילט נאָך אויף זיך די זון און דאָס קליינע ווינטל. ער האָט אויפגעהערט דעם ווידוי, צוגעהערט זיך און געהערט, אַז די סאָלדאַטן גייען אַוועק. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן. ער לעבט! ער זעט זיין עולם אויף יענער זייט גראָבן! די סאָלדאַטן וואָס האָבן זיי פאַרשטעלט פון אים, זיינען נישטאָ. ער הערט זייערע אַוועקגייענדיקע טריט, אָבער מאַכט נישט דעם קלענסטן פאַרזוך נאָכצוקוקן זיי. ער קוקט נאָר אויף זיין עולם.

ער זעט זיין ווייב — זי רייסט אויף זיך די האָר און שאָקלט זיך, וואַרפט זיך אין פאַרצווייפלונג. ער זעט זיין זון — ער שאָקלט זיך אויך און ברעכט די הענט. ער זעט נאָר נישט זיינע טעכטער. וואו זיינען זיי אַהינגעקומען?

און מאָדנע: אַלע זיינען זיי דאָרטן אַזוי העכער פון אים, און דער הימל איז ווי אָפּגערוקטער, און ער איז אַזוי נידעריק ווי דאָס גראָז אין פעלד... ער האָט באַגריפן, וואָס זיי האָבן געטאָן

מיט אים. זיי האָבן באַגראָבן זיין גאַנצן קערפּער ביזן קאָפּ, דעם קאָפּ געלאָזן דרויסן... איז וואָס וועט עס זיין? ווי וועט ער שטאַרבן? ווען?

— — —

דער שרייבער האָט אָוועקגעלייגט די פּען, איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אויפגערופן זיין פריינט דעם דאָקטאָר:

„אירט היינט געליענט צייטונגען?"

„געלייענט. וואָס איז?"

„געלייענט דאָרטן די נייס וועגן אַ רב, וואָס די נאַציס האָבן איינגעמויערט..."

„אָ, יאָ! וואָס פאַר אַ שרעקלעכע אוממענטשן!"

„ווי לאַנג קאָן ער לעבן?"

„דער רב? מיטן קאָפּ דרויסן? אויב זיי האָבן אים נישט פאַר־צעמענטירט, איז ביז ער וועט שטאַרבן אַ נאַטירלעכן טויט."

„וואָס הייסט אין דעם פאַל „אַ נאַטירלעכער טויט?"

„הונגער, דורשט, לונגענאַנטצינדונג, אויסגיין פון כוחות."

„קאָן ער אַזוי אָפּלעבן עטלעכע טעג?"

„באַשטימט!"

„אַ דאַנק!"

דער שרייבער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, אומגעקערט זיך צום שרייבטיש.

5

אַ שרעקלעכער „אי!" האָט אויפגעטרייסלט די לופט. די יידן האָבן דערזען דעם קאָפּ — דעם מאַסיוון לייבנקאָפּ איבער דער פאַרשאָטענער גרוב און די גרויסע ווייסע באָרד צושפּרייט איבער דער ערד. וויי, זיי האָבן אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ! דעם גאַנצן גוף מקבר געווען, דעם קאָפּ געלאָזן! דער קאָפּ שטייט אויף דער ערד איבערן קבר! נישט געקומען צו דער קבורה!...

זיי האָבן אויפגעהויבן אַ מוראַדיקן געשריי, אַז זיי האָבן פאַר־הערט דעם אָפּיצערס קאָמאַנדע. אַ זאַלפּ און נאָך אַ זאַלפּ. עט־

לעכע קוילן האָבן פאַרפעלט זייער ציל און האָבן זיך דורכגעטראָגן ווייט איבער דעם גראָבן, נישט צו הויך איבער דעם רבס קאָפּ. אָבער די אַנדערע האָבן נישט פאַרפעלט זייער ציל, און איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען די יידן אַראָפּגעפאַלן אין גראָבן אַריין. זייער געשריי האָט אָפּגעהאַקט. עס איז געוואָרן שטיל. די סאָל־דאַטן זיינען צוגעגאַנגען צום ברעג, אַראָפּגעקוקט. עס איז נאָך געווען לעבן דאָרטן אונטן. נאָך עטלעכע שאָסן, און אַלץ איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

דער רב האָט זיך צוואוינט. זיינע ליפּן האָבן געציטערט, קוים באַוועגט זיך: „יתגדל ויתקדש שמיה רבא...״ ער האָט גע־זאָגט קדיש נאָך די אַלע אומגעקומענע, נאָך די אייגענע און נאָך די פרעמדע, און פאַרגאַנגען זיך אין געוויין, גאַנץ היסטעריש.

אַנטקעגן זיינען געשטאַנען די סאָלדאַטן, געקוקט אויפן קאָפּ, דורכגערעדט זיך, געמאַכט וויצן און געלאַכט, געלאַכט. איינער האָט אָנגעשטעלט זיין ביקס, געצילט זיך, געוואָלט באַווייזן, וואָס פאַר אַ גוטער שיסער ער איז. די שטאַרקע האַנט און די שאַרפע צונג פון אַן עלטסטן האָבן אים אָפּגעשטעלט. ווער האָט עס אים געהייסן?! גאַרנישט זאָל געטאָן ווערן, וואָס זאָל דעם שוויינ־ייד אָפּהאַקן דאָס לעבן! ווען מען וואָלט דאָס געוואָלט, וואָלט מען אים דאָך נישט אַזוי באַגראָבן, וואָלט מען אים דאָך מיט אַלע איבעריקע...

אויך דער אָפיצער איז צוגעקומען נאָנט צום גראָבן, אַ קוק געטאָן אויף זיין אַרבעט. אונטן די הרוגים, אַנטקעגן דער לעבע־דיקער קאָפּ. זי איז אים געפעלן געוואָרן, זיין אַרבעט. ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, אַזוי הנאהדיק פאַרצויגן דעם רויך, אַרי־בערגעבלאָזן אים צום קאָפּ, אומגעדרייט זיך צו די סאָלדאַטן און אויסגעקאָמאַנדירט מיט אַ טאָן פון גרויסן נצחון. די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין ריי און גליד. מאַרש! זיי זיינען אוועקגעגאַנגען. דער רב האָט עס קוים באַמערקט אין זיין געוויין.

ווען די טרערן האָבן זיך ביי אים אויסגענומען, האָט ער נאָך שווער אויסגעאָטעמט פון זיך:

„אלץ איז פון דיין האנט... דו ווייסט מסתמא, וואָס דו טוסט...״

ער האָט א הייב געטאָן די אויגן צום הימל. און פּלוצלונג א ווענד געטאָן זיי ארויף צו זיין שטערן. ערשט איצטער האָט ער באַמערקט, אז ער האָט זיין שטריימל נישט. א ציטער איז דורכגעגאַנגען דורך אים. בגילוי ראש! זיינע געבונדענע פארשאַטענע הענט האָבן דערפילט דעם באַפעל, אז זיי זאָלן זיך תיכף אויפהייבן און א טאַפּ טאָן, צו האָט ער נאָך די יאַרמולקע, און אויב נישט, זאָלן זיי בלייבן אויפן קאָפּ, ווי א צודעק. אָבער די הענט האָבן נישט געקאָנט פאָלגן. ווייַ, ער האָט געזאָגט ווידוי, געזאָגט קדיש, ארויסגערעדט גאָטס הייליקן נאָמען און אלץ בגילוי ראש. ער האָט אָנגעהויבן צו מאכן באַוועגונגען מיט דער הויט פון שטערן, צוגעהערט זיך צום ווינט־בלאָז אויף זיין קאָפּ, דערפילט די יאַרמולקע. געלויבט איז השם יתברך! זיין שרעק איז פארשוואונדן.

ער וועט איצטער דערזאָגן דעם ווידוי. וועט זאָגן תהילים פאַר די נשמות פון די הרוגים, די קדושים... פאַר יעדן איינעם און פאַר יעדער איינער... וועט דאַווענען מנחה... כל זמן דער פאָטער אין הימל נעמט אים נישט אַוועק, וועט ער אויסנוצן יעדע מינוט, יעדע רגע אויף צו לויבן און דאַנקען אים, אויף צו לערנען זיין הייליקע תורה... דאָס וויל ער דאָך מסתמא פון אים... און ווען גאָט זאָל וועלן, שיקט ער אָן א גוטן ווינט, און דער ווינט טראָגט אים אונטער פאַר זיינע אויגן די הייליקע שמות פון דעם זוהר הקדוש, וואָס וואַלגערן זיך דאָ ארום... אָבער ער קען א סך אויף אויסווייניק... נגלה און נסתר אויף אויסווייניק... און ער וועט לערנען אויפן קול... מיט דעם ניגון, ווי ער וואָלט געשטאַנען ביי זיך אין בית־מדרש איבער זיין סטענדער.

שנעל דורכגעפילט עס. אין שנעלע אויגנבליקן. יאָ, ער הייבט אָן. צוערשט וועט ער אָפּדאַווענען מנחה, די זון זעצט זיך שוין. די הענט האָבן דערפילט, אז זיי דאַרפן געוואַשן ווערן. ער האָט אָפּגעקרעכצט. דאָס וועט שוין גאָט מוזן מוחל זיין. ער האָט אָנגעהויבן „אשרי״....

— — —

דער שרייבער האָט ווידער אויפגערופן זיין פריינט דעם דאָקטאָר.

„איר ווייסט, ער לעבט נאָך, און היינט איז שוין דער דריטער טאָג."

„ווער לעבט נאָך? וואָס דער דריטער טאָג?"

„אירט שוין פארגעסן?"

„וואָס האָב איך פארגעסן?"

„ווי שנעל מי פארגעסט! איבערגעלייענט און פארגעסן. דורכגערעדט זיך און פארגעסן. אריבערגעשפרייזט איבערן קאָפּ..."

„אָ, איר מיינט דעם רב!... דעם איינגעגראָבענעם... פונוואנען ווייסט איר, אז ער לעבט נאָך?"

„איך ווייס עס!..."

„עס קאָן זיין."

„נישט עס קאָן זיין, נאָר באשטימט."

„אויב..."

„אָן אויבס! ער לעבט!"

— — —

די נאָצים האָבן נישט געוואָלט פאר דעם רב קיין שנעלן טויט, דער שרייבער האָט בכלל נישט געוואָלט, אז דער רב זאָל שטאַרבן. ער האָט געזען אַלץ אַזוי קלאָר, אַלע איינצלהייטן פון דער טראַגעדיע, אָבער ער האָט נישט געזען דעם רבס טויט. ווי לייכט וואָלט געווען צוצוטראַכטן אַ טויט, אַ נאַטירלעכן אָדער אַן אומנאַטירלעכן. אָבער ער קאָן עס נישט. דער רב לעבט!

ניסים זיינען געשען און קאָנען געשען. עס האָבן זיך געפונען גוטע מענטשן, דווקא פשוטע פויערים, אַרבעטער אויפן פעלד. אָדער אַפילו דער עלטסטער, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די האַנט ביי דעם סאָלדאַט, וואָס האָט זיך געצילט אין דעם קאָפּ פון דעם רב. זיי דערוועגן זיך נאָך נישט אויסצוגראָבן אים, אָבער שטעלן איין און טיילן מיט אים זייער ברויט און זאַלץ און וואַסער. דער רב דאַרף נישט פיל. ער איז געוויינט צו תעניתים. זיי וועלן אים נאָך אויסגראָבן, איינמאָל אין אַ פינס־

טערער נאכט, ווען זיי וועלן וויסן געניי, ווי צו באהאלטן אים, ווי צו ראטעווען אים.

ער לעבט! דער רב לעבט נאך! און ער לערנט און ער דאוונט...

און איינמאל, ווען ער האט אפגעזאגט דעם „אני מאמין", האט ער אויפגעהייבן די אויגן צום הימל און פרום־פרייליך ארויסגערעדט:

„בורא עולם, גאטוניו, איז נישט דיין פאלק ישראל געגליכן צו מיר? ביזן האלז אין דרערד, און גלויבט דאך אין דער גאולה!"

.1942

# איטשע כאַפּון

דערציילט פון אַ פּשוטן ייד.

. . . אַנטקעגן דעם, וואָס מע זאָגט „גוטע אַלטע צייטן". איז עס דען אמת ? זיינען די אַלטע צייטן טאַקע אַזוי גוט געווען? אפשר זיינען די „גוטע אַלטע צייטן" נאָר דערמיט גוט, וואָס זיי זיינען אַוועק, וואָס זיי זיינען שוין נישטאָ. דער אמת איז, אַז מע קרעכצט נאָך די אַלטע צייטן און מע רופט זיי גוט, ווייל דער היינט איז אַזוי שלעכט. דאָס איז אַזוי אין יעדער צייט און אין יעדן דור. יעדן דור דוכט זיך אויס, אַז פריער איז געווען בעסער, ווייל אים איז שלעכט. אין אָנהייב פון אַלע דורות שטייט דער גן־עדן. מיט דעם ערשטן מענטשן־דור הייבן זיך שוין אָן צרות. וואָלט עס דאָך געהייסן, אַז אַלע צייטן זיינען שלעכט. וועל איך אייך זאָגן : ניין. אַלע צייטן זיינען גוט און אַלע צייטן זיינען שלעכט. ווי פאַר וועמען. עס איז נאָר אַ טעות אין פּשט. גוטע צייטן, נאָך מיר נאָך, מיינט נישט דווקא, אַז מענטשן איז גוט געווען, אַלע מענטשן. נאָר אַז מענטשן זיינען גוט געווען, און נישט דווקא אַלע מענטשן. איין גוטער מענטש, צוויי גוטע מענטשן קאָנען פאַרשיינען אַ דור, און מען זאָל דערנאָך ריידן דורות־לאַנג פון גוטע אַלטע צייטן. זיי הייבן זיך אַרויס מיט זייער גוטסקייט, באַליכטן זייער צייט, און זי, זייער צייט, ווערט דערנאָך געזען אין זייער ליכט און גלאַנץ.

איר הערט, וואָס איך זאָג אייך : „גוטע צייטן" מיינט נישט גוטע אומשטענדן נאָר גוטע מענטשן. וואָס מער גוטע מענטשן, אַלץ בעסער די צייטן, און ווען גוטסקייט זאָל אָנפילן די ערד, הערן אויף אַלע צרות, גלויבט מיר !

איך ווייס נאַר, אַז ווען איך זאָג „גוטע אַלטע צייטן", טראַכט איך פון מיין שטאָט און פון דער צייט, ווען אין איר האָט געלעבט איטשע כאַפּון. אָט איז פאַר אייך אַ טעמע! איר קאָנט פון אים מאַכן די שענסטע דראַמע. ווען איך וואָלט געווען אַ שרייבער, וואָלט איך אויף אים אָנגעשריבן אַ גרויס בוך. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך פיל, אַז מען דאַרף גאָר האָבן פאַר אים אַן אַנדער לשון. וועגן אים האָט מען גאָר געדאַרפט ריידן אין גראַמען. באַזינגען האָט מען אים געדאַרפט!

איר זייט שוין מסתמא מיד פון מיין לאַנגער הקדמה. אָבער איך ווייס עפּעס נישט, ווי מע הייבט אָן צו דערציילן וועגן אים. איר פאַרשטייט, אין דעם מאָמענט זע איך פאַר זיך דעם גאַנצן מענטש, לעב אים איבער מיט מיין גאַנצער התפּעלות און וואָלט געוואָלט אוועקשטעלן אים פאַר אייך מיטאַמאָל: אָט קוקט אים אָן און ווערט אויך נתפּעל. איך וואָלט געוואָלט, אַז אין אָנהייב זאָלט איר שוין וויסן אַלץ... איז ווי מאַכט מען עס? קאָן איך עס טאַקע נישט.

איז הערט־זשע כסדר און באַריכות.

## איטשע און זיין טאַטע.

נעהייסן האָט ער, ווי איר ווייסט שוין, איטשע כאַפּון — אַ מיאוסער נאָמען, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף אַ העסלעכער באַשעפטיקונג. איטשע האָט אים אָפּגעקראָגן פון זיין טאַטן, וואָס איז געווען אַ כאַפּער — איינער, וואָס פלעגט כאַפּן יידישע קינדער און אוועקגעבן זיי אין קאַנטאָניסטן (אַ וואָרט, וואָס באַדייט: „קליינע קינדער, וואָס ווערן דערצויגן צום סאָלדאַטנדינסט"). מסתמא ווייסט איר עס. ניקאָלאַי דער ערשטער האָט אין יאָר 1827 אַרויפגעלייגט אויף די רוסישע יידן די פליכט פון מיליטער־דינסט, צו וועלכן מען האָט שוין גענומען צוועלף־יעריקע ייִנגלעך. דאָס ברוטאַלע געזעץ האָט אָבער פאַרגעשריבן, אַז פאַר נישט־באַצאָלטע שטייערן זאָלן די יידישע קהילות באַצאָלן מיט נאָך ייִנגערע ייִנגלעך. האָט עס געבראַכט דערצו, אַז מען האָט ביי יידן

צוגענומען ייִנגלעך אין עלטער פון אכט און פון זיבן יאָר און אַפילו בני יחידים, און עס האָבן זיך באַוויזן פּראָפעסיאָנעלע כאַ־פּערס — יידן, וואָס האָבן געמאַכט פאַר זייער פּרנסה צו יאָגן זיך נאָך יידישע קינדער, אַרויסכאַפּן זיי ביי דער נאַכט פון די בעטן און אָוועקגעבן זיי אין קאַנטאָניסטן, צו פאַרטריבן ווערן טיף אין רוסלאַנד טויזנטער וויאָרסט פון זייער היים.

אַזאַ כאַפּער איז געווען איטשעס טאַטע אַבע כאַפּון. איטשע איז געווען זיין העלפער און האָט געטיילט מיט אים דעם צו־נאָמען.

איטשע איז געוואָרן קוים בר מצווה, ווען דער טאַטע האָט אָנגעהויבן צו נעמען אים מיט זיך אויף „געיעג״. אַבע כאַפּון האָט דאָס געטאָן אַלעמען אויף צו להכעיס. דער מלמד האָט אַרויסגעוואָרפן איטשען פון חדר, ווי נאָר עס איז באַקאַנט גע־וואָרן, אַז אַבע איז אַ כאַפּער; דער ישיבה בחור, וואָס האָט אים געלערנט לייענען און שרייבן פאַר אַ טאָג, וואָס ער האָט געגעסן ביי אַבען, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם טאָג און פון דעם תלמיד; דער שמיד, צו וועלכן אַבע האָט געוואָלט אָוועק־געבן איטשען אין דער לערע, האָט שיר ניט צעשפּאָלטןביידן די קעפּ.

„אויב אַזוי״, האָט אַבע געזאָגט, „ווילט איר האָבן נאָך אַ כאַפּון, וועט איר האָבן נאָך אַ כאַפּון,״ און האָט אָנגעהויבן מיטצונעמען איטשען אויף זיין כאַפּ־אַרבעט.

איטשע איז געווען הויך־געוואַקסן און זייער קרעפּטיק — אַבע האָט זיך קיין בעסערן שותף נישט געקאָנט ווינטשן. אָבער איטשע האָט געהאַט אַ ווייך און ערלעך האַרץ, און דאָס האָט אַבע נישט געקאָנט פאַרטראָגן. קיינער האָט נישט גע־וואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן טאַטן און זון היינ־טער צוגעמאַכטע טיר און פענצטער, און מען האָט געשאָלטן דעם זון מיט די זעלביקע ביטערע קללות, מיט וועלכע מען האָט געשאָלטן דעם טאַטן. אָבער ביי יעדער געיעג, צו וועלכער אַבע האָט אים גענומען, פלעגט פאָרקומען אַ קאַמף צווישן די ביידע. דער זון האָט נישט געוואָלט גיין, און דער טאַטע האָט

אים געצוואונגען. צוערשט מיט קרעפּטיקע פּעטש אויף ביידע באַקן, דערנאָך מיט אַ ווילד־כעסדיקן פאַרשפּרעך, אַז ער וועט אים צושפּאַלטן דעם קאָפּ און איבערברעכן אַלע ביינער, און דערביי געשריען: „ער וועט מיר זאָגן, וואָס מע מאָג און וואָס מע טאָר נישט! אַ בעל רחמים וועט ער מיר זיין!..."

ווען איטשע איז געוועזן אין זיין אַכצנטן יאָר, איז ער שוין געוועזן מיט צוויי קעפּ העכער פאַר זיין טאַטן, וועלכער איז אויך נישט געווען קיין קליינינקער, אַ בחור מיט ברייטע פּלייצעס און אייזערנע הענט. און ווען ער האָט געגנוי אָפּגע־שאַצט דעם כּוח, וואָס איז געלעגן אין זיינע ביידע קולאַקעס, האָט ער איינמאָל אין דער גערעג־צייט אַ זאָג געטאָן דעם טאַטן: „אויב דו וועסט נאָך גיין כאַפּן קינדער, וועסטו ביי מיר גיין אָן הענט און אָן פּיס!"

אבע כאַפּון האָט אויפגעריסן מויל און אויערן, אָנגעהויבן שווער צו סאָפּען און אַ וואָרף געטאָן זיך אויף זיין זון. איטשע האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, אָנגעהויבן זיי צו דריקן און געקוקט דעם טאַטן אין די אויגן מיט אַ שאַרפן קוק, נישט אַרויסגעבנדיק פון זיך קיין טאָן און צונויפּבייסנדיק די צויי־נער. אבע האָט זיך געדרייט און געקרימט און געשריען: „לאָז אָפּ!" און געשאָלטן מיט ביטערע קללות און געקרעכצט מיט ווילדער בייזקייט, געוואָרפן זיך מיט די ציינער צו איטשעס הענט, געוואָלט דערלאַנגען אים מיט די פּיס. אָבער איטשע האָט נישט אָפּגעלאָזן די הענט און אַזוי אַ טראַט געטאָן צו־ערשט אויף איין פוס דעם טאַטנס דערנאָך אויפן צווייטן, אַז אבע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מיט אַ קרעכץ אויף די קני, טויט־בלייך, מיט טרערן אויף די אויגן. דעמאָלט האָט איטשע אים אָפּגעלאָזן און אַרויסגעברומט: „דו וועסט נישט מער כאַפּן!"

אבע איז געבליבן שטיין אויף די קני מער טויט ווי לע־בעדיק און ווי צומישט געקוקט אויף זיינע ביידע הענט. ער האָט נישט געקאָנט באַוועגן מיט קיין פינגער, און אַ ריזיקער ווייטיק האָט אויסגעפילט ביידע הענט און צעשפּרייט זיך איבער די אָרעמס און פאַרקוועטשט דאָס האַרץ, אַז אַט־אַט וועט ער פאַלן

אין חלשות. ער האָט נעקרעכצט, איינגעביסן זיך אין זיין אַרבל פאַר ווייטיק, און ווען ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן, האָט ער אויסגעפונען, אַז ער קאָן נישט שטיין אויף די פיס. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און געקרימט און געווינדט זיך אין גרויסע יסורים.

איטשע האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. ער איז נאָר אַוועק אויפצוזוכן די מאַמען, וועלכע איז געווען ערגעץ ביי אַ שכנה. ווען ער האָט זי געפונען, האָט ער איר געזאָגט:

„גיי, העלף אים. ער ליגט דאָרטן ביי מיר. ער וועט שוין מער נישט כאַפּן".

איטשע האָט געהאַלטן וואָרט: אַבע איז געוואָרן אַ קאַליקע און אוים כאַפּער. די שטאָט האָט געדעשט פאַר התפעלות איי־בער איטשען. „אי אַ כאַפּון!" עס איז געווען דאַנקבאַרקייט אין דעם אויסרוף, אָבער אויך אָפּשיילעכקייט און ווידערווילן, ווייל אַ זון האָט עס געטאָן זיין טאַטן, און נאָר טאַקע אַ „כאַפּון" האָט געקאָנט טאָן אַזאַ זאַך. וואו איטשע האָט זיך באַוויזן, האָט מען באַוואונדערט דעם כוח פון זיינע הענט און דעם כוח פון זיינע פיס, געבענטשט זיי פאַר דאָס, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, אָבער אויך געשאָלטן זיי, אַז זיי מאָגן אָפּנעמען און אָפּגעדאַרט ווערן, ווייל דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן, טוט נישט אַ זון זיין אייגענעם טאַטן.

„אַ כאַפּון! וואָס קאָן מען דערוואַרטן?"

אַבע איז אינגיכן געשטאָרבן אונטער שרעקלעכע ווייטיקן פון אַ ראַק אין האַלדז. זיינע געשרייען פלעגן אָנפילן די גאַנ־צע גאַס, אָבער זיי זיינען געווען פאַר איר די אָנגענעמסטע מוזיק. מען האָט זיך געפרייט, וואָס ער ליידט אַזוי. איז ער שטיל געוואָרן אויף אַ ווייל, האָט מען אים נישט פאַרגונען, וואָס די ווייטיקן האָבן אָפּגעלאָזן, און מען האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, ווען ער וועט ווידער אָנהייבן צו שרייען, און שטענדיק איז געווען עולם אונטער זיינע פענצטער. נאָר זיין פרוי האָט זיך געבראָכן די הענט און געיאָמערט און מיטגעליטן, אָבער זיין זון האָט זיך נישט אויסגעמאַכט: דעם טאַטנס

יסורים־געשרייען האָבן אים אַפילו נישט געשטערט אין זיין שלאָף.

ווען אַבע איז ענדלעך געשטאָרבן, איז איטשע נישט גע־גאַנגען אויפן בית עולם און אויך שפּעטער נישט געזאָגט קיין קדיש. די מאַמע איז געלאָפן צום רב, דער רב האָט געשיקט רופן איטשען און אַריינגעטענהט מיט אים, אַז עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער טאַטע איז געווען, ווייל אַפילו נאָך דעם גרעסטן רשע דאַרף מען זאָגן קדיש. איטשע האָט אויסגעהערט דעם רב, גאָרנישט געענטפערט און קיין קדיש נישט געזאָגט. אויף דער מאַמעס יללות און קללות האָט ער געענטפערט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז נאָך איר וועט ער יאָ זאָגן קדיש.

די שטאָט האָט זיך ווידער געפרייט, נקמה גענומען אָן דעם, וואָס האָט איר פאַרשאַפט אַזויפיל צער און טרערן, און דאָך געפילט די עברה, וואָס דער זון איז באַגאַנגען, און ווידער גע־חזרט:

„אַ כאַפּון! וואָס קאָן מען דערוואַרטן?”

ער איז געבליבן איטשע כאַפּון. מע האָט זיך פאַרהאַלטן צו אים, ווי ביי זיין טאַטנס לעבן. מע האָט אים אויסגעמיטן ווי אַ שרץ, ווי אַן אומריינקייט. און אויך מיט אַ געוויסער מורא: מאַלע וואָס עס קען אָפּטאָן אַזאַ איינער, וואָס האָט צעבראָכן הענט און פיס זיין אייגענעם טאַטן!

איטשע האָט דעמאָלט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען די שטע־לע פון אַ שומר — אַ באַשעפטיקונג, וועלכע האָט אים געהאַלטן אויף די פיס ביינאַכט און אין בעט בייטאָג און שטענדיק אין איינזאַמקייט. אין שול פלעגט מען אים זען נאָר שבת און יום טוב; אין די וואָכנטעג האָט ער געדאַוונט אין דער היים. אָבער אין שול פלעגט ער זיך אַריינשאַרן, מע זאָל אים נישט באַ־מערקן, פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל ביי דער טיר, מע זאָל נישט קומען מיט אים אין באַרירונג. און די גאַס פלעגט ער בייטאָג דורכגיין, ווי איינער, וואָס שעמט זיך אויפהייבן זיינע אויגן.

אין זיין איינזאַמקייט און אָפּגעזונדערטקייט, אין דעם גע־פיל פון אַ לא יבוא בקהל, האָט ער געלעבט מיט די דערינע־

רונגען פון זיין נישט ווייטן אמאל, איבערגעלעבט און איבער־געלעבט דעם געיאמער, וועלכן ער האט זיך אנגעהערט, און דעם שרעק, וועלכן ער האט זיך אנגעזען, אלדי יסורים און דעם טרויער, וואס ער האט אריינגעבראכט אין יידישע הייזער, ביז איינמאל אין א זומער אין א העלער שיינער לבנה־נאכט, האט ער דערפילט, אז זיין הויט ברענט אויף אים, ווייל ער האט זיך גראד דערטראכט, אז ער דארף אויסקויפן זיינע זינד.

## זיין ערשטע תשובה.

דאס ערשטע הויז, אין וועלכן ער איז איינמאל אין אן אוונט אריינגעקומען מיט זיין גוטער כוונה, איז געוועזן יונה דעם איינבינדערס, ביי וועמען איטשע און זיין טאטע האבן אוועקגענומען א נייןיעריקן יינגל. ווען די איינבינדערקע האט אים דערזען, איז זי געווארן א פארצאפלטע. זי האט אין יע־נעם מאמענט פארגעסן, אז איטשע איז נישט קיין כאפער און אז די קינדער־כאפעריי איז שוין פארבאטן געווארן פון דעם נייעם צאר אלעקסאנדער דעם צווייטן, און מיט פארגליווערנדיקן שרעק ארומגעקוקט זיך, צי איז דא נישטא איינער פון אירע איבערגעבליבענע זין, און צעשריען זיך היסטעריש:

„וועמען ביסטו געקומען כאפן? וועמען ווילסטו ווידער כאפן?"

און דער איינבינדער האט זיך גענומען ארומקוקן נאך א שווערן שטיקל געצייג און ארויסגעשיפעט:

„גייסט אוועק! וואָרעם איך וואַרף דיר עפעס אין קאפ!"

איטשע האט פארלארן געשמייכלט:

„גאט איז מיט אייך, רב יונה! איך בין נישט קיין כא־פער... נישטא שוין מער קיין כאפעריי... קיין כאפערס... איך בין געקומען מחילה בעטן".

דער איינבינדער און זיין ווייב האבן אויסגעגלאצט אויף אים די אויגן.

„וואס? וואס ביסטו געקומען?"

איטשע האָט שווער אַרויסגערעדט:

„מיין טאַטע און איך האָבן נישט גוט געטאָן... איך וויל גוט מאַכן..."

יונה און זיין ווייב האָבן אים ווידער נישט פאַרשטאַנען. אָבער ווערליק דער איינבינדער האָט געהאַלטן זיינע פּרעגנדיקע אויגן אויף איטשען, און אַריינגענומען זיין שפּיציקע געל־גרויע באָרד אין דער לינקער האַנט אַריין, און געוואָלט קלאָר ווערן, האָט די איינבינדערקע ביטער גערעדט:

„גוט מאַכן!... צוגעכאַפּט מיין קינד... אַט ערשט ניין יאָר געוואָרן... אוועקגעגעבן אים אין גוישע הענט... איך ווייס אפילו נישט, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען... צי לעבט ער גאָר אפילו... צי איז ער נאָך גאָר אַ ייד... וועט ער גוט מאַכן... וואָס מע קאָן שוין דאָ גוט מאַכן!..."

„ווי איך בין אַ ייד, איך וועל גוט מאַכן!" האָט איטשע וואַרעם אַרויסגערעדט.

יונה האָט כמעט אַרויסגעשריען מיט פאַרכאַפּטן אָטעם:

„ווייסט וואו ער איז? וועסט אים ברענגען צוריק?"

אין די אויגן פון דער איינבינדערקע האָט אויפגעפלאַקערט האָפענונג, דערוואַרטונג.

איטשע האָט זיך פאַרלאָרן. דאָס בעסטע און דאָס ריכ־טיקסטע, מיט וואָס ער וואָלט געקאָנט אויסקויפן זיינע זינד, איז אַן אוממעגלעכקייט. ווער ווייס גאָר, וואוהין דער יינגל איז פאַרשיקט געוואָרן?! און וואָס וואָלט געהאָלפן, ווען מען וואָלט געוואוסט? פון דער קאַזאַרמע קאָן מען נישט אַרויס־רייסן...

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ניין, דאָס קאָן ער נישט טאָן. און געשעמט זיך צו זאָגן, מיט וואָס ער איז געקומען צו זיי.

„איר שאַפט זיך מיט מיר", האָט ער געשטאַמלט. „איר דאַרפט וואָס, רופט: איטשע! און איך וועל אַלץ טאָן. עפּעס אוועקטראָגן... עפּעס ברענגען... אַלץ... אָן געלט. איר וועט נישט דאַרפן באַצאָלן".

דער איינבינדער האָט זיך שיר נישט צולאַכט און אוועק־

געמאַכט מיט דער האַנט, און די איינבינדערקע האָט זיך צו־רעדט אין ביטערער אַנטווישונג:

„אַ גרויס גליק האָט אונז געטראָפן!... אַקוראַט ווי מיר האָבן עפּעס אָפּצוטראָגן... סיידן מיינע צרות!... אַ טובה אַ ביסל!... דאָס הייסט ביי אים גוט־מאַכן פאַר דעם אומ־גליקלעכן שעפּעלע, וואָס זיי האָבן אונז אוועקגעריסן"..

„איך ווייס, אַז דאָס איז גאָרנישט", האָט איטשע דער־שלאָגן געזאָגט. „איך וויל גוט מאַכן, און דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן. וואָלט נעהאָט געלט, וואָלט איך געגעבן געלט. איך האָב כוח, וויל איך צאָלן מיט כוח"...

יונה האָט זיך עפּעס געכאַפּט.

„מיינסט טאַקע גאָר אָן געלט?" האָט ער אַ פרעג געטאָן.

„ווי איך בין אַ ייד!" האָט איטשע אַרויסגעבראָכט מיט האַרץ.

יונה האָט פאַרגניגט אַ גלעט געטאָן זיין באָרד. איטשע איז אים טאַקע אַראָפּגעפאַלן ווי פון הימל. געשטאָרבן דער מורה הוראה און איבערגעלאָזן אַ סך ספרים. אַ גאַנצן ש"ס — גרויסע גמרות, געדרוקט אויף דיקן פּאַפּיר, געבונדן אין שווערע איינבאַנדן, יעדע גמרא אַ וואָגיקע משא — דערנאָך אַ גאַנג משניותן, אַ גאַנג מדרשים, אַ גאַנג עין יעקבס, אַ חשן משפּט, אַן אַלפס, אַ יורה דעה און נאָך און נאָך. דעם מורה הוראהס אַלמנה האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל ביי איר צונעמען די ספרים, איבערבינדן די, וואָס דאַרפן איבערגעבונדן ווערן, אָפּפרישן און פאַרריכטן די איבעריקע איינבאַנדן, אַריינקלעפּן אַרויסגעריסענע זייטן, דערנאָך געפינען אַ קויפער און צוטיילן זיך מיט איר גלייך אויף גלייך. דאָס איז געווען אַ זייער גוטער אָנבאָט. ער וואָלט זיך אים זייער גוט געלוינט. אָבער זי האָט נישט געוואָלט באַצאָלן אַ טרעגער אָדער אַ בעל עגלה פאַר אוועק־נעמען ביי איר די ספרים, און ער האָט פּשוט נישט געהאַט. און אָט האָט זיך אונטערגערוקט איטשע!

„אויב דו מיינסט עס טאַקע", האָט דער איינבינדער גע־זאָגט, „וועסטו טאַקע פאַרדינען אַ מצווה..."

„אַט האָסטו דיר!" האָט די איינבינדערקע אַרויסגעביי־זערט. „ער וויל אים נאָך לאָזן פאַרדינען מצוות!"...

„פאַרוואָס נישט?" האָט דער איינבינדער געענטפערט. „אַז אַ ייד וויל טאָן תשובה".

„תשובה! תשובה!" האָט זיך איטשע אָנגעכאַפּט. ער האָט שוין לאַנג געזוכט אין זיין זכרון דאָס דאָזיקע וואָרט און נישט געקאָנט עס אַרויסגראָבן. ער האָט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ וואָרט, וואָס דריקט אויס קלאָר, וואָס ער וויל, און נישט געקאָנט זיך דערמאָנען. און אָט איז דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט געוואָרן. עס איז אים אַזוי העל געוואָרן אין קאָפּ און גוט אויפן האַרצן.

„תשובה, אָט!" האָט ער איבערגעחזרט, ווי ער וואָלט גע־לאַשטשעט דאָס וואָרט. „איך האָב געזינדיקט, וויל איך תשובה טאָן. איך האָב לאַנג געטראַכט, ווי... און אָט!... איך וועל אָפּדינען... מיין תשובה!..." האָט ער גערירט אויס־גערופן, און עפּעס פון אַ טרער האָט אַ פינקל געטאָן ביי אים אין אַן אויג.

די איינבינדערקע האָט אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען, אַ קרים געטאָן מיטן מויל: עפּעס אַזוי מאָדנע, אַזוי אומבאַ־גרייפלעך.

„נאָך אַזוי וויט צו יום כּיפּור!" האָט זי אַרויסגעמורמלט.

דער איינבינדער האָט זיך דערשראָקן, אַז זיין ווייב זאָל עפּעס נישט קאַליע מאַכן. זי ווייס דאָך אויך וועגן די ספרים, איז וואָס רעדט זי! און ער האָט שנעל און איבערצייגנדיק אַרויסגערעדט:

„בקיצור, איטשע, וועסט פאַרדינען אַ מצווה... אַ גרוי־סע מצווה"...

איטשע האָט זיך שטאַרק געפרייט.

ווען ער איז געשטאַנען מיט דעם איינבינדער פאַר די פאַ־

ליצעם מיט ספרים אין דעם מורה הוראהס הויז, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

„אַלע אויף אַמאָל אָדער ביסלעכווייז?"

„וואָלסט דען געקאָנט אַלע אויף אַמאָל?" האָט זיך יונה געוואונדערט.

„איר זאָגט נאָר!"

„אַלע אויף אַמאָל וואָלט געווים געווען בעסער, אָבער... ווי ווילסטו?"

„איך קאָן אָוועקטראָגן אַלע אויף אַמאָל. אָבער איך וואָלט געוואָלט ביסלעכווייז".

„נאַטירלעך... גרינגער", האָט דער איינבינדער צוגע־שטימט.

איטשע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„ניין, נישט ווייל גרינגער. נאָר איך וויל דינען".

יונה האָט נישט פאַרשטאַנען און געטראַכט בשעת־מעשה, אַז גלייכער איז, ווען איטשע טראָגט אַוועק אַלע אויף אַמאָל און געפּטרט אַן עסק, און ער וועט נישט דאַרפן מורא האָבן, טאָמער האָט איטשע חרטה און ווערט אוים בעל־תשובה...

„אויב דו קאָנסט איינטראָגן אַלע אויף אַמאָל, איז אַלע אויף אַמאָל", האָט ער געזאָגט.

„איז אַלע אויף אַמאָל", האָט איטשע אַנטטוישט איבער־געחזרט. „איך האָב געוואָלט מער גיין. מער תשובה".

„נישקשה", האָט דער איינבינדער דערווידערט. „איינ־טראָגן אַזאַ פּאַק אויף אַמאָל, איז די גרעסטע תשובה. וועסטו נאָר קאָנען?"

„אַ־האַ!" האָט איטשע אַרויסגעבראָמט. „גיט נאָך מער. איך וויל די גרעסטע תשובה."

ער האָט אויסגעשפּרייט אַ ראָגזשע אויף דעם מורה הוראהס טיש, צוזאַמען מיט דעם איינבינדער אויסגעלייגט די ספרים לויט זייער גרויס און דיק, איבערגעדעקט מיט אַ צווייטער ראָ־גזשע, איבערגעבונדן מיט אַ שווערן שטריק און צוגעשטעלט זיך צום הויכן גרויסן פּאַק מיטן רוקן.

די רביצין האָט אַרויסגעשריען איר ספקות:

„ער וועט דען קאָנען רירן פון אָרט!"

דער איינבינדער איז אויך געווען שטאַרק מסופק און גע־וואַרט, קיין וואָרט ניט געזאָגט.

ווען דער פּאַק האָט זיך אַ ריר געטאָן און זיך אַוועקגעלייגט אויף איטשעס איינגעבויגענעם רוקן, האָט די רביצין מיט שרעק פאַרנאַנדערגעפּירט מיט די הענט און אויסגעשריען:

„ער וועט נאָך פאַלן, מיינע שונאים! די ספרים וועלן נאָך אַראָפּפאַלן אויף דר'ערד!"

דער איינבינדער אָבער האָט כלומרשט געהאָלפן, געהאַלטן אַ האַנט אויפן פּאַק, אונטערגעהויבן, געקוועטשט זיך, געקרעכצט.

איטשע האָט אַראָפּגענומען די ספרים פון טיש, איז דורכ־געגאַנגען מיט זיי דעם חדר, אָבער נישט געקאָנט דורכגיין דורך דער טיר: צו הויך. ער האָט זיך מער איינגעבויגן: אַלץ נאָך צו הויך. האָט ער זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזן אויף אַלע פיר מיט דעם פּאַק אויף זיין רוקן, און אַדורכגעפּויזעט דורך דער טיר, און דורך דעם צווייטן צימער, און דורך דער גאַס־טיר, באַ־גלייט פון דער רביצין, וועלכע האָט געבראָכן די הענט און גע־איקעט, און פון דעם איינבינדער, וועלכער האָט נישט אַראָפּ־גענומען זיין האַנט פון דעם פּאַק. אין פירהויז האָט ער זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און איז אַוועק.

אין גאַס האָט מען אים אָנגעשטוינט. ווי פאַלט ער נישט אונטער אַזאַ משא! דעם מורה הוראהס זכרונו לברכה אַלע ספרים! עס וואָלט קיינעם נישט געאַרט, ווען איטשע וואָלט געפאַלן און אַפילו נישט אויפגעשטאַנען, אָבער די ספרים וועלן דאָך דערווייל אַרונטערפאַלן און אפשר זיך צעשיטן.

„איך האָב אים דען געהייסן?" האָט זיך דער איינבינ־דער פאַרטיידיקט. „ער האָט אַליין געוואָלט. און נישקשה, די ספרים זיינען גוט איבערגעבונדן, וועלן זיך נישט צעשיטן. און איר זעט'אָך, אַז איך העלף, נעם די האַנט נישט אַראָפּ"...

איטשע האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוגלייכן, געוואָרן גליי־כער און גלייכער, מיטביידע הענט פון הינטן געדרוקט דעם פּאַק

אויף זיך העכער און העכער, און אַט אַרויפגערוקט אים זיך אויפן קאָפּ. יונהס האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, אָבער איטשע האָט אָנגענומען דעם פּאַק מיט ביידע הענט פון ביידע זייטן, אויסגעצויגן זיך אין זיין גאַנצער הויך, און איז אַוועק מיט פעסטע גרויסע שפּרייז. ער האָט געקוקט גלייך פאַר זיך מיט זיינע בלויע אויגן, דאַכט זיך קיינעם נישט געזען, געוואָרן איין שטיק מיט דעם פּאַק, אַ ריז, וואָס וועט דאַכט זיך קיין מאָל נישט אויפהערן צו שפּרייזן, צו באַוועגן זיך. מען איז אים נאָכגעגאַנגען, פאַרלאָפן אים דעם וועג, באַוואונדערט אים. און עס זיינען געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן געזען ברענענדיקע ליכט אין זיינע אויגן.

עס האָט געיובלט אין אים, און יעדער שפּרייז זיינער האָט עס אַרויסגעהילכט. ער טוט תשובה! ער באַצאָלט! ער מאַכט גוט!

יונה דער איינבינדער אָבער האָט אים מער קיינמאָל נישט געבעטן עפּעס אָפּצוטראָגן.

## זיין צווייטע תשובה.

געוועזן ביי אונז איינער, וואָס האָט געהייסן צאַלע דער אַלמערניק, אויפן נאָמען פון זיין אַזוי צו זאָגנדיקן געשעפט. אין דער געשעפטגאַס, דרויסן ביי דער וואַנט פון אַ מאַנופאַקטור־קראָם זיינען געווען אָנגעשלאָגן אַ צען פּאָליצעס איינע איבער די אַנדערע, און צו די פּאָליצעס זיינען געווען צוגעמאַכט טירלעך. דאָס האָט געהייסן אַן אַלמער. די פּאָליצעס פון דעם דאָזיקן אַלמער זיינען געוועזן אָנגעשטעלט מיט קליינע קאַרטאָנקעלעך, אין וועלכע עס זיינען געלעגן בריוולעך נאָדלען, שפּילקעס, קאַטושקעס פאָדים, פרענטלעך, קעמלעך, האָרשפּילקעס, שנירלעך, טאַשמעס און נאָך אַזעלכע גאַלאַנטעריי־אַרטיקלען, און אויסגעלייגט שטיקלעך ציץ און לוסטרין און לייוונט — ביליק אויפגעקויפטע איבערבלייבענישן. ווי אויך שרייב־פּאַפּיר, קאָנווערטן, בלייפעדער, פּענעס און נאָך און נאָך. דאָס איז געוועזן צאַלעס געשעפט, וואו ער,

אַ דאַרער און אַ לאַנגער, איז געזעסן אויף אַ שטול צווישןביידע טירלעך פֿון דעם אַלמער און האָט געלערנט זוהר צווישן איין קונה און דעם אַנדערן. ווען ער איז געווען אין שול, איז אויף דעם שטול געזעסן זיין שרה גיטל, אַ מיטלוואוקסיקע און אַן אויסגעדאַרטע, און אויב זי האָט נישט גערעדט מיט אַ שכנה, האָט זי געלייענט דעם „צאינה וראינה" צווישן איין קונה און דעם אַנדערן.

און ביי זיי האָט איטשע געהאָלפן זיין טאַטן אוועקצוגנבע־נען אַ צען־יעריקן יינגעלע, וואָס איז געווען פאַר זיינע עלטערן ווי אַ ליכט־שטראַל אין זייער פינצטערער אָרעמקייט. אַ גע־ראָטן קינד, אַ וואויללערנער, אַ מתמיד. און בכלל אַ טייער קינד. ער האָט געוואוסט די לאַגע פֿון זיינע עלטערן און גע־האָלפן זיי טראָגן זייער שווערן גורל מיט דעם, וואָס ער האָט פֿון זיי גאָרנישט געפאָדערט, און געפרייט זייערע הערצער מיט זיין גוטסקייט און פֿרומקייט און התמדה. זיי האָבן זיך גע־בענטשט מיט אים. און נישט נאָר זיי — די גאַנצע גאַס האָט זיך געבענטשט מיט אים.

און ער איז אוועקגעכאַפּט געוואָרן אויפן וועג אין חדר. אוועקגעגאַנגען אַ ליכטיקער צום ליכטיקן לערנען און נישט גע־קומען מער אַהיים. איטשע און זיין טאַטע האָבן אים פֿון מיטן גאַס אוועקגענומען, פֿאַרנאַרט, פֿאַרשלעפּט. קיינער האָט עס נישט געזען. ווען די גאַס וואָלט עס געזען, וואָלט זיך געטאָן חושך. אַלע וואָלטן זיך פאַר אים איינגעשטעלט, עס וואָלט געוואָרן דער גרעסטער צונויפלויף. אָבער אַזוי האָט מען זיך געכאַפּט ערשט אין אָוונט, ווען ער האָט געדאַרפט קומען אַהיים צו וועטשערע. וואָס קאָן עס זיין, וואָס ער איז נאָך נישטאָ פֿון חדר? די מאַמע איז אוועק אַהין. עס איז שוין געווען טונקל, און אין די גאַסן זיינען נאָך געלעגן טיפע חשוון־בלאָטעס. איז זי געגאַנגען און געקוקט אין דער לענג און אין דער ברייט. אפשר שטעקט ער נאָר וואו אין אַ בלאָטע. דערשלעפּט זיך קוים צום חדר און דערוואוסט זיך, אַז ער איז גאָר נישט געווען. דעם גאַנצן טאָג נישט געווען. דער רבי האָט זיך אפילו שוין צוגעקליבן אַרי־

בערצוגיין אויסצוגעפינען, פאַרוואָס ער איז נישט געקומען. דער „אי!״, וועלכן זי האָט אַרויסגעשריען, האָט לאַנג געקלונגען אין די אויערן פון די, וואָס האָבן אים געהערט, און געריסן זיי אין האַרצן. זי האָט גלייך אַ טראַכט געטאָן וועגן כאַפּער, אויך די אַנדערע האָבן עס אַ טראַכט געטאָן, אָבער ערשט נאָך אַ נאָכ־צער נאָכט זוכן איז דאָס געוואָרן געוויסהייט. עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם אַרום אַבע כאַפּונס הויז און געשטורעמט און געליאַרעמט, געפאָדערט דעם יינגל צוריק. די יללות פון שרה גיטלען האָבן געבראָכן די הערצער, און צאַלע איז געשטאַנען בלייך ווי דער טויט, געבראָכן זיך די הענט און אָן ווערטער, נאָר מיט פאַרטרערטע תחנונים־אויגן געבעטן ביי אַבען זיין קינד צוריק.

אַבע האָט געלייקנט שטיין און ביין. ער האָט זיך געשוואָרן ביי זיין יידישקייט, און זאָל ער אַזוי נישט וויסן פון קיין צער, און זאָלן אים די הענט אָפּדאַרן, אויב ער האָט זיך צוגערירט צום יינגל. וואָס איז? ער ווייס נישט, וואָס פאַר אַ יינגל דאָס איז געוועזן? ער וועט עפּעס אָוועקנעמען אַזאַ יינגל און אָוועקגעבן אין גוישע הענט?!

אָבער אָן איטשען האָט מען געזען, אַז אַבע ליינט און שווערט פאַלש. ער איז געוועזן בלייך, דער איטשע, געדריקט די ציינער און קענטיק געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער אַבע האָט זיך אָוועק־געדרייט פון עולם, אַ שטויס געטאָן איטשען, אַריינגעשטופּט אים אין שטוב און איז אַריין נאָך אים, צוגעהאַקט די טיר.

מען האָט אויסגעבראָכן אַלע שויבן, אָבער וואָס האָט עס געהאָלפן? דער יינגל איז נישט געקומען צוריק.

איז שטעלט זיך פאָר, אַז מיט יאָרן שפּעטער עפנט זיך אויף איינמאָל אין אַן אָוונט די טיר ביי דעם צאַלע דעם אַל־מערניק, און ביי דער שוועל בלייבט שטיין איטשע! ווי אַ בעט־לער ביי דער טיר, מיט טרויעריקע תשובה־אויגן און אַראָפּגע־לאָזענעם קאָפּ. זיינע ליפּן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן — דאָס האָט ער מסתמא אַרויסגעליפּט „אַ גוטנאָוונט!״ אָבער קיינער האָט אפילו קיין טאָן נישט פאַרנומען.

צאַלע און שרה גיטל און זייערע דריי קינדער האָבן ערשט פאַרענדיקט זייער וועטשערע און זיינען געזעסן אַרום טיש, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ חלבנעם ליכטל, און האָבן גע־בענטשט. ווען זיי האָבן דערזען די געשטאַלט ביי דער טיר, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, פול שרעק, ווי זיי וואָלטן דערזען אַ נישט־גוטן. די ווערטער פון דעם בענטשן זיינען פאַר־שוואונדן, פאַרגעסן געוואָרן, די מיילער זיינען געבליבן אָפן, נאָר איין צאַלע האָט שנעל פאַרענדיקט דאָס בענטשן און הייזע־ריק אַרויסגעברומט:

„וואָס ווילסטו?"

איטשע האָט נישט געענטפערט. נישט געקאָנט ענטפערן. ער איז געשטאַנען און האָט געוויינט. ער האָט נישט אָפּגע־ווענדט דעם קאָפּ, נישט באַהאַלטן זיין געזיכט. געקוקט מיט זיינע תשובה־אויגן אויף די שטוביקע ביים טיש און באַגאָסן זיך מיט שטראָמען טרערן. שטיל אַזוי, אָן דעם קלענסטן טאָן.

צאַלע האָט אויפגעהויבן דאָס ליכטל פון טיש, באַלויכטן איטשען, איינגעקוקט זיך אין אים. זיי האָבן דערזען זיינע טרערן, וועלכע האָבן מאַט אויפגעשיינט אונטער דעם פלעמל פון דעם ליכטל. מען איז איבערראַשט געוואָרן, אַ ציטער איז אַריין אין די הערצער. מען האָט זיך אָנגעקוקט איינע די אַנ־דערע, און ווידער אים. און ענדלעך האָט צאַלע קוים אַרויס־געבראַכט פון זיך:

„וואָס? ... וואָס? ..."

שרה גיטל האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, איז געוואָרן היסטעריש. אויך די אויגן פון די קינדער זיינען פול געוואָרן מיט טרערן. צאַלע האָט אוועקגעשטעלט דאָס ליכטל, גענומען באַרואיקן זיין ווייב און אַריבערגעשריען צו איטשען:

„וואָס? ... וואָס? ..."

איטשע האָט זיך אויסגעדרייט אין דער טיר און איז אוועק־געגאַנגען.

צאַלע האָט זיך געלאָזט נאָך אים, אָנגעיאָגט אין גאַס.

„וואָס איז דאָס געוועזן? וואָסטו געוואָלט? וואָסטו גע־וויינט?"

איטשע האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט נאָר ווייטער געשפּרייזט מיט זיינע לאַנגע שפּרייז, און צאַלע האָט געהאַלטן מיט אים שריט און געטענעט צו אים:

„עפּעס מוז דאָך זיין?"

איטשע האָט געקוקט פאַר זיך אין דער פינצטערניש פון דער גאַס און גערעדט:

„איך וויים שוין מיין תשובה..." דאָס וואָרט האָט ער שוין מער נישט פאַרגעסן. „וועל זאָגן תהילים. יעדן טאָג וועל איך זאָגן תהילים פאַר אים. ירוחם'ל האָט ער געהייסן. איך וויים. איך וועל זאָגן תהילים".

„איז ער געשטאָרבן?!" האָט צאַלע אויסגעשריען אַן אויפ־גערודערטער.

„איך וויים נישט", האָט איטשע גערעדט אין דער ווייטקייט פון דער גאַס אַריין. „איך וויים גאָרנישט וועגן ירוחמקען. וועל זאָגן תהילים פאַר אים. יעדן טאָג תהילים. דאָס איז מיין תשובה".

צאַלע האָט אַלץ נישט געקאָנט פאַרשטיין.

„וואָס ביסטו געקומען? וואָס ביסטו אוועקגעגאַנגען? וואָסטו געוואָלט?"

איטשע האָט ווייטער אַריינגערעדט אין דער ווייטקייט פון דער גאַס, נישט אומקוקנדיק זיך אויף דעם, וואָס האָט געשפּרייזט ביי זיין זייט:

„איך האָב געוואָלט וואָס... געוואָלט אָפּדינגען... אָבער ווען איך האָב אַלעמען געזען... געזעסן און געבענטשט... האָב איך... אָט איז מיין תשובה!... וועל זאָגן תהילים... יעדן טאָג"...

צאַלע האָט באַגריפן.

„זאָג! זאָג!" האָט ער כמעט געשריען. „דאָס איז אַ גרויסע זאַך! די בעסטע זאַך, וואָס דו האָסט געקאָנט טאָן! דער תהילים פון אַ בעל־תשובה?!... אָ־ווא! ווי דאָס קאָן

העלפן! ירוחמל וועט זיכער בלייבן אַ ייד! מער דאַרף איך נישט! רבונו של עולם! ירוחמל זאָל נאָר בלייבן אַ ייד! זאָג, איטשע, זאָג! און זאָלסט טאַקע דערמאָנען, אַז דו זאָגסט עס פאַר אים. ווען דו וועסט זאָגן יעדן טאָג די קאַפּיטלעך תהלים, זאָלסטו דערמאָנען, אַז דו זאָגסט זיי פאַר ירוחם בן שרה גיטל... וועסטו עס געדענקען?... ירוחם בן שרה גיטל... אויף זיין מאַמעס נאָמען... זי איז אַ צדקת... זאָג, איטשע, זאָג!..."

ער האָט זיך צעוויינט, אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אַרויסגערעדט פול געבעט און האָפענונג:

„אוי, רבונו של עולם!" — — —

צאָלע האָט אוועקגעאיילט אהיים אָנצוזאָגן זיין ווייב שרה גיטלען די גרויסע שמחה, און איטשע איז אַוועק צו היטן די יידישע גאַסן, האָט געקלאַפּט מיט דער גרויסער קאַלעקאַטקע, גנבים זאָלן וויסן, אַז עס גייט אַרום דער שומר, און איז געווען אומגעדולדיק. ער האָט געבענקט נאָך דעם תהלים. מיט וואָס פאַר אַן אמתער פרומקייט וואָלט ער אים געזאָגט איצטער, אַרומגייענדיק איבער די גאַסן! פאַראַן יידן, וואָס קאָנען דעם גאַנצן תהילים אויף אויסנווייניק... ער אָבער... עך!... שטענדיק אַ גראָבער קאָפּ געווען... אַ גוי... אַ כאַפּון!... ער האָט שוין כמעט פאַרגעסן אַלץ, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר...

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען תפילות פון דאַוונען, אָפּגעשעפּטשעט אַ שטיק פון „אשרי" און געבליבן שטיין, נישט געקאָנט ווייטער. און ער דאַוונט דאָך יעדן טאָג, זאָגט „אשרי" דריי מאָל אַ טאָג!... אַזאַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ!... ער האָט אָפּגעזיפצט און אָנטטוישט געקלאַפּט מיט זיין גרויסן קלאַפּער. די נאַכט־שעהן האָבן זיך געצויגן אַזוי לאַנג. ער האָט שוין געוואָלט זיין אינדערהיים ביי דעם תהילים.

ווען ער איז געקומען פאַרטאָג אהיים, איז די מאַמע נאָך געשלאָפן. און דאָס האָט ער געוואָלט. זי וואָלט אים געשטערט מיט איר פרעגן, און אפילו מיט איר קוקן.

דער תהלים איז געלעגן אין זיין טאַטנס טלית־זעקל. און

איטשע האָט געמאַכט אַ פינסטער געזיכט, ווען ער האָט זיך אָנ־געררירט אָן דעם טלית־זעקל, וואָס זיין טאַטע האָט אַזוי אָפּט געהאַלטן. און ווען ער האָט אַרויסגענומען דעם תהלים, האָט ער אָפּגעווישט די פאַרשמירטע, האַלב־צעריסענע טאַוולען אָן זיינע הויזן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּווישן פון זיי די שפּורן פון זיין טאַטנס פינגער.

דער תהלים איז אים נישט געווען פרעמד. יעדן ראש־השנה פלעגט אים דער טאַטע אַוועקזעצן לעבן זיך איבערן תהלים, און ביידע פלעגן זאָגן פּסוק ווייטער פּסוק. דער טאַטע איז געווען אַ שנעלער זאָגער, פלעגט אָפּמאָלן זיין פּסוק אין אַן אויגנבליק. איטשע איז געווען אַ שווערער זאָגער, פלעגט דורכקריכן זיין פּסוק, ווי אַ וואָגן דורך געדיכטן זאַמד. דער טאַטע איז געווען אומגעדולדיק, פלעגט אים נוקען, שטורכען, שטופּן, שילטן מיט ביטערע קללות. און אַזוי איז דאָס תהלים־זאָגן געווען פאַר איטשען אַן אָפּקומעניש. ער פלעגט צו דעם צוטרעטן מיט דער זעלביקער מינע, מיט וועלכער ער פלעגט קליינערהייט, אויפן טאַטנס באַפעל, אויסציען זיך אויף דער באַנק און אַראָפּלאָזן די פּליודערן...

איצטער האָט ער געהאַלטן דעם תהלים מיט אַ געפיל פון פרייהייט — דער אַלטער כאַפּון איז נישטאָ לעבן אים, וועט אים נישט אונטערטרייבן, נישט שטורכען, נישט שילטן. ער האָט אויפגעמישט דאָס ערשטע בלעטל מיט יראה, מיט אמתער פרומקייט, מיט אַ געבראָכענעם האַרץ, אַ קוק געטאָן אויף דעם פאַרגעלטן און פאַרפלעקטן בלעטל מיט תשובה, מיט געבעט, אָבער איידער ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן, האָט ער אַרויסגע־שעפּטשעט, שאָקלענדיק זיך:

„פאַר ירוחם בן שרה גיטל, צאַלע דעם אַלמערניקס ווייב..."

דאָס איז געווען געננוי, דער ריכטיקער אַדרעס — זיי קאָ־נען אויבן קיין טעות נישט מאַכן. און ער האָט אָנגעהויבן שטיל אַרויסצוזלייענען פון תהלים: „אשרי האיש אשר לא הלך..."

ער האָט געזאָגט די ווערטער פרום, כמעט מיט טרערן. ער

האָט נישט געוואוסט דעם טייטש פון די ווערטער, אָבער זיי זיינען אים געווען אַזוי נאָענט און הייליק. דאָס זיינען דאָך ווערטער, צו וועלכע מען ווענדט זיך שטענדיק, ווייל זיי בעטן אַזוי גוט. אין אַ צרה זאָגט מען תהלים. נאָך אַ טויטן זאָגט מען תהלים. ראש השנה, ווען מען וויל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר, זאָגט מען תהלים. און ער האָט איצטער געזאָגט תהלים, ווייל ער האָט געבעטן פאַר דעם קליינעם ירוחמקע, וואָס איז שוין אפשר געשטאָרבן, אָדער וואָס איז נאָך ערגער ווי גע־שטאָרבן, ווייל ער האָט זיך געלאָזן אָפּשמדן...

ער האָט געזאָגט די ווערטער, און עס איז אים געווען, ווי איימיצער וואָלט זיי אים פאַרטייטשט. ער האָט אַרויסגעהערט אין זיי זיין צער און זיין פאַרשעמטקייט און זיין תשובה און זיין הילף־געשריי פאַר ירוחמקען. יעדעס וואָרט האָט געהאַט זיין מיינונג אין אים, אַרויסגעוויינט פון אים, אַרויסגעקרעכצט. דאָס וואָרט יהוה האָט ער גוט געוואוסט, און ער האָט עס אַרויס־גערעדט מיט ציטער, נישט דערוועגט זיך שנעל אַרויסצורייד, געפילט אַ שוואַכקייט אין האַרצן און זיך פאַרזאַאיקעט. ער האָט אויך געקענט די ווערטער צדיקים, רשעים... אָך, דער תהלים רעכנט זיך שוין דאָרטן גוט אָפּ מיט די רשעים! אָבער דאָך נישט מיט ירוחמקען, חלילה...

ער האָט אָפּגעזאָגט דעם ערשטן קאַפּיטל, דעם צווייטן. אינמיטן דריטן האָבן זיך אים אָנגעהויבן צו קלעפּן די אויגן. דאָס איז נישט גוט, אַזוי טוט מען נישט תפילה... ער האָט זיך געפּרואווט שטאַרקן, אָבער דער שלאָף האָט זיך געלייגט שווער אויף די אויגנדעקלעך, אַראָפּגעדריקט זיי, צוגעמאַכט... און אָט איז ער גאָר ביים טייך און ביי אַן אָנקומענדיקער לייווע, און ער שטייט צווישן מוזשיקעס און זידלט זיך אין דער מאַמען אַריין, און — דער תהלים גיט זיך אַ גליטש פון די הענט. ער האָט אויפגעצאַפּלט און דערכאַפּט אים... ניין, אַן עברה דאָס ראַנגלען זיך מיטן שלאָף. ער וועט מוזן זאָגן דעם תהלים, ווען ער וועט זיך אויסשלאָפן.

ער האָט געוואָלט אַריינלייגן דעם תהלים צוריק אין טאַטנס

טלית־זעקל, א הייב געטאָן שוין די האַנט, אָבער עפּעס האָט אים א טיאַכקע געטאָן אין הארצן. ער איז געוואָרן גאַנץ וואַך. ניין, דער תהלים וועט נישט קומען אין באַרירונג מיט דעם, וואָס זיין טאַטע האָט אָנגערירט. פון היינט אָן און ווייטער וועט דער תהלים ליגן אונטער זיין אייגענעם תפילין־זעקל.

איצט האָט ער אָנגעטאָן די תפילין און שנעל אָפּגעדאַוונט. נישט אויפגעוועקט די מאַמען, צו געבן אים עפּעס אָפּעסן, אַריינגעוואָרפן זיך אין בעט און גלייך איינגעשלאָפן. געשלאָפן לאַנג און שטאַרק. די מאַמע האָט אים אויפגעוועקט. ער האָט נאָך גאָרנישט געגעסן — צו איז אים נישט עפּעס?

ער האָט זיך געוואָלט צונויפדרייען און ווייטער שלאָפן. ער האָט זיך אָבער עפּעס דערמאָנט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, א קוק געטאָן צום תהלים אונטערן תפילין־זעקל. ער איז שנעל אַראָפּ פון זיין געלעגער, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און גענומען דעם תהלים. אויפגעעפנט, אַריינגעקוקט. די ווערטער זיינען אים איצטער ביים העלן ליכט פון טאָג אויסגעקומען גאַנץ פרעמדע, ווייטע, מיינונגסלאָזע. ער האָט פרעמד און קאַלט אָנגעהויבן צו זאָגן, וואו ער האָט באַגינען געלאָזן. אינמיטן פון דעם דריטן קאַפּיטל. ער האָט זיך אָבער געכאַפּט. האָט איבערגעריסן, לייכט צעשאָקלט זיך און שטיל און פרום און תשובהדיק אַרויסגעשעפּטשעט: „פאַר ירוחם בן שרה גיטל, צאַלע דעם אַלמערניקס ווייב...״

## זיין דריטע תשובה.

ביי כאַטשע דעם שניידער האָבן זיך נישט געהאַלטן קיין קינדער. פון עלף, וואָס נעבע זיין ווייב האָט אים געבאָרן, זיינען אים געבליבן דאָס צווייטע, א מיידל פון זיבצן יאָר, דאָס זעקסטע, א יינגל פון עלף יאָר, און דאָס ניינטע, א יינגל פון זיבן יאָר — און אָט דעם זיבן־יעריקן יינגל האָבן איטשע און זיין טאַטע אַרויסגעגנבעט איין מאָל אין מיטן א קאַלטער ווינטער־נאַכט.

דער שניידער און זיין ווייב זיינען נישט געווען אינ־דערהיים. אבע האָט עס קענטיק געוואוסט. זיי זיינען ביידע געזעסן ביי איר קראַנקן ברודער, וועמעס טויט מען האָט גע־דאַרפט דערוואַרטן יעדע מינוט. אין שטוב זיינען געבליבן די דריי קינדער: די מיידל איז געלעגן אין דער מאַמעס בעט, די יינגלעך אין טאַטנס בעט. ווען טאַטע־מאַמע וועלן קומען, וועט די מיידל איבערגיין צוריק אויף איר געלעגער אויף א פּאָר קאַסטנס אין דעם פינצטערן צימערל ביים אויוון אַנטקעגן דער אריינגאַנג־טיר. אָבער איצטער איז זי געלעגן אין בעט, ווייל אין א בעט ליגט זיך א סך בעסער ווי אויף קאַסטנס, און ווייל ביידע ברידערלעך האָבן זיך געפּילט פריילעכער און זיכערער, ווען די עלטערע שוועסטער איז געווען לעבן זיי.

די אַרויסגאַנגטיר איז געווען פאַרשפּאַרט מיט א הילצער־נעם פאַרלייגער. אבען איז נישט אָנגעקומען שווער אויפצוהייבן אים מיט א שפּיזל, וואָס ער האָט דורכגעשטופּט צווישן טיר און פּריטולקע. זיי — אבע פאַראויס, איטשע הינטער אים — זיינען דורכגעגאַנגען א פיר־הויז און אריין אין צימער, וואָס איז געווען באַלויכטן פון א קאַגאַנעצל, אז טאַטע־מאַמע זאָלן ניט דאַרפן אָנצינדן קיין פייער, ווען זיי וועלן קומען. זיי האָבן געקאָנט זען די בעטן, אָבער נישט, ווער עס ליגט אין זיי. אבע איז אוועק צו איין בעט, איטשע צום אַנדערן, צום בעט, אין וועלכן די מיידל איז געלעגן. די מיידל איז נאָך נישט גע־שלאָפן אָדער האָט אויפגעכאַפּט זיך. זי האָט זיך שנעל אויפ־געזעצט, די אויגן אויסגעגלאָצט אין א טויטשרעק און אַרויס־געלאָזן אַן אימהדיקן לאַנג־אָנהאַלטנדיקן קוויטש, אין וועלכן עס איז געלעגן הילף־געשריי, שרעק, פאַרצווייפלונג.

איטשע איז געבליבן שטיין ווי צוגענאָגלט פון דעם קוויטש און נישט געקאָנט אָפּווענדן זיינע אויגן פון אירע אויסגע־גלאָצטע אויגן.

דער טאַטע האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערט־קייט.

„נאַ, נעם און לויף!”

ער האָט אים אריינגעשטופּט דעם וואַרעמען קערפּער פון דעם יינגעלע, אַ שטופּ געטאָן צו דער טיר, אַראָפּגעלאָזן דער מיידל אַ פּאַטש אויפן מויל, איבעררייסנדיק איר קוויטש, און איז אַנטלאָפן נאָך איטשען. —

עס איז געווען אַ ווינטער־פאַרנאַכט שפּעטער מיט יאָרן, און איטשע, גלייך נאָך מעריב, איז ווידער געגאַנגען צו כאַטשע דעם שניידער. ווען ער וועט אַריינקומען, וועט ער מוזן אַ קוק טאָן אויפן בעט ביי דער וואַנט לינקס פון דער טיר, אויפן בעט, אויף וועלכן עס איז געזעסן די מיידל און האָט געשריען. ער האָט געזען פאַר זיך די טונקלקייט פון דעם צימער, די זיצנ־דיקע מיידל, אירע אויסגעגלאָצטע אויגן, און געהערט איר שויד־דערלעכן קוויטש. וואָס וועט ער זיי דאָרטן אָנבאָטן? וואָס קען ער טאָן פאַר זיי? אָ, ער גייט אָנבאָטן כאַטשען צו העלפן אים טראָגן די אָרעמקייט! ער וועט אים יעדע וואָך אָפּגעבן עפּעס פון זיין שכירות.

ער האָט נישט געוואוסט, אַז די שניידערקע איז פאַר עגמת־נפש געשטאָרבן נאָך פאַר איר שטאַרבנדיקן ברודער, און ער האָט נישט געוואוסט —

ווען ער איז אַריין צו כאַטשען אין שטוב, האָט זיך אים צוערשט געוואָרפן אין די אויגן אַ מין שטול נישט שטול, וועגעלע נישט וועגעלע, אין וועלכן עס איז געזעסן אַ מויד פון עטלעכע און צוואַנציק און מיט אַ שטעקן צוגערעדערט זיך צום שניידערטיש, אויף וועלכן כאַטשע און זיין זון זיינען געזעסן און האָבן גענייט.

דער שניידער, וועלכער האָט שוין געוואוסט פון איטשעס תשובה, ווייל די שטאָט האָט מיט איר געקלונגען, האָט ווי דערוואַרט אים.

„אַט ביזטו דאָ!" האָט ער אויסגערופן, נישט איבער־רייסנדיק זיין אַרבעט. „האָסט זיך דערמאָנט. אַבי איך האָב שוין געמיינט, אַז מיך האָסטו פאַרגעסן".

איטשע האָט אַרויסגעברומט:

„כ'האָב נישט פאַרגעסן!"

„נו?" האָט כאַטשע אַרויסגערעדט מיט אַ קאָפּ־באַוועגונג, אין וועלכער עס איז געלעגן פאַרוואורף און מוסר, און האָט גלייך פאַרטגעזעצט מיט אַ זיפץ: „איאיאיאייי! שיינע זאַכן האָסטו און דיין טאַטע אָפּגעטאָן! ווייסטו כאָטש, וואָס דו האָסט מיר אָנגעטאָן? איך רייד שוין ניט פון מיין קינד, מיין יינגל..."

די מיידל אין דעם פאַרשטול האָט אַרויסגעלאָזן אַ קליינעם געשריי.

זי האָט איטשען נישט געדענקט, אין יענעם אָוונט האָט זי זיין געזיכט קוים געזען, און דעמאָלט אויך האָט ער זיין רויטלעך בערדל נישט געהאַט. ווען ער איז איצטער אַריינגעקומען, האָט זי געזען, אַז עס איז אַריינגעקומען אַ שיינער יונגערמאַן, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מיט אַ רויטלעכן בערדל און שיינע בלויע אויגן. געוועזן אַ פאַרגעניגן אויף אים צו קוקן, כאָטש ער איז געוועזן אָנגעכאָמעט אין אַ שמוציקן פעלצל, מיט אַ צוריסענעם וואַטאָוון היטל איבער זיינע קודלעס. זי האָט פון אים די אויגן נישט אַראָפּגענומען און געשעמט זיך פאַר איר וואָגן, פאַר אירע פיס, וואָס טראָגן זי נישט, ווי זיי טראָגן אַלע מענטשן. זי האָט געוואוסט, אַז זי זעט נישט מיאוס אויס מיט איר בלייכן לענגלעכן געזיכט, אירע גרויסע גרויע אויגן און אירע געדיכטע קאַשטאַנען־האָר. נאָר וואָס איז די פּעולה!... און דאָך האָט זי געוואָלט, אַז ער זאָל אויף איר קוקן, אָט דער קרעפּטיקער בחור מיט די שיינע בלויע אויגן ... און — אָי! דאָס איז גאָר דער כאַפּון! דער...

זי איז געבליבן זיצן מיט אַ ווייט פאַרנאַנדערגעעפנטן מויל און אויסגעגלאָצטע שרעק־אויגן. איטשען האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט באַלד דערהערן איר קווימש, יענע שווידערלעכע תקיעה גדולה פון טויטלעכן שרעק. ער האָט זיך גאַנץ פאַרלאָרן, אָנגעהויבן איבערצוטרעטן פון פוס אויף פוס, מיט אַ געפיל, אַז ער דאַרף דאָ נישט זיין.

„זעסטו", האָט דער שניידער געזאָגט. „אָט זי איז דיין

ארבעט. זי איז געווען מיט אַלע מענטשן צוגלייך, אָבער אין יענעם אויפדערנאַכט האָבן איר פּאָר שרעק אָפּגענומען די פיס. שוין אָט פינף יאָר, דאָס זעקסטע יאָר, אַז זי איז אַ קאַליקע. געמוזט צוטראַכטן פאַר איר אָט אַזאַ פּאָרער... איך אַליין האָב אים צוגעטראַכט און געמאַכט... אין אַ נויט ווערט מען אַן אויסקלערער פון זאַכן... וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? ארומטראָגן זיך מיט איר?... ווייסטאָך מסתמא, אַז מיין ווייב איז אוועקגעפאַלן אַ טויטע, ווען מיר זיינען געקומען אַהיים און דערוואוסט זיך, וואָס דו און דיין טאַטע האָבן אָפּגעטאָן... אָנשטאָט צו גיין צו איר ברודערס לוויה, האָט מען איר גאָר געבראַכט צו איר לוויה... און זי״ — ער האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אויף דער טאָכטער — „האָט געדאַרפט ווערן די גאַנצע באַלעבאָסטע... העהעהע... אַז אָך און וויי צום געלעכטער... אָבער איך מוז לאַכן, און אפשר טאָקע ווײנען, ווען איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב זיך אויף איר צעשריען, פאַרוואָס זי איז געבליבן ליגן אין בעט און נישט גערירט זיך פון אָרט און נישט נאָכגעלאָפן נאָך די כאַפּערס... און פאַרוואָס בלייבט זי נאָך אַלץ אין בעט, ווען זי זעט, אַז די מאַמע איז אוועקגעפאַלן... ערשט האָסטו דיר, זי איז גאָר אָן פיס! נו, נו... גוט שלעכט איז מיר געווען פריער, אָבער ווי מיר איז אוועקגענאַנגען נאָך אייער גוט־יום־טוב־ביטן — העו! מיט דעם יינגל אָן אַ מאַמען, מיט אַ טאָכטער אָן פיס... איז נו, וואָס ביסטו געקומען · מיר זאָגן גוטס? וואָס פאַר אַ תשובה האָסטו געגומען אויף זיך? פעקלעך אָפּצוטראָגן האָב איך נישט, תהלים זאָגן דאַרף איך נישט...״

אויף איטשעס געזיכט האָבן זיך געביטן די פאַרבן, און ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער זאָל אַהינטאָן זיינע אויגן. ער האָט זיי געווענדט צום ריידנדיקן שניידער, אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, אָבער מיט אַנגסטן, מיט היץ און קעלט געמוזט קוקן אויף דער מיידל אין דעם „פּאָרער״, וועלכע האָט איר מויל נישט צוגעמאַכט, די שרעק־אויגן נישט אָפּגעווענדט פון אים, און געאָטעמט שווער, און אָט־אָט וועט זי זיך צעקוויטשען אימה־

דיק, האַרצבּרעכנדיק, פאַרניכטנדיק. זיין האַרץ איז געגאַנגען אויף און אַפּ אין שנעלן אָטעמען, און אַ כעס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן, אַ כעס אויף זיך אַליין, אַ ווילן בייסן זיך די הענט, אויסקראַצן זיך די אויגן, אונטערהאַקן זיך די פיס... פאַרוואָס שטייט ער נאָך אויף זיינע פיס? שעמט ער זיך נישט צו שטיין אויף זיינע פיס פאַר איר דאָ, פאַר דער מיידל מיט די אָפּגענומענע פיס? ער האָט זיך געשעמט פאַר זיינע שטאַר־קע פיס, פאַר זיין געזונט, פאַר זיין כוח...

כאַטשע האָט גערעדט, פאַרטאָן אין זיין נייען, און נישט געזען, וואָס עס קומט פאַר מיט איטשען, די מיידל האָט גאָרנישט געזען אין איר שרעק און פאַרגליווערטקייט, און איטשע האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן. אָבער דעם שניידערס לעצטע ווערטער האָבן אים צוריקגעהאַלטן.

„איך וויל... איך וועל...״ האָט ער גערעדט, ווי ער וואָלט נעקרעכצט, „פון מיינע שכירות... יעדע וואָך...״

און איז שנעל אַוועק.

די מיידל האָט איצטער געפונען איר צונג:

„זאָל ער אונטערברעכן די פיס!... ברעכן זאָל ער דעם קאָפּ!... זאָל ער נישט דערלעבן צו קומען צו זיך אַהיים!...״

אויך דער יינגל אויפן טיש האָט איצטער אַרויסגערעדט זיינע ערשטע ווערטער:

„איך האָב אים געוואָלט געבן מיט דער שער אין קאָפּ!״

כאַטשע האָט איבערראַשט נאָכגעקוקט דעם אַוועקאײַלנדיקן, געוואָלט עפּעס איבעררייידן, איבערפרעגן, און פאַר איבערראַ־שונג פאַרגעסן אַפילו איטשעס נאָמען, נישט געפונען קיין וואָרט אויף אָפּצושטעלן אים, נישט געקאָנט אַראָפּשפּרינגען פון טיש און נאָכלויפן אים, אָבער דער טאָכטערס קללות האָבן אים גע־בראַכט צו זיך.

„ששש!״ האָט ער כעסדיק אַרויסגעשיפּעט. „בהמה! וואָסטצעך צעשאָלטן? האָסט נישט געהערט, וואָס ער'ט גע־זאָגט? יעדע וואָך פון זיין שכירות... פאַרשטייסט נישט,

וואָס דאָס מיינט? מע דאַרף נאָר אויסגעפינען, וואָס קריגט ער שכירות און וויפיל פון זיין שכירות..."

"און דו וועסט אָננעמען ביי אים געלט?" האָט די מיידל צוריקגעבייזערט.

"פאַרוואָס נישט? פערד!" האָט כאַטשע געענטפערט. "ער איז איצטער אַ בעל תשובה און גיט אַלעמען. ער וויל גוט מאַכן".

"גוט מאַכן!" האָט די מיידל בייז געזאָגט. "מיט אַ פּאָר גראָשן גוט מאַכן!... איך וועל זיך נישט צורירן צו זיין געלט!"

"וואָס איז?" האָט כאַטשע דערווידערט. "איך וועל עס דיר דען געבן? וועסט עס דען אפילו אָנזען?" — —

און איטשע האָט געשפּרייזט מיט גרויסע שנעלע טריט, געקוקט פאַר זיך אין דער ווייט פון גאַס און איז געגאַנגען ווי געבלענדט, האָט שיר נישט אומגעוואָרפן אַן אַנטקעגנגייער, געקראָגן אָנגעזידלט אין טאָטן אריין מיט דער מאַמען פאַרבייסן, אָבער נישט געהערט. ער האָט גאָר געטראַכט פון אַ פּאָר אָפּ־גענומענע פיס. אָט אַ מיידל, אַ יונגע, אַ שיינע, און אָן פיס! מוז זיך אַרומרוקן אויף רעדלעך!... און ער האָט דאָס איר אונ־טערגעהאַקט די פיס!... גענומען אַ יונגע מיידל און אונטער־געשלאָגן איר די פיס!... ער האָט געדאַרפט אוועקשטעלן זיך אין מיטן גאַס און צעשרייען זיך, צעשרייען זיך, ווי די מיידל דעמאָלט, און אויך פאַרלירן די פיס...

אָבער די פיס האָבן אים געבראַכט אהיים. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון וועטשערע, נישט געענטפערט אויף אַלע צושטייע־נישן פון דער מאַמען, וועלכע האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט אים אַזוינס, גענומען דעם גרויסן קלאַפּער און איז אוועק אין גאַס אריין.

"מסתמא עפּעס אָפּגעטאָן!" האָט די מאַמע אים נאָכגע־זאָגט, אום צו פאַרטשעפּען אים מיט עפּעס — זי האָט געוואוסט, אַז איטשע האָט גאָר נישט אָפּגעטאָן.

אָבער איטשע איז נישט שטיין געבליבן. אַ, יאָ, ער האָט

אַפּגעטאָן, אַפּגעטאָן, אַפּגעטאָן... כאַטשע דער שניידער האָט אויך געברויכט דאָס דאָזיקע וואָרט. אַפּגעטאָן, אַפּגעטאָן...

די נאַכט איז געווען זייער אַ העלע. דער פראָסט האָט געקנאַקט — אין אַזעלכע נעכט גייען גנבים נישט אַרויס אויף זייער אַרבעט. איטשע האָט נאָר אַ פּאָר מאָל אַ ריר געטאָן מיט זיין קאַלעקאַטקע, אָבער ער איז אַרומגעגאַנגען צו האַלטן זיך וואַרעם און ווייל ער האָט קיין רו אין זיך נישט געפונען. ער וואָלט ערגעץ אַנטלאָפן, וואָלט פאַרשוואונדן — די מיידל מיט די אָפּגענומענע פיס אויף דעם שטול מיט רעדלעך האָט אים גע־טריבן, געטריבן...

עס איז שוין געווען אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט, ווען ער איז אַריין אין בית מדרש אָנצואוואַרעמען זיך. אין בית מדרש האָבן געוואַכט עטלעכע ישיבה־בחורים איבער זייערע גמרות ביים מאַטן שיין פון אַ פּאָר יאָרצייט־ליכט. איטשע האָט זיך אַריינגערוקט אומבאַמערקט, צוגעשטעלט זיך ביי דער הויכער קאַכלנער הרובע נישט ווייט פון דער טיר, געוואַרעמט זיין רוקן און זיינע הענט, מיט די אויגן אָנגעשטעלט צום אָרון קודש אויף יענער זייט פון דער בימה און מיט די אויערן צום שטילן ניגון פון די לערנער. אָבער זיינע אויגן האָבן געזען נאָר די מיידל אויפן פאָרשטול, און זיינע אויערן האָבן זיך שאַרף צוגעהערט צו דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אים אַליין, צו שטימען פון חרטה, פון בושה, פון ווייטיק און פון טרערן. און אָט האָט ער פאַרנאַנדערגעריסן די אויגן, פאַרריסן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט זען וואָס אַ גרעסערן טייל פון דעם אָרון קודש, און זיין האַרץ האָט געטיאַכקעט. ער האָט זיך אָפּגע־ריסן פון דער הרובע און איז כמעט אַרויסגעלאָפן פון בית מדרש. דרויסן האָט ער זיך געקלאַפּט אין קאָפּ, און איז זיך אויך אַריינגעפאָרן אין דער מאָרדע, פאַרוואָס עס איז אים גלייך נישט איינגעפאַלן דאָס, וואָס עס איז אים איצטער איינגעפאַלן. ער איז געגאַנגען שנעל, ווי אימיצער וואָלט אים געשטופּט. —

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ... אַ שווערע האַנט אויף אַ צוגע־ריגלטער טיר.

הינטער דער טיר האָט זיך גאָרנישט נישט אַ באַוועג געטאָן.

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ... די שווערע האַנט אויף צוגעמאַכטע לאָדנס.

הינטער די לאָדנס שטימען. איימיצער ווערט געוועקט. איימעצער בייזערט זיך.

קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ... די שווערע האַנט ווידער אויף דער צוגעריגלטער טיר.

הינטער דער טיר טריט.

„ווער קלאַפּט דאָרטן? ווער אינמיטן דער נאַכט?"

„איך."

„ווער איך?"

„איטשע".

„איטשע?! וואָס פאַר אַ איטשע?"

„איטשע... כאַפּון!..."

„אַז כאַפּן זאָל דיך די כאָליערע! האָסט דאָ קיינעם נישט צו כאַפּן! נישטאָ דאָ מער פאַר דיר קיין קליינע יינגלעך!..."

„רב כאַטשע, איך..."

„האַ? ווער האָסטו געזאָגט, ביסטו? איטשע?"

„יאָ, איטשע."

„וואָס דו ביסט דאָ פריער געוועזן?"

„יאָ."

„איז וואָס עפּעס?... וואָס האָט דיך אָנגעטראָגן אינ־מיטן דער נאַכט? ביסט דאָרטן אליין? ביסט דאָרטן נישט משוגע געוואָרן? ביסט נישט שיכור? וואָסטו דאָרטן פאַר־טראַכט? זאָל איך טאַקע עפענען די טיר?"

„עפנט, רב כאַטשע".

„פונוואַנען ווייס איך, אַז דו ביסט איטשע? אפשר ביסטו דאָרטן אַ שד מיט הערנער, נישט אינדערנאַכט צו דערמאָנען?"

„ווי איך בין אַ ייד, רב כאַטשע!"

„אַז דו ביסט טאַקע איטשע?"

„איטשע".

„איז וואָס טאַקע אין מיטן דער נאַכט? האָסט געבראַכט פון דיין שכירות?"

„ניין, איך וויל..."

„גיי זיי מוחל אהיים און וויל דאָרטן!"

„משדך זיין זיך..."

„הא? וואָסטו דאָרטן געזאָגט?"

„אייער טאָכטער... חתונה האָבן... מיין תשובה..."

די טיר האָט אויפגעפּראַלט, אַ האַנט האָט זיך אויסגע־שטרעקט, אַ כאַפּ געטאָן איטשען און שנעל אריינגעשלעפּט אי־נעווייניק אין פירהויז און צוגעהאַקט די טיר.

„זאָג איבער נאָך אַמאָל, וואָס דו'סט געזאָגט!" האָט כאַ־טשע שנעל געפּליסטערט פון דער פינצטערניש אַרויס.

איטשע האָט איבערגעחזרט. ער האָט כאַטשען נישט געזען און איצטער אויך נישט געהערט, ווייל כאַטשע האָט איינגע־האַלטן זיין אָטעם אין דערוואַרטונג. די ווערטער, וואָס איטשע האָט אַרויסגערעדט, האָבן געקלונגען ווי אַ פרומע שבועה, אזוי ערנסט, אזוי יראהדיק.

„מיין תשובה... איך וויל חתונה האָבן מיט אייער טאָכ־טער... איך וויל גוט מאַכן"...

דער שניידער האָט אים אין דער פינצטער אָנגעכאַפּט פאַר די לאַצן פון זיין פּעלצל, געוואָלט עפּעס זאָגן, אויפגעלאַכט, ענדלעך אַרויסגעשעפּטשעט: „וואַרט דאָ, וואַרט!" און איז פאַרשוואונדן.

פון צימער האָט זיך דערהערט דער טאָכטערס שטים:
„מיט וועמען האָסטו דאָרטן גערעדט? ווער איז דאָרטן?"
כאַטשע האָט געענטפערט:

„ועסט באַלד זען!... וועסט באַלד זען!..."

עס האָט טונקל אויפגעלויכטן דער קאַגאַניעץ, שטאַנדיק אָנגעוויזן דעם וועג פון פירהויז אין צימער אַריין.

„קום אַריין! קום אַריין!" האָט פרייליך איינגעלאַדן דער שניידער.

איטשע איז אריין אין צימער, געבליבן שטיין אין דער טיר, האָט אריבערגעקוקט צו דער מיידל, וועלכע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט.

זי האָט אויפגעריסן די אויגן, ווען זי האָט אים דערזען, גלייך אָוועקגעלייגט זיך און אַרונטערגערוקט זיך ביז דער נאָז אונטער דער דינער פּערינע, מיט וועלכער זי איז געווען צוגעדעקט. איטשע האָט געזען צוויי גרויסע אויגן, וואָס האָבן אַריבערגעפּלעמלט צו אים מיט דערשטוינונג און אפשר מיט מורא.

„דאָס איז ער", האָט דער שניידער גערעדט צו זיין טאָכטער. „דו זעסט אים? דו דערקענסט אים? איטשע כאַ —" ער האָט דאָס וואָרט נישט דערזאָגט און פּאַרענדיקט גוטמוטיק, אויפגעלעבט, מיט אַ כּמו־קללה: „אַז כאַפּן זאָל אים! ווייסט, וואָס'ט אים אָנגעכאַפּט? ער וויל דאָך מיט דיר חתונה האָבן! פאַרשטייסט, אינמיטן נאַכט האָט עס אים אָנגעכאַפּט!... ער וויל נישט וואַרטן אויף קיין כאָליערע אָדער אַן אַנדער מגפה, העהעהע... ער וויל דיך אויסכאַפּן גלייך!... איז עס נישט אַ הינגע וחינגע?" האָט ער אויסגערופן, פאַרגרייזנדיק די ווערטער „הילולא וחינגא" אָבער ריכטיק איבערגעבנדיק זייער פריילעכן מיין.

„איז ער משוגע געוואָרן?" האָט די מיידל געפרעגט אין דער לופט אריין, נישט אָפּווענדנדיק אירע גלאָצאויגן פון איטשען.

איטשע האָט אָנגעהויבן צוצוקומען צו איר בעט:

„מיין תשובה... איך וויל חתונה האָבן מיט דיר..."

די מיידל האָט זיך אינגאַנצן אַרונטערגערוקט אונטער דער פּערינע, איבערדרייענדיק זיך אויף דער רעכטער זייט פון דעם אויבערשטן טייל פון איר קערפּער.

איטשע האָט אָוועקגעלייגט זיין קלאַפּער לעבן בעט, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער פּערינע, מיט לאַסקע אַרומבאַוועגט זיין האַנט איבער דער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער פּערינע. די מיידל האָט אויפגעציטערט, געוואָלט אַראָפּ־

וואַרפן די האַנט, געמאַכט אַ באַוועגונג, אָבער נישט פאַרענדיקט זי. איר האַרץ איז איר שיר נישט שטיין געבליבן. זי האָט זיך צוגעהערט צו דער האַנט, געפילט איר קראַפט און לאַסקע. איר קערפּער האָט געציטערט, געקאָרטשעט זיך, און געצויגן זיך צו דער האַנט, געבעטן זיך ביי איר, געגעבן זיך איר. זי האָט דאַכט זיך דערפילט די אָפּגענומענע פיס.

און איטשע האָט גערעדט:

„וועל זיין דיר אַ גוטער מאַן... איך טרינק נישט... בין אַ פרומער.. ברענג נישט אוים קיין געלט... מיין גאַנצע שכירות וועל איך דיר אָוועקגעבן... וועל זיין דיר אַ געטרייער מאַן..." ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם „פּאָרער", וואָס איז געשטאַנען ביים צוקאָפּנס פון בעט, און צוגעגעבן: „איך וועל דיך טראָגן אויף די הענט... בין געזונט... זייער גע־זונט.. איך קאָן דיך ווי אַ קינד.."

„דו הערסט, האַ?" האָט זיך כאַטשע אַריינגעמישט, מיטביידע הענט אָנגעשפּאַרט אָן טיש, אַריבערקוקנדיק צו דער טאָכ־טער. „וואָסטצעך אַריבערגעדעקט? וואָסטו פאַרלייגט די אויערן?... דו הער זיך בעסער צו... האָסט געהערט, וואָס ערט געזאָגט?.. אויף די הענט וועט ער דיך טראָגן!... קאָנסט עס אים גלויבן!... ער קאָן דיך איינטראָגן מיטן בעט צוזאַמען! נו, וואָס זאָגסטו דערצו, האַ?"

ווען כאַטשע האָט גערעדט, האָט איטשע אויפגעהערט אַרומ־צובאַוועגן זיין האַנט אָבער נישט אַראָפּגענומען זי פון דער פּע־רינע און געהאַלטן זי רואיק אויף דער מיידלס אַקסל. די מיידל האָט זיך צוגעהערט צו דער האַנט — וועט זי זיך ווידער אָנ־הייבן אַרומגליטשן איבער דער פּערינע? — און פאַרשטיקט אַרויסגערעדט פון איר פאַרקריכעניש:

„וואָס האָט ער זיך אויסגעזוכט צו קומען אין מיטן דער נאַכט?"

„ווייס נישט", האָט איטשע געזאָגט, און זיין האַנט האָט ווידער אָנגעהויבן צו גלעטן און לאַסקען. „איך האָב געפילט, איך מוז גיין... געפילט, איך מוז עס טאָן..."

„וואָס אַרט דיך, ווען ? בהמה !" האָט כאַטשע געלאַכט. „ווער דאַרף דאָ קוקן אויף אַ זייגער ? ווער פֿרעגט דאָ ביי די הענער ? מוז דווקא זיין זון ? מוזן דווקא ברענען שטור־קאַטשן ? אָט אַזוי פאַרשטיין איך אַן עסק ! עס האָט אים אָנגעשפּאַרט, איז ער געקומען. פאַרשפּאַרט אַ שדכן און שדכנות־געלט... אַ כוואַט !..."

„איך בין נישט אָנגעטאָן", האָט די מיידל אויסגערופן פון אונטער דעם צודעק.

„אָט דאָס איז אַלץ ?" האָט אַרויסגעלאַכט דער שניידער. „חתן־בחור, דריי זיך אַוועק, קוק אָט אַהער אויף מיר און דריי זיך נישט אום, ביז מען וועט דיר נישט זאָגן : פאַרטיק ! און דו, מיין כלהשע, מיין פיינ׳עטל בת רב כאַטשע דער שניידער, וואַרף אויף זיך אַרויף, וואָס דו האָסט אויף זיך אַרויפצוּוואַרפן..."

„איך בין נאָך אַזוי שלעפעריק... איך וויל נאָך שלאָפן..." האָט פיינע עטל געזאָגט פון אונטער דער פערינע און אַוועקגע־לייגט זיך אויפן רוקן, געוואָרט אויף די לאַסקע־באַוועגונגען... אָבער איטשע האָט זיך פאַרשעמט און אַוועקגענומען די האַנט, אָפּגעקערט דעם פּנים.

זי האָט אַראָפּגערוקט די פערינע פון איבערן קאָפּ און אָנגעשטעלט אירע אויגן אויף איטשען. זי האָט נעקוקט אויף זיין שטאַרקן נאַקן, זיינע ברייטע פּלייצעס, און איר ברוסט איז שנעל געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. מיט עטלעכע שעה צוריק האָט זי זיך דערשראָקן פאַר אים, געשאָלטן אים מיט ביטערע קללות, צוגעשוואָרן זיך, אַז זי וועט נאָרנישט טועם זיין פון זיין געלט, און איצטער האָט זי געוואָלט זען זיין פּנים, געבענקט נאָך דער לאַסקע פון זיין קרעפטיקער האַנט, געגאַרט, ער זאָל זי אויפהייבן און טראָגן אויף די הענט, און דער אָנבליק פון זיינע ברייטע פּלייצעס און שטאַרקן נאַקן האָט געווירקט אויף איר ווי אַ מאַגנעט.

און דער שניידער האָט דערווייל גערעדט צו איטשען:

„וואָס שלאָפן! ווען שלאָפן! ווער וועט איצטער גיין צוריק שלאָפן! איך בין אפילו אַ בעלן אויפוועקן דעם פּאַ־פּער דאַרטן און אַרויסשלעפּן אים פון זיין קאַטוך!... העי, הערשל, שטיי נאָר אויף און קום אַרויס!" האָט ער אויסגע־שריען אין דער זייט פון דעם פינצטערן צימערל הינטערן אויוון, און גלייך געווענדט זיך צו דער טאָכטער: „און דו טו, וואָס איך זאָג דיר. האָסט שוין אַרויסגערוקט דעם קאָפּ, טיק רוק זיך ווייטער אַרויס... ער קוקט נישט... כאַפּ אויף זיך עפּעס אַרויף... און ווייסט גאָר וואָס? זעץ זיך אַרויף אויף דיין פּאַרער און מאַך אונז גאָר עפּעס אַ ביסל וואַרעמס.. וואַרט, מיר וועלן בעסער מאַכן אַ לחיים!" ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די פּאָליצעס, וואָס זיינען געווען צוגעשלאָגן ביי דער וואַנט רעכטס פון דער טיר, און ווייטער גערעדט: „די קשיה איז נאָר, מיט וואָס פאַרבייסט מען!..." ער האָט אַראָפּגענומען פון דער אונטערשטער פּאָליצע אַ פלעשל מיט משקה און עטלעכע קעלישקעס און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. „הא, וואָס זאָגסטו עפּעס וועגן פאַרבייסן?" האָט ער זיך געווענדט צו דער טאָכ־טער, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן און האָט געקוקט אויף איטשען: „וואָס ליגסטו און קוקסט? וועסטצעך שוין אויף אים אָנקוקן, נישקשה!... באַוועג זיך!... נאַ, איטשע, מיר וועלן דער־ווייל מאַכן לחיים.." ער האָט אָנגעגאָסן צוויי קעלישקעס. „דאָס וועט זיין קנס־מאָל. דו פאַרקנסט זי. ווערסט געבונדן... און איך זאָג דיר גלייך, אויסער אירע אָפּגענומענע פּים האָט זי גאָרנישט. דו קענסט זי אפילו נישט נעמען, ווי זי שטייט און גייט. דו וועסט זי מוזן נעמען, ווי זי זיצט און ליגט, נאָר דעם פּאָרער וועל איך איר מיטגעבן. מיין אַרבעט... איך האָב אים אַליין געמאַכט... בין אַן אומן יד. וואָלט איך נאָר אַזאַ שניידער געווען, ווי איך קאָן אַלץ... האַהאַהאַ... גוט אַריינגעזאָגט זיך אַליין, ווי?... נו, לאָמיר מאַכן לחיים. לחיים, איטשע! לחיים, טאָכטער! עס איז מן השמים.. אַלץ מן השמים!... נו, מאַך ברכה... אַי וויי, איך דאַרף דאַכט

זיך אָפּגיסן נעגל־וואַסער! וואָס זאָגסטו, מורה הוראה מיינער? דו האָסטאָך געטראָגן אויף דיין קאָפּ אַ גאַנצן ש״ס מיט אַ יורה דעה, האַהאַהאַ... עס איז נאָך נישט פאַרטאָג, איך האָב מיין שלאָף נישט אויסגעשלאָפן, דאַרף איך אפשר נאָך נישט קיין נעגלוואַסער... אָבער זאָל מיינס אַריבערגיין...״

ער איז אַוועק צום פאַס אין פירהויז, אָנגעשעפּט אַ קענדל וואַסער, באַגאָסן זיינע הענט איבער דער פּאַמוינִיצע, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון, באַרירט מיט זיינע נאַסע הענט זיינע אויגן, אָפּגעווישט הענט און אויגן מיט דעם גאַנץ שוואַרץ געוואָרענעם האַנטוך, וואָס איז געהאַנגען איבער דער טיר, און די גאַנצע צייט גערעדט:

„דו ווייסט נישט, איטשע, וואָס פאַר אַ גרויסע תשובה דו האָסט אויף זיך גענומען... אַזאַ תשובה, אַז דו האָסט פאַרשטעקט מיך מיטן גאַנצן עולם הבא, וואָס איך האָב דאָרטן אָפּגעשפּאָרט... אָבער איך מוז דיר זאָגן: זי איז טאַקע אָן פּיס, און דאָס האָט זי דיר צו פאַרדאַנקען, אָבער זי איז אַ גרויסע בריה... אָט אַזוי אַ פּאָרט זי זיך אַרום איבערן שטוב און מאַכט דיר אַ קוגל, האָסטו אַזאַ קוגל ביי דיין מאַמען נישט גענעסן... איך גיב איר אַ ביסל מעל מיט כשרע פאַדים און ביי איר קומט אַרויס אַ קוגל, אַז איך קאָן זיך נישט אָפּלעקן... און וואָס קאָן זי נישט?...״ ער האָט אויפגעהאַנגען דעם האַנטוך. „נאַ, איצטער ווען מיר מאַכן ברכה..״ ער האָט גענומען זיין קעלישעק. „וואָס נעמסטו נישט? נאַ!״

ער האָט אַריינגעשפּאַרט איטשען אין האַנט דעם צווייטן קעלישעק און געמאַכט די ברכה „שהכל״. איטשע האָט אויך געמאַכט די ברכה. ביידע האָבן אַ ביסל אַ זופּ געטאָן, גלייכצייטיק צוגעוואונטשן זיך לחיים, אָבער נאָך נישט געטרונקען. כאַטשע האָט זיך נאָך געווענדט צו פייגע עטלען:

„לחיים, פייג׳עטל! לחיים, טאָכטערקע! הלוואי...״ ער האָט נישט געקאָנט רעדן. ער האָט דערפילט טרערן אין האַלדז, שנעל אַריינגעקערט דעם קעלעשיק, און געזאָגט צו איטשען:

„זאָג איר לחיים, זי הייסט פייגע עטל...״

איטשע האָט זיך אומגעווענדט צו דער מיידל:

„לחיים, פייגע עטל!"

פייגע עטל איז געלעגן און פון אירע אויגן האָבן זיך גע־גאָסן שטילע טרערן.

ביי איטשען האָט זיך אַ טרייסל געטאָן די האַנט. ער האָט דערפילט אַרום האַרץ, וואָס ער האָט דערפילט, ווען ער איז גע־שטאַנען אין דער טיר פון צאַלע דעם אַלמערניק. ער האָט אַ קיי געטאָן מיטן מויל, אַראָפּגעשלונגען, געשטאַרקט זיך און אַ פרעג געטאָן:

„פאַרוואָס וויינסטו, פייגע עטל?"

פייגע עטל איז שנעל אַרונטערגעקראָכן מיטן קאָפּ אונטער־דער פּערינע און קאָנוואולסיוו געוואָרפן זיך אין ביטערן געוויין. דער שניידער האָט שנעל אויסגעטרונקען נאָך אַ גלעזל, געמאַכט זיך האַרץ און אויפגעלעבט געזאָגט:

„זי וויינט גאָר?! פייג'עטל בת רב כאַטשע דער שניידער, וואָס וויינסטו? אַז דיר איז באַשערט אַזאַ גליק אין דיין אומ־גליק, איז וואָס וויינסטו? דאַרפסט גאָר קוועלן, זאָג איך דיר. געזונטע מוידן, לויפּערקעס און טענצערקעס, וואָלטן זיך געפילט גליקלעך, ווען זיי קריגן אים פאַר אַ חתן!..."

דאָס איז אויך געוועזן אמת. מען האָט בּיסלעכווייז אָנגע־הויבן צו פאַרגעסן איטשעס טאַטן און זיינע ייִנגלשע יאָרן און אַלץ מער אָנגעהויבן צו זען אין אים דעם שיינעם, געזונטן און ערלעכן בחור, און נישט איין מיידל אין די הייזער פון אָרעמ־קייט און נויט האָט זיך שטילערהייט צוגעוואונטשן, אַז ער זאָל זיך פאַרקוקן אויף איר. אָבער ער איז אַרומגעגאַנגען מיט דער טאַטע־לאַסט אויף זיך און נישט אויפגעהויבן די אויגן אויף קיין מיידל. און אויך איצטער, ווען דער שניידער האָט דערמאָנט די מיידלעך, זיינען די ווערטער פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אים, ווי זיי וואָלטן נישט אים געמיינט. ער האָט אַרויפגעלייגט אויף דער וויינענדיקער פייגע עטל אַ באַרואיקנדיקע האַנט און רחמנות־פול גערעדט:

„וויין נישט, פייגע עטל!... ביזט נישט די איינציקע קאַ־

ליקע... איך וועל זיין א גוטער מאן... איך קאָן דיר שווערן...
וועל דיך טראָגן אויף די הענט... דיר וועט ביי מיר גאָרנישט
פעלן.. מיין תשובה... איך וועל גוט מאכן..."

איך קערפּער האָט זיך אויפגעהערט צו וואָרפן, געוואָלט זיך
צוהערן צו איטשעם האַנט און לאַסקע. אָבער כאַטשע האָט
געמוזט אויסטרינקען א דריט גלעזל. איצטער האָט ער אינגאַנצן
אויסגעטריקנט אין זיך די טרערן. איצטער האָט ער געוואָלט
פריילעך זיין און פריילעך מאכן.

„אָ, איך וויס, פאַרוואָס זי וויינט!" האָט ער אויסגע־
רופן. „מען האָט איר נישט געגעבן קיין לחיים! מיר האָבן
געטרונקען און איר גאָרנישט געגעבן!... טאַקע אַן עוולה!...
איך וואָלט זיך אויך צעראָוועט... אָבער האָסט'אָך געקאָנט
זאָגן, דו שוטה דו!... וואָס האָסטו געדאַרפט צוויינען זיך?
אַט קריגסטו גלייך א לחיים, און מיר וועלן אויך איבערחזרן!..."
ער האָט אָנגעגאָסן דאָס דריטע גלעזל און געווענדט זיך צו
איטשען: „גיב מיר נאָר דיין גלעזל..."

איטשע האָט אַוועקגעשטעלט זיין גלעזל אויפן טיש.

„וואָס?" האָט אויסגערופן דער שניידער. „האָסט נאָך
גאָרנישט געטרונקען? ביסט דאָך א שלימעזאַלניק!... טיק
נעם עס צוריק!... איצטער וועלן מיר טרינקען אַלע דריי"...
ער איז צוגעגאַנגען צום בעט, אַראָפּגעשאַרט די פּערינע פון פייגע
עטלס קאָפּ. „נו, זעץ זיך אויף, און מיר וועלן אַלע דריי מאכן
לחיים... וואָרט, וואו איז דיין קאָפּטל?... אַט איז דיין
קאָפּטל... נאַ, טו אָן... דריי זיך אַוועק, חתן־בחור!"

איטשע האָט אָפּגעווענדט דעם קאָפּ, אָבער די האַנט, וואָס
איז געלעגן אויף איר אַקסל, נישט אַוועקגענומען.

„נעם אַוועק דיין לאַפּע, וועט זי זיך קאָנען אויפזעצן און
אָנטאָן", האָט כאַטשע געזאָגט.

איטשע האָט א הייב געטאָן די האַנט. פייגע עטל האָט
שנעל אַרויסגעכאַפּט אירע הענט פון אונטער דער פּערינע און
אָנגעכאַפּט זיך מיט זיי אָן איטשעם האַנט. איטשע האָט זי לאַנג־

זאָם אויפגעהויבן, אויפגעזעצט, פּאַמעלעכלדיק ציענדיק זיין האַנט.

זיין האַנט האָט צום ערשטן מאָל געפילט די באַרירונג פון מיידלשע הענט, אירע הענט האָבן צום ערשטן מאָל אַזוי ענג אַרומגענומען די הענט פון אַ בחור — עפּעס האָט זיי ביידן דורכגענומען, אויפגעטרייסלט, דערוואַרעמט. איצטער זיינען זיי געוואָרן חתן־כּלה. זי האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן זיין האַנט, ער האָט זי נישט געוואָלט אַוועקנעמען. אָבער ער האָט לאַנגזאַם אַ קער געטאָן זיין קאָפּ צו דער מיידל, און זי האָט זיך פאַרשעמט. האָט אָפּגעלאָזן זיין האַנט, און פאַרדעקט איר ברוסט מיט דער קאָפּטע, וואָס דער טאַטע האָט געהאַלטן פאַר איר.

„און אָט נעם דיין קעלעשיק", האָט כאַטשע געזאָגט, איבער־געבנדיק איר דאָס גלעזל, „נו, לחיים, איטשע! לחיים, פייג'עטל! לחיים, חתן כּלה!" זיינע אויגן זיינען דאָך פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן. ער האָט שנעל אויסגעטרונקען זיין גלעזל און געזאָגט: פונדעסטוועגן דאַרף מען אַ זוך טאָן עפּעס אַ פאַרבייסן!" און איז שנעל אַוועק צו די פּאָליצעס, באַהאַלטן די פאַרלאָפענע אויגן.

„זעץ זיך", האָט פייגע עטל דערווייל געזאָגט צו איטשען. „דו שטייסט'אָך די גאַנצע צייט. נעם אַ בענקל און זעץ זיך.. קאָנסט זיך אַוועקזעצן אויפן בעט, אויב... אויב דו ווילסט.. און טו אויס דיין פּעלצל. דיר מוז דאָך שוין זייער הייס זיין"..

איטשע האָט אויסגעטאָן דאָס פּעלצל און אַוועקגעזעצט זיך אויפן ברעג בעט.

„איך האָב!" האָט פריידיק אויסגעשריען כאַטשע ביי די פּאָליצעס. „און נאָך וואָס פאַר אַ פאַרבייסן! אַ שטיקל לעקאַך!... וואָס ביי אַ קבצן קאָן זיך פאַרוואַלגערן!... ווי קומט עס אַז איך זאָל פאַרגעסן?... וועט טאַקע איצטער זיין אַן אמתער לעקאַך און בראָנפן!..."

ער האָט צעבראָכן דאָס שטיקל לעקאַך אויף דריי חלקים און צוגעאיילט צום טיש:

„זע, איר האַלט נאָך אייערע פולע גלעזלעך! איצטער מאָגט איר אוודאי מאַכן לחיים!... פאַראַן לעקאַך! לעקאַך!..."

„לחיים, פייגע עטל!" האָט איטשע געזאָגט.

„לחיים, איטשע!"

זי האָט ארויסגעזאָגט זיין נאָמען צום ערשטן מאָל אָן זיין צונאָמען און אָן א באַגלייטנדיקער קללה, און אזוי ווייך, אזוי לאַסקענדיק.

זיי האָבן ביידע א זופּ געטאָן, אָנגעקוקט זיך, און אויסגעטרונקען די גלעזלעך ביזן דעק. דערפילט זיך פּלוצלונג ווי אָנגעהייצט, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט. כאַטשע האָט זיי א ווײַלע פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און גלייך אויך צעלאַכט זיך. געוועזן א קורצער געלעכטער, דעם טרויער פון זייערע הערצער האָט ער נישט פאַריאָגט.

כאַטשע האָט אויסגעטיילט דעם לעקאַך, וועלכער איז שוין גוט ווייך געוואָרן פון לאַנגן ליגן, און דאָס עסן איז אוועק אָן דעם רוישיקן כראָמשקען.

„זאָל איך דיר באַווייזן, ווי איך וועל דיך ארומטראָגן?" האָט איטשע געפרעגט פייגע עטלען.

כאַטשע האָט אויסגעכאַפּט דעם ענטפער, ווי נישט צו דערלאָזן צו אזא זאַך:

„וועסט נאָך צייט האָבן! וועסט נאָך צייט האָבן!" האָט ער שנעל געזאָגט.

„דיך טאַקע מיטן בעט צוזאמען", האָט איטשע ווייטער גערעדט.

„הייב זיך נאָר אָן מיטן בעט, וועט'עם זיך דיר באַלד צעשיטן", האָט כאַטשע ווייטער אריינגעמישט זיך. „און זיי טאַקע נישט אויף אים, עס קאָן נאָך כאַפּן ריסוק אברים".

איטשע איז געוועזן צעוואָרעמט פון דער משקה, פון דער נאָענטקייט פון דער מיידל, פון זיין גרויסער תשובה. ער איז אויפגעשפּרונגען, געקוקט אויף פייגע עטלען, געשטאַנען אָנגעצויגן, ווי אָט־אָט וועט ער עפּעס אָפּטאָן, פאַרוואָס טאַטע און מאַמע האָבן א ביסל מורא געהאַט. אָבער ער האָט נאָר אויפגעהויבן די הענט, פאַרנאַנדערגעשפּרייט זיין ברוסט און ארויסגערעדט הויך און שטאַרק, ווי ער וואָלט געשוואָרן א הייליקע שבועה:

„איך וועל זיין דער בעסטער מאַן!"

# דערנאָכדעם

ער איז געווען דער בעסטער מאַן, דער בעסטער חתן, דער בעסטער געליבטער.

ווען ער האָט אָנגעזאָגט זיין מאַמען, אַז ער גייט חתונה האָבן מיט כאַטשע דעם שניידערס טאָכטער, אַ קאַליקע מיט אַפּגענומענע פיס, האָט זיך די מאַמע צוערשט געכאַפּט פאַרן קאָפּ, געמיינט, אַז ער איז משוגע געוואָרן, און באַלד אָנגעהויבן צו שיטן מיט קללות אַפריער אויף אים, דערנאָך אויף איר...

איטשע האָט זי איבערגעריסן מיט אַ דונערקלאַפּ אָן טיש:

„מיך מאָגסטו שילטן, זי זאָלסטו זיך נישט דערוועגן!"

„וואָס איז? וועסט מיר פאַרשטאָפּן דעם מויל?" האָט די מאַמע געשריען מיט שוים אַרום מויל.

„איך וועל!" האָט ער אַרויסגעשטורעמט און אָנגעקוקט זי מיט אַזעלכע גזלנישע אויגן, אַז זי האָט זיך דערשראָקן און נישט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט. ער האָט אָנגעהאַלטן די גזלנישע אויגן און ווייטער געזאָגט: „נאָך דער חתונה וועל איך זי ברענגען אַהער. דאָרטן איז ניטאָ קיין פּלאַץ. וועל איך זי ברענגען אַהער. איז אויב זי וועט פון דיר הערן אַ קללה... איז אויב דו וועסט זיין שלעכט... איז געדענק דעם טאַטן!.. און אוים קדיש!..."

אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזן אַזוי, אַז דער טאַטע האָט גענומען די מאַמען. דער אַלמן און די אַלמנה זיינען זיך געפּעלן געוואָרן און געגאַנגען אונטער דער זעלביקער חופּה, אונטער וועלכער איטשע האָט מקדש געווען פייגע עטלען, וועלכע איז פריער אַרומגעפאָרן אַרום אים זיבן מאָל אויף איר פאָרער, געשטופּט פון איר טאַטן דעם אונטערפירער.

נאָך דער חופּה־וועטשערע איז די אַלמנה געבליבן ביים אַלמן, און איטשע האָט אַוועקגעטראָגן זיין ווייב פייגע עטל צו זיך אַהיים. אויף איין האַנט האָט ער זי געטראָגן, ווי מען טראָגט אַ גרעסער קינד, אויף דער אַנדער האַנט האָט ער געטראָגן איר גאַרדעראָב, איבערגעבונדן אין אַ ליילעך, און איר פאָרער. און געשפּרייזט

מיט פעסטע שריט מיט דער זעלביקער געהויבנקייט, ווי דעמאָלט ווען ער האָט געטראָגן דעם גרויסן פּאַק מיט ספרים. און ווידער ווי דעמאָלט איז מען אים נאָכגעגאַנגען, פאַרלאָפן דעם וועג, נייגעריק אָנגעקוקט, און זיינע אויגן האָבן געלויכטן, ווי צוויי ברענענדיקע ליכט, און עס איז געווען געזאַנג אין זיין גאַנג. זי האָט אים געהאַלטן אַרומגענומען מיט ביידע הענט אַרום האַלדז, דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל, און פון צייט צו צייט געקושט אים זיין באַק, ווען זי איז געווען זיכער, אַז קיינער קאָן נישט זען.

איטשע איז ד׳עמאָלט נישט געווען מער קיין שומר — ער וועט זי דאָך נישט לאָזן ביי דער נאַכט איינע אַליין. ער האָט זיך גענומען פאַר עפּעס נאָך זיינע כוחות: ער איז געוואָרן אַ טרעגער. אוועקגעשטעלט זיך אין מאַרק לעבן קלויסטער, וואו אַלע טרעגער זיינען געשטאַנען, און אָנגעבאָטן זיין קרעפטיקן רוקן פאַר אַלערליי משאות. און ער איז טאַקע געוואָרן אַ גוטער פאַרדינער, און האָט געהאַט די געלעגנהייט אפילו אינמיטן טאָג, און עטלעכע מאָל אין טאָג, אַריינכאַפּן זיך צו זיין פייגע עטלען.

וואָס האָט מען זיך נישט אָנדערציילט פון דער ליבשאַפט צווישן דעם ריז און דעם קריפּל! מען האָט זיך נישט געקאָנט אָפּריידן פון זיין געטריישאַפט. ווי ער גיט איר אָוועק אַלץ, וואָס ער פאַרדינט, ווי ער טראָגט זי אַרום אויף די הענט, ווי ער לייענט איר אָפּ פון מויל איר קלענסטן פאַרלאַנג, ווי ער שיינט גאָר אויף, ווען ער קוקט זי אָן.

און זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסער בריה. דאַכט זיך מיט אָפּגענומענע פיס. שטענדיק אויף איר פּאָרער, האָט זי געהאַלטן אירע צוויי חדרים אַזוי שיין און ריין, אַז די געזונטע שכנות האָבן זיך געדאַרפט ביי איר לערנען. און דערביי איז זי געווען שטיל ווי אַ טויב, גוט און האַרציק, און אויף איטשעס געזיכט האָט זיך באַוויזן דער שמייכל, וועלכער איז דאָרטן פריער קיינמאָל נישט געווען און איז שוין מער קיינמאָל פון דאָרטן ניט אַראָפּ — אַ פאַרחלומטער שמייכל פון איבערגעלעבטער גוטסקייט.

ווען זי האָט געבאָרן דאָס ערשטע קינד, איז געשען אַ נס: זי האָט דערפילט אירע פיס. זי האָט אָנגעהויבן צו קאָנען זיי באַ־

וועגן, געקרימט זיך, ווען מען האָט זיי געקניפּן, און געלאַכט, ווען מען האָט זיי געקיצלט. ווען זי האָט אין זעכצן חדשים אַרום גע־באָרן דאָס צווייטע קינד, האָט זי אָנגעהויבן אַרומצוגיין. די שטאָט האָט גערוישט מיט דעם נס. מען איז געלאָפן זען דאָס וואונדער. פאַר דורכפאָרער האָט מען זיך געגרויסט מיט דער געשעעניש. פאַר איטשען האָט מען געקראָגן דרך ארץ אין גאַס און אין שול: מען האָט אים געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין אָרט ביי דער טיר און פאַר־נעמען אַ פּלאַץ ביי דער דרום־וואַנט, וואָסערע זעקס־זיבן שורות פון דער מזרח־וואַנט...

אָבער די ביידע קינדער, ביידע — ייִנגלעך, האָבן זיך נישט לאַנג געהאַלטן. זיי זיינען געבאָרן געוואָרן שוואַכינקע, קוים זשאַ־ווענדיקע. דער קלענסטער ווינט האָט זיי אָוועקגעבלאָזן. איינעם נאָך דעם אַנדערן אין אַ קורצער צייט.

איטשע האָט אָנגענומען דאָס אומגליק, ווי עפּעס, וואָס עס קומט אים.

„גאָט האָט ביי מיר צוגענומען די קינדער פאַר די קינדער, וועלכע איך האָב צוגענומען", האָט ער געזאָגט צו פייגע עטלען.

„האָט ער זיי ביי ד י ר צוגענומען", האָט געוויינט די אומ־גליקלעכע מאַמע. „אָבער פאַרוואָס האָט ער זיי ביי מ י ר צוגע־נומען?"

„האָט ער דיר דערפאַר אומגעקערט די פיס", האָט ער זי געטרייסט.

ניין, זי וואָלט בעסער געוואָלט בלייבן אָן די פיס... אָבער ער האָט זי נישט געלאָזט דאָס אויסרעדן.

ער האָט נאָר געוואָלט וויסן, וויפיל קינדער וועט גאָט ביי אים צונעמען. אָבער שוין דאָס דריטע קינד איז געבאָרן געוואָרן אַ געזונט און קרעפּטיק, און איז בייגעשטאַנען די שווערסטע ווינטן. און אַזוי אויך דאָס פערטע און דאָס פינפטע. אָבער די דריי זיי־נען געווען מיידלעך, און נאָך זיי האָט אויפגעהערט דאָס קינדלען, און ער האָט שטאַרק געוואָלט האָבן אַ זון, אַ יאַטל, אַ קדיש...

ווען די יאָרן האָבן זיך געמערט און קיין זון איז נישט גע־באָרן געוואָרן, האָט ער געוואוסט, פאַרוואָס דאָס איז געשען. ער

האָט עס שוין לאַנג חושד געווען, אָבער ענדלעך איז עס געוואָרן בײַ אים באַשטימטקייט.

„מײַן שולד . . . מײַן עבירה, וואָס מיר האָבן נישט קיין זון", האָט ער געזאָגט צו פּייגע עטלען.

„שוין גאָר אַזוי!" האָט פּייגע עטל געפּראָטעסטירט. „וואָס נאָך וועסטו זאָגן?"

ער האָט נישט געקוקט אויף איר, נאָר אין ערגעץ אַ ווײַטקייט אַרײַן, און לאַנגזאַם גערעדט:

„איך טראַכט שוין לאַנג . . . איך האָב שווער געזינדיקט . . . נישט גוט געטאָן . . . נישט געזאָגט קדיש נאָכן טאַטן."

פּייגע עטל האָט נישט געענטפערט, פאַרביסן די ליפּן, צו־דריקט אַ טרער.

אויך זי האָט שוין לאַנג דאָס געטראַכט, נאָר מורא געהאַט אַרויסצובררענגען אויף די ליפּן. זי האָט אָבער אויך געטראַכט, אַז איר איטשען האָט מען שוין לאַנג מוחל געווען אַלע עבירות.

איר צודריקטע טרער האָט באַפעסטיקט איטשען אין זײַן באַ־שטימטקייט.

„האָב נישט געזאָגט קיין קדיש, האָב איך נישט קיין קדיש" . . .

איז געבליבן איבערצובעטן זיך מיטן טויטן טאַטן. ער האָט אוועקגעשטעלט אַ שיינע מצבה, געזאָגט תהלים — יעדן טאָג עט־לעכע קאַפּיטלעך תהלים פאַר דעם טאַטנס נשמה, פאַר דער נשמה פון רב אַבאַ בן פרומע דאָבע, געפּראַוועט יאָרצײַט, געזאָגט קדיש, געשטעלט ליכט. און דורכגערעדט זיך מיטן טאַטן און מיט עמיצן אַנדערש, מיט דעם עמיצן, וואָס הערט אַלץ און ווייס אַלץ:

„בין געווען אַ גאַרנישט . . . אַ יינגל . . . וואָס האָב איך גע־וואוסט? . . ."

עס האָט נישט געהאָלפן. דעמאָלט האָט ער צונויפגענומען אַ מנין ייִדן אויפן טאַטנס קבר און פאַר אַלעמען געבעטן מחילה בײַ זײַן טאַטן, און דער מנין ייִדן האָט אָנגעזאָגט דעם מת, אַז ער מוז מוחל זײַן. אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן.

האָט ער זיך שוין געווענדט דירעקט צו גאָט. אין בית מדרש בײַם דאַווענען, אין מאַרק בײַ דער קלויסטער־וואַנט, אין גאַס אונטער

אַ שוואַרצער משא, בײַ דער נאַכט אין דער פֿינצטערניש אין בעט. געקוקט אַרויף צום הימל, אָנגעשטעלט בעטנדיק די הענט און ווײַ־טיקדיק, תחנונימדיק באַוועגט די ליפּן:

„וואָס זאָל איך?... וואָס זאָל איך נאָך?... איך וויל דאָך אַ זון, אַ קדיש"...

אויך דאָס האָט נישט געהאָלפֿן.

ביז ענדלעך האָט ער אויפֿגעהערט צו האָפֿן און צו וואַרטן. יעמאָלט האָט ער גוטמוטיק און פֿריילעך און מיט אַ מאַך מיט דער האַנט שלום געמאַכט מיט דעם, וואָס אים איז באַשערט:

„איז נו!... איז אָן אַ קדיש!..."

## זײַן לעצטע תשובה.

ער איז שוין געווען קרוב צו פֿופֿציק יאָר, מיט אַ היפּש ביסל גרויע האָר אין באָרד און אין קאָפּ, ווען אין שטאָט איז אַרײַנגע־שטעלט געוואָרן אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען נײַען יידן. איטשע האָט אויפֿגעפֿלאַקערט. איצטער האָט ער די בעסטע, די פּאַסיקסטע תשובה. ער, וואָס האָט געהאָלפֿן זײַן טאַטן צו מאַכן יידישע קינדער פֿאַר אוים יידן, איבערגעגעבן זיי צו שמד, און צו עסן טרפֿות אַ גאַנץ יאָר און חמץ אום פּסח, וועט אויסקויפֿן איצטער זײַנע זינד אין פּולן. ער וועט זען, אַז די יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט אין באַטאַליאָן, זאָלן נישט עסן קיין טרפֿות. ער וועט געפֿינען פֿאַר זיי יידישע קעסט. נײַען יידישע סאָלדאַטן — דרײַ און זעכציק יידישע באַלעבאַטים וועלן נעמען צו זיך אַ סאָלדאַט אויף איין טאָג אין וואָך. ער אַליין וועט נעמען צו זיך אַ סאָלדאַט אויף שבת — וועט ער דאַרפֿן גע־פֿינען די איבעריקע צוויי און זעכציק.

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן איבער דער שטאָט צו געפֿינען די איבעריקע צוויי און זעכציק. אים איז נישט אײַנגעפֿאַלן צו גיין צום רב פֿון שטאָט, ער זאָל פֿאַררופֿן אַן אסיפֿה אָדער לאָזן אויס־רופֿן אין שול. ער האָט אויך מיט קיינעם זיך נישט מיישב געווען, מיט קיינעם נישט איבערגערעדט. עס איז זײַן תשובה, ער דאַרף זי

אליין אויספירן. ער האָט אפילו נישט דורכגערעדט זיך מיט באַ־לעבאָטים ביים דאַוונען, ווייל ער האָט געוואָלט אויך די צושטימונג פון די באַלעבאָסטעס. ער איז פשוט אוועק פון שטוב צו שטוב, באַזוכט צוויי און זעכציק יידישע הייזער. ווען פייגע עטל האָט אים געוואָלט ארויסהעלפן מיט איר עצה, צו וועמען ער זאָל יאָ אריינגיין און וועמעס טיר ער זאָל בעסער אויסמיידן, האָט ער געענטפערט:

„אַלע יידן גלייך. קיינערט נישט אָפּזאָגן".

און קיינער האָט אים טאַקע נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט אַליין געוואוסט, אַז ער דאַרף נאָר אויסמיידן אַזעלכע הייזער, וואו מען האָט אַליין נישט וואָס צו עסן, און אַזעלכע, וואו מען פאַרגינט זיך אַליין דעם ביסן נישט.

ער האָט אוועקגעגעבן אויף דערויף נאָר אַ פּאָר טעג פון איג־דערפרי ביז שפּעט אין אָוונט. באַזוכט היימען, קראָמען, וואַר־שטאַטן. זיין טאָן איז נישט געווען בקשה, אויך נישט באַפעל, נאָר האָט נישט צוגעלאָזן קיין אָפּזאָג.

„נייען יידישע סאָלדאַטן אין באַטאַליאָן... טאָרן נישט עסן קיין טאַרפע... מע דאַרף זיי פאַרזאָרגן מיט טעג... אַ סאָלדאַט אַ טאָג אין וואָך... וואָסער טאָג ווילט איר?"

איבעראַשונג. מען האָט אים נישט רעכט פאַרשטאַנען. מען האָט איבערגעפרעגט. ער האָט איבערגעחזרט מיט מער פעסט־קייט:

„נייען יידישע סאָלדאַטן אין באַטאַליאָן... טאָרן נישט עסן קיין טאַרפע... מען דאַרף זיי פאַרזאָרגן מיט טעג... אַ סאָל־דאַט אַ טאָג אין וואָך... וואָסער טאָג ווילט איר?"

ווען מען האָט אים פאַרשטאַנען, האָבן מאַן און ווייב איבער־געלייגט זיך, וואָסער טאָג פּאַסט זיי אַמבעסטן. און פאַרטיק.

„גוט," האָט איטשע צוגעשטימט, און איבערגעחזרט דעם טאָג. איינגעחזרט אין זיך. די און די דאָ און דאָ — מאָנטיק. די און די דאָ און דאָ — דינסטיק. און אַזוי ווייטער.

אין אַ סך היימען, און דווקא אין רייכערע, האָט מען געפּרואווט אויסטענען זיך מיט אים. האָט ער שוין איבערגערעדט מיט דעם

באַטאַליאָנעם קאָמאַנדיר דעם רשע? פונוואַנען וויים ער, אַז דער רשע וועט אָפּלאָזן די סאָלדאַטן? פונוואַנען וויים ער, אַז די סאָל־דאַטן וועלן עס גאָר וועלן?

„איר זאָגט צו", האָט ער דערווידערט. „קלייבט אויס דעם טאָג... ווייטער — מיין דאגה. איך דאַרף קומען צום קאָמאַנ־דיר: אַזוי און אַזוי, און פאַראַן אַלע טעג"...

עס מאָג דערציילט ווערן, אַז אין עטלעכע הייזער, און דווקא אין בעסעראַפּיקע, האָט מען אים אָנגערופן אַ טאָג מיט דער האָ־פענונג, אַז דער קאָמאַנדיר וועט אים מסתמא פאַריאָגן מיט דער נאַגאַיקע, וועלכע ער האָט שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט זיך. אָבער דערפאַר זיינען געוועזן נאָך אַ סך מער באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים פאַרגעוואָרפן:

„רב איטשע, וואָסט איר עפּעס מיך דורכגעלאָזן?"

ער האָט זיי באַרואיקט.

„נייען סאָלדאַטן בלויז. וועלן צוקומען נאָך, וועט איר האָבן".

ווען ער און פייגע עטל מיט זייער עלטערער טאָכטער, וועל־כע האָט געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט, האָבן אויסגעשריבן דעם צעטל מיט די נעמען און די טעג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט נעדענקט און געדענקט און דאָך געמאַכט אַ טעות. ער האָט גע־האָט מער מיט איין שבת און איין מיטוואָך און עס האָבן אים נעפעלט אַ פּרייטיק מיט אַ דינסטיק. ער האָט געדאַרפט אויס־גלייכן דעם ענין, איבעררעדן מיט די צוויי לעצטע באַלעבאַטים פון איין שבת און איין מיטוואָך, זיי זאָלן איבערבייטן אויף אַ פּריי־טיק און אַ דינסטיק. דאָס מיטוואָך פּאָר־פאָלק האָט ער לייכט איבערגערעדט, און זיי האָבן אָנגענומען דעם דינסטיק. אָבער דאָס שבת־פּאָרל האָט פון פּרייטיק נישט געוואָלט הערן און זען. נאָר שבת, אַז נישט ווילן זיי אינגאַנצן נישט. האָט ער געפּרואווט איבעררײדן מיט אַנדערע שבתניקעס, אפשר וועט איינער פון זיי אויסבייטן שבת אויף פּרייטיק, אָבער אַלע האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק אָן זייער טאָג, דעם שבת קדש. וואָס דאַרף מען מער? ער אַליין האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן זיין שבת. ער און פייגע עטל האָבן בעסער שטאַרק חשק געהאַט, אַז זייער סאָלדאַט זאָל

ביי זיי עסן פרייטיק אויך. אָבער דאָס וואָלט געווען אַן עוולה קעגן די באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך אַליין אָנגעשלאָגן. און צווישן זיי האָט ער טאַקע געפונען דעם נויטיקן פרייטיק.

ווען ער האָט געהאַט אַלע טעג און אַלע באַלעבאַטים, איז ער אַוועק צום קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן. אָנגעטאָן זיך שבתדיק, פאַרבאַרשטן די ברייטע באָרד, אויסגעזען אַ בכבודיקער באַלעבאָס.

„היט זיך, ער זאָל דיך נאָר נישט מיט דער נאַגאַיקע", האָט מען אים געוואָרנט.

„מיילע", האָט ער געענטפערט. „וועט ער שמייסן".

דער קאָמאַנדיר האָט נישט בלויז געהאַט אַ נאַגאַיקע, ער האָט אויך געהאַט דריי הינט. גרויסע, שטאַרקע, בייזע. רשעים, ווי זייער באַלעבאָס.

און מערקווירדיק: ווען זיי האָבן דערזען דעם הויכן ייד, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט ווי אַ לייבוואַך און אַפילו נישט אַ בורטשע געטאָן. איטשע האָט זיי קוים אָנגעקוקט און איז דורכ־געגאַנגען צווישן זיי אַן דעם קלענסטן ציטער. זיין זיכערקייט האָט זיי באַרואיקט. זיי האָבן אים נאָר נייגעריק אָנגעקוקט. דאָס האָט מען אין שטאָט געהאַלטן פאַר נישט קיין קלענערן נס, ווי דער נס מיט פייגע עטלס פּיס.

דער קאָמאַנדיר איז געזעסן ביים עסן — ריכטיקער, ביים טרינקען. ווען זיין „דיענשטשיק" האָט אים אָנגעזאָגט (פאַר אַ מטבע, וואָס איטשע האָט אים אַריינגערוקט אין האַנט), אַז אַ ייד וויל אים נויטיק זען, האָט ער זיך פאַרוואונדערט, וואָס ער האָט די הינט נישט געהערט און נישט די הילף־געשרייען פון דעם ייד. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די הינט האָבן רואיק דורכ־געלאָזן דעם ייד, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט און געהייסן אַריינ־לאָזן אים.

איטשע האָט נאָך אַמאָל אויסגעגלעט זיין באָרד, איז אַריין צום קאָמאַנדיר, האָט אונטערטעניק אַרויסגערעדט: „גוטן טאָג, וואשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע!" און אַפילו נישט אַ טראַכט גע־טאָן וועגן דער נאַגאַיקע, וואָס איז געלעגן הינטער דעם קאָמאַנדירס שטול.

דער קאָמאַנדיר האָט אים אָנגעקוקט, פאַרוואונדערט זיך. אי־טשעס אויסזען האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק.

„וואָס דאַרפסטו, זשיד?" האָט ער אַרויסגערעדט קייענדיק מיט אַ פולן מויל.

אין דעם לשון פון די פּויערים פון ווייסרוסלאַנד, געמישט מיט שלעכטן רוסיש, האָט איטשע אויסגעלייגט פאַר אים זיין בקשה. נייען יידן דינען אין דעם באַטאַליאָן—זאָלן זיי אָפּגעלאָזן ווערן יעדן טאָג, צוויי מאָל אַ טאָג, צו וואַרמעס און צו וועטשערע, צו גיין עסן אין יידישע הייזער, כדי זיי זאָלן נישט עסן פון קעסל, ווייל עס איז טאַרפע. אויך וועלן זיי שטענדיק קריגן פון די זעל־ביקע יידישע הייזער עפּעס פאַר אָנבייסן אינדערפרי.

ער האָט גערעדט רואיק און געלאַסן, מיט דער זעלביקער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט גערעדט צו די באַלעבאַטים, געטריבן פון דער מצווהדיקייט פון זיין פאָדערונג. ער האָט זיך שפּעטער אַליין געוואונדערט, פונוואַנען האָט זיך צו אים גענומען גאָר אַזאַ מין לשון. עפּעס גאָט אַליין האָט געפירט מיט זיין צונג, האָט ער געזאָגט.

דער קאָמאַנדיר האָט נישט גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דער ייד וויל פון אים, געמאַכט אים איבערצוחזרן, און איבערצוחזרן. ווען ער האָט פאַרשטאַנען, האָט ער זיך אַ בויג געטאָן צו דער נאַגאַי־קע, אָנגענומען זי, און אויף זיינע ליפּן האָט געצוקט אַ בייזער „פּאַ־שאָל וואָן!". אָבער ער האָט נישט אַ שמיץ געטאָן און דאָס „פּאַ־שאָל וואָן!" נישט אַרויסגעבייזערט, ווייל אַ חשבון איז דורכ־געפלויגן אין זיין מוח. ער האָט אַוועקגעלייגט די נאַגאַיקע ביי זיך אויף די קני און אַ פרעג געטאָן:

„וויפיל, זאָגסטו, יידן אין באַטאַליאָן?"

„נייען".

דער קאָמאַנדיר האָט זיך פאַרטראַכט, איבערגעציילט די יידן אין זיינע פיר ראָטעס.

„יאָ, ריכטיק. נייען. אויף אַלע טעג פון יאָר?"

„אויף אַלע טעג. אויף אַלע יאָרן. און אַז עס זאָלן צוקו־מען נאָך יידישע סאָלדאַטן, איז יענע אויך".

דער קאָמאַנדיר האָט אָנגעהויבן צו פירן מיט דער האַנט איבער
באָרד און וואָנצעס, נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד, אַרויף און אַראָפּ, האָט
אויך געמאַכט נאָך אַ לחיים צוליב גרעסערער קלאָרקייט אין קאָפּ.
דאָס האָט ער צוזאַמענגערעכנט, וויפיל קאָן באַטרעפן די פּאַרפּראָ־
וויאַנטירונג פון נייען סאָלדאַטן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, דריי הונדערט
און פינף און זעכציק טעג. וויפיל קאָן באַטרעפן די פּאַרפּראָוויאַנ־
טירונג פון איין סאָלדאַט? ער האָט אָנגענומען אַ מינימום. גע־
כּפלט אויף דריי הונדערט פינף און זעכציק, דערנאָך אויף נייען.
אַרויסגעקומען אַ גאַנץ נישקשהדיקע סומע. האָט זיך דער אַפּעטיט
ביי אים פאַרנאַנדערגעבּרענט, און ער האָט אָנגענומען דעם מאַקסי־
מום. ווידער איבערגעכּפלט, און די סומע איז אַרויסגעקומען אַ
גאָר גאָר בּכבודיקע. און זי וועט בּלייבן ביי אים, אויב דער זשיד
וועט נאָר האַלטן וואָרט און קאָרמענען די נייען סאָלדאַטן... ער
האָט אָפּגעהוסט און אַריינגעקערט נאָך אַ כּוסה. ווי האַנדלט מען
איצטער מיט דעם ייד? דער זשיד־מאָשעניק קען זיך עפּעס שטויסן.
און אפשר האָט דער זשיד־מאָשעניק אויף דערויף טאַקע געבּויט,
ווען ער האָט זיך געלאָזט גיין צו אים. די זשידעס האָבן עס מסתמא
אַפּריער אויסגערעכנט... דאַרף מען זיך נישט בּאַאיילן... דאַרף
מען ציען די עצמות... דאַרף מען די זשידעס אַרויפבּרענגען אויף
אַנדערע געדאַנקען..

„אַזוי, האַ!" האָט ער שטרענג אַרויסגערעדט. „אייך גע־
פעלט נישט אונזער עסן!"

„טריף," האָט איטשע געענטפערט.

„טריף!" האָט דער קאָמאַנדיר שטרענג איבערגעחזרט און
אַ שמיץ געטאָן איטשען מיט דער נאַגאַיקע. איטשע האָט זיך אפילו
נישט אַ קרים געטאָן, און דער קאָמאַנדיר האָט געדונערט: „טריף,
האַ! וואָס הייסט טריף? מיר אַלע עסן, און אייך איז עס טריף,
פאַרשיווע זשידעס! ווער'ט דיך געשיקט?"

„קיינער נישט".

„וואָס הייסט, קיינער נישט? האָסט'אָך צוויי און זעכציק
אַנדערע זשידעס. איר'ט זיך דאָך מסתמא צונויפגערעדט. זשי־
דאָווסקי קאַהאַל!"

„דאָס האָב איך אַליין," האָט איטשע אים פאַרזיכערט, אָנ־ציינגנדיק אויף זיך. „איך בין געגאַנגען פון שטוב צו שטוב..."

„אַזאַ ביסטו! און דו ווערסט דערפון גאָרנישט פאַרדינען?"

„ווי קאָן עס זיין?"

„איר האָט זיך דאָך מסתמא צונויפגעלייגט, און דו לאָזט זיך באַצאָלן"...

„ווי גאָט לעבט, אַז ניין!" האָט איטשע פרום געשוואָרן און געטראַכט, אַז אפשר האָט מען טאַקע געדאַרפט זיך צונויפלייגן און געבן דעם רשע דאָ...

און דער רשע האָט ווייטער געצויגן די עצמות.

„האָסטו, הייסט עס, אַליין?"

„אַליין".

„מיט דיין אייגענעם גוטן ווילן?"

„זאָל איך אַזוי געזונט זיין!"

„איך וועל עס באַלד וויסן. זאָג נאָר: טאַנצן קענסטו?"

איטשע האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און קוים אַרויס־געדערט:

„ניין".

„האָסט'אָך אַמאָל חתונה געהאַט? האָסטו אויף דיין חתונה נישט געטאַנצט?"

„מיין ווייב איז געווען אַן פּיס".

„וואָס?!" דער קאָמאַנדיר האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. „דו האָסט חתונה געהאַט מיט איינער אָן פּיס?" און ווידער גע־לאַכט. „אָט אַ פאָלק!" און ווייטער געפרעגט: „און זינגען קאָנסטו?"

„האָב קיין מאָל נישט געזונגען".

„נאַטירלעך, ווען מען האָט אַ ווייב אָן פּיס..."

ער האָט זיך ווידער צעלאַכט, אַריינגערופן זיין דיענשטשיק, געהייסן אים אַריינצוברענגען אַלעמען, וואָס געפינען זיך אין דער קאַנצעלאַריע פון דעם באַטאַליאָן, און געווענדט זיך צו איטשען:

„הייסט עס, איך זאָל דיר דערלויבן אָוועקצונעמען דיינע

נייען זשידקעס צוויי מאָל יעדן טאָג פון דער קאַזאַרמע, בייטאָג און פאַרנאַכט..."

„נאָר אויף אָפּעסן", האָט איטשע דערקלערט. „ווען אַלע סאָלדאַטן גייען עסן, וועלן זיי אויך..."

„און דו מיינסט, אַז דאָס איז מעגלעך?"

„ווען וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע וועט וועלן..."

„איך מאָג וועלן און נישט קאָנען", האָט דער קאָמאַנדיר דער־ווידערט. „אַז מען טאָר נישט, טאָר מען נישט. טריף. און אָט מאָגסטו וועלן טאַנצן און זינגען, אָבער אַז דו קאָנסט נישט, קאָנסטו נישט. אַז איך וועל וועלן, דו זאָלסט זינגען און טאַנצן, וועסטו עס טאָן? וועסט זאָגן, אַז דו קאָנסט נישט..."

איטשע האָט זיך אָנגעהויבן צו שטויסן, וואָס דער קאָמאַנדיר וועט פון אים וועלן.

„אַז וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע וועט וועלן... אַז וואַשע־וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע וועט אָפּלאָזן די יידישע סאָלדאַטן..." האָט ער געשטאַמלט.

„וועסטו זינגען און טאַנצן"?

איטשע האָט אָפּגעשמייכלט און אַ פיר געטאָן מיט די הענט:

„נגנגווו... ניעכאַי!..."

עס זיינען אַריינגעקומען אַ קאַפּיטאַן און אַ פּאָרוטשיק, אַ פעלד־פעבעל און די שרייבער פון באַטאַליאָן. זיי האָבן פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם הויכן ייד, און דער קאַפּיטאַן האָט אַ פרעג געטאָן:

„וואָס איז געשען, דאַנילאָ מיכאַילאָוויטש?"

די ביידע אָפיצערן האָבן זיך אָוועקגעזעצט, די איבעריקע זיי־נען געבליבן שטיין אויסגעצויגן, הענט אַראָפּ קאָפּ אַרויף, און דער קאָמאַנדיר האָט דערציילט. אַזוי און אַזוי, און ער וועט אָפּלאָזן די סאָלדאַטן, זאָלן זיי עסן קוגל און געפילטע פיש, און ער, דער זשיד דאָ, וועט דערפאַר זינגען און טאַנצן.

די ביידע אָפיצערן האָבן זיך צולאַכט, דער פעלדפעבעל און די שרייבער האָבן נאָכגעלאַכט, ווי אַן עכאָ.

„אָט אַ פאַרגעניגן!" האָט טרוקן אַרויסגערעדט דער פּאָרו־טשיק נאָכן אָפּלאַכן.

„איך וואָלט זיי בעסער געמאַכט צו באַצאָלן, דאַנילאָ מיכאַי־לאָוויטש", האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן. „זיי ווילן זייערע סאָל־דאַטן זאָלן נישט עסן קיין טריף, זאָלן זיי באַצאָלן".

„זיי וועלן נישט געבן, די זשידעס... טאָ זאָל ער טאַנצן", האָט דערוווידערט דער קאָמאַנדיר.

„ער זאָל נאָר נישט שפּרינגען, ער וועט אויפהויבן דעם באַלקן", האָט געזאָגט דער פּאָרוטשיק.

„ווי רופט מען דיך?" האָט דער קאָמאַנדיר אַ פרעג געטאָן איטשען.

„איצקאָ".

„איצקאָ, ווי דען אַנדערש", האָט געזאָגט דער פּאָרוטשיק, און אַלע האָבן געלאַכט.

„נו, איצקאָ", האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר, „ווילסטו דיינע סאָלדאַטן, וועסטו זינגען און טאַנצן, צו דו קאָנסט אָדער קאָנסט נישט".

ער האָט אָנגעגאָסן דריי גלעזלעך און געווענדט זיך צו דיביידע אָפיצערן:

„לאָמיר טרינקען!"

די אָפיצערן האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן, אָבער איטשע האָט נאָך נישט געפּאָלגט. ער האָט טאַקע קיינמאָל נישט געטאַנצט, איז מילא, וועט ער שטעלן פיס. אָבער וואָס זינגט מען? ער האָט נישט געקאָנט קיין איין טאַנץ־ניגון.

אַ שרייבער האָט זיך אָנגעבאָטן:

„זאָלן מיר אים מיט אַ האַרמאָניקע?..."

דער קאָמאַנדיר האָט שטרענג איבערגעריסן אים:

„מי בעט דיך נישט!" און געווענדט זיך צו איטשען: „דו זינג, וואָס דו זינגסט שבת ביים קוגל..."

זמירות זאָל ער זינגען! אָן אַ היטל, און אין ווינקל הענגט נאָטס מאַמע — ווי זאָל ער זינגען גאָטס געזאַנג, אין וועלכן ער האָט שטענדיק געפילט אַ גרויסע הייליקייט, כאָטש ער האָט זיינע ווערטער נישט פאַרשטאַנען?

דער קאָמאַנדיר האָט אַ הייב געטאָן די נאַגאַיקע.

און איטשען איז אין דער מינוט וואָס איינגעפאַלן, און עס איז אים געוואָרן אַזוי לייכט, אַז עס האָט זיך אים געוואָלט אי זינ־גען אי טאַנצן.

ער האָט געזונגען דעם ניגון פון „יה רבון עלם ועלמיא״, אָבער די ווערטער זיינען געווען זיינע אייגענע. ער האָט געפילט, ווי גאָט גיט זיי אים אַריין אין מויל. ער האָט תפילהדיק אויפגעהויבן די הענט צום הימל, בקשהדיק פאַרגלאָצט די אויגן צום באַלקן, געטאָפּטשעט מיט די פיס און מתיקותדיק פרום געזונגען:

איינעמען זאָלט איר אַלע אַ פּגירייאַ!...
קומען זאָל אויף אייך, אָי, אַ שרייפּייאַ!...
פּגרן זאָלט איר נאָר אַ מיתה משונייאַ!...
ווערן זאָלט איר אַלע אונזער כּפּרייאַ!...
און טאַטע, אוי טאַטע, בקרוב בימייאַ!...

ער האָט די ווערטער אַרויסגעזונגען אַזוי, אַז מען זאָל זיי נישט דערקענען, נישט פאַרשטיין.

„אַבי איך האָב גוט געמיינט״, האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט עס שפּעטער דערציילט. „און דער רבונו של עולם האָט עס שוין פאַרשטאַנען״.

די צוהערער האָבן נאָר געהערט „איאַ... איאַ... איאַ...״ ביי די לעצטע צוויי קללות האָבן די שטייענדיקע סאָלדאַטן אונ־טערגעכאַפּט אין כאָר „איאַ!״ און געלאַכט, ווי איבער אַ גרויסן וויץ, און געוואַרט אויף נאָך „איאַ״. אָבער איטשע איז געבליבן שטיין, די הענט אויפגעהויבן, די אויגן פאַרגלאָצט, און גע־טראַכט, וואָס נאָך זאָל ער זיי אָנווינטשן, אויב דער קאָמאַנדיר וועט וועלן מער.

דער קאָמאַנדיר האָט ניט געוואָלט מער. ער האָט זיינס דערגרייכט. אַלע וועלן וויסן, אַז ער האָט אָפּגעלאָזן די יידישע סאָלדאַטן אויף יידישער קעסט, ווייל דער ייד איצקאָ האָט גע־טאַנצט און געזונגען פאַר אים.

אָבער איטשעס זינגען און טאַנצן איז געוואָרן אַ מין פאַר־ווײַלונג ביי די אָפיצערן, די פעלדפעבעלס און ביי יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ טשין און אַ דעה אין די קאַזאַרמעס. אין אַ

טאָג פון שיכּרות פלעגט מען פאַרהאַלטן אַ יידישן סאָלדאַט, ניט לאָזן אים גיין עסן. איטשע פלעגט גלייך באַקומען עס צו וויסן. ווען ער איז געקומען אָפּבעטן, האָט מען אים שוין געמאַכט צו זינגען און צו טאַנצן, און אין לוסטיקן כאָר און מיט רווישיקן געלעכטער אַרויסגעזונגען מיט אים „איאַ ... איאַ! ...״

איינע אַזאַ פאַרהאַלטונג איז פאָרגעקומען איינמאָל פּסח צום סדר. אַ באַלעבאָס איז געקומען צו לויפן צו איטשען מיט אַ בהלה:

„רב איטשע, מיין סאָלדאַט איז נישטאָ! נישט געקומען!״

איטשע איז שוין געזעסן ביים סדר אויף זיין העסעבעט, אָנגעטאָן אין קיטל, גרייט דורכצוקריכן דורך דער הגדה. ער איז גלייך אַראָפּ פון העסעבעט, אויסגעטאָן דעם קיטל און אַוועק אין דער קאַזאַרמע פון דער פערטער ראָטע. דאָרטן האָט ער אויסגעפונען, אַז דער סאָלדאַט האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט און איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אונטערן ביקס. דער פעלדפעבעל האָט דאָ נישט געקאָנט העלפן. איטשע האָט געמוזט אַוועק צום קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, אַ שטיק וועג פון דער קאַזאַרמע און גאָר ווייט פון איטשעס היים. פון יידישע הייזער האָט זיך געטראָגן הגדה־זאָגעריי, די גאַסן זיינען געווען ליידיק און פאַרלאָזן, און איטשען איז געווען שווער אויפן האַרצן. עס איז טאַקע אַ מצווה, וואָס ער גייט טאָן, אָבער דער סדר איז דאָך פאַרשטערט. און דאָרטן ביים ראָטנעם וועט ער נאָך מסתמא דאַרפן זינגען און טאַנצן ... אַך, רבונו של עולם! וואָס פאַר אַ קללות זאָל ער עפּעס אַרויסזינגען? עפּעס נייע, שווערערע, ביטערערע... זיין גאַנצער פאַרדראָס זאָל ליגן אין זיי, די גאַנצע יידישע ביטערקייט... אַ־יאַ?

דער ראָטנער איז געווען אין דער היים. אין קרייז פון זיין פאַמיליע. זיין ווייב איז געווען לעבן אים, און עפּעס אַ פיר־פינף קינדערלעך — איטשע האָט נישט געוויי איינגעקוקט זיך — קליינוואַרג נאָך. דער ראָטנער האָט זיך צעשמייכלט: ער האָט געוואוסט, אַז דער איצקאָ קומט מיט אַ בקשה, און זיין קליינוואַרג וועט איצטער האָבן אַ ביסל שפּאַס.

„וואָס וועסטו זאָגן, איצקאָ? קומסט וועגן בראַמסאַנגען? ער האָט זיך פאַרזינדיקט, דער מערזאַווע. ער מוז שטיין אונטערן ביקס..."

איטשע האָט געמאַכט אַ רחמנות־פּנים און מיט געבעט אָנגעהויבן:

„וואַשע בלאַגאָראָדיע..."

דער אָפיציר האָט אים נישט געלאָזט אויסרעדן.

„וועסטו זינגען און טאַנצן?"

איטשע האָט זיך געפּרוּווט אָפּבעטן. עס איז יום־טוב, אין דער היים וואַרט מען מיט וועטשערע.

דער אָפיציער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ניין. ער מוז טאַנצן און זינגען, אַז נישט קריגט ער נישט דעם סאָלדאַט.

„נננוו, ניעכאַי!"

איטשע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין זיין טאַנץ־פּאָזע, אַ הוסט געטאָן, געטראַכט וועגן נייע און שווערערע קללות, אָבער ער האָט דערפילט דעם ראָטנעם קינדערס לעבן זיך, זייערע ניי־געריקע קינדערשע אויגן, זייער דערוואַרטנדיקן אָטעם און — ער האָט נישט געקאָנט שילטן. איז וואָס־זשע פאַר אַ ווערטער זינגט מען?

„פאַרוואָס הייבסטו נישט אָן?" האָט דער ראָטנער גע־מאָנט.

און איטשע האָט דאָס מאָל געזונגען „יה רבון עלם ועלמיא"... ער האָט פאַרשלונגען די הייליקע ווערטער, נאָר „איאַ... איאַ" האָט מען געהערט. אָבער דאָס איז אַלץ, וואָס דער אָפיצער האָט געוואָלט הערן. באַלד האָט דאָס קליינוואַרג אַרויסגע־זונגען צוזאַמען מיט איטשען „איאַ!" און געלאַכט, געלאַכט...

עס איז שוין געוועזן זייער שפּעט, ווען איטשע האָט זיך אַוועקגעזעצט צום סדר. אָבער ער איז נאָך קיין מאָל אַזוי גליק־לעך נישט געוועזן.

„אליהו הנביא וועט זיך מוזן מטריח זיין פון אונזערט־וועגן אַליין", האָט ער פריידיק געזאָגט צו די זייניקע אַרום דעם סדר־טיש. און ער האָט אים געפילט אַזוי לייבהאַפטיק, דעם פרייד און טרייסט־ברענגער, דעם האַרציקן אליהו הנביא...

## אַ פּאָר איינצלהייטן און דער סוף

ווילט איר דאָך מסתמא וויסן, וואָס איז דער איטשע גע־וועזן אַלס ייד פון אַ גאַנץ יאָר... נו, איז ווייסט איר דאָך, אַז ער איז געווען אַ טרעגער און אַ גוטער פאַרדינער, ווייל ער האָט געהאַט דעם כוח פון אַ גוטן פערד. פייגע עטל איז געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע, און ביי איטשען אין הויז האָט עס אויסגעזען זייער באַלעבאַטיש. צו דער ירושה פון זיין טאַטן איז צוגעקומען אַ קאָמאָד, אַ קיילעכדיקער טיש מיט פליגלען, אַ וואַנטזייגער, און צולעצט אויך אַ גרויסער סאַמאָ־וואַר, וואָס האָט באַזונדערס געפרייט איטשעס האַרץ, ווייל ער איז געווען אַ שטאַרקער טיי־טרינקער. ער איז געשטאַנען פאַרן סאַמאָוואַר, אָנגעקוקט אים מיט גרויסער גיריקייט, גע־טאַפּט אים, געגלעט אים.

„ווייסט", האָט ער געזאָגט צו פייגע עטלען. „עפּעס ער..." — ער האָט אַ טייטל געטאָן מיטן פינגער נאָך אויבן — „איז זייער גוט צו אונז... מוז זיין פאַר דיר... דיין זכות..."

„איך וויים נישט, מיט וואָס מיין זכות איז אַזוי גרויס", האָט פייגע עטל דערווידערט.

ער האָט אויפגעהויבן זיינע קינדיש־גוטע בלויע אויגן צום באַלקן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַדורכקוקן צום הימל און צו גאָט, וואָס איז אַזוי גוט צו אים, און האַרציק צוגעשמייכלט און פרום אָפּגעקרעכצט: „אַ־אַך!"

דעם זעלביקן געשפּרעך מיט פייגע עטלען און מיט גאָט האָט ער געפירט, ווען ער האָט אויסגעגעבן זיינע דריי טעכטער. די חתנים זיינען געווען סאָלדאַטן, וואָס האָבן געגעסן ביי אים שבת און פאַרליבט זיך אין זיינע טעכטער, וועלכע האָבן געשמט אַלס שיינהייטן. אַלע — לייטישע בחורים, וואויל־לערנער, נישט קיין אַבי־ווער.

„נו, האַ, פייגע עטל!" האָט ער גליקלעך אויסגערופן ביי דער חתונה פון דער ערשטער טאָכטער, און ביי דער חתונה פון דער צווייטער, און ביי דער חתונה פון דער דריטער. און יע־

דעם מאָל האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צו גאָט און פרום און פול דאַנק אַרויסגעקרעכצט: „נו, רבונו של עולם!"

זיין טאַטנס תהלים האָט ער שוין לאַנג פאַרביטן אויף אַ דיקן סידור, וואָס איז אויך געווען אַ תהלים, אַ הגדה, אַ תיקון ליל שבועות, אַ סליחה און אַ מחזור. אויסערדעם האָט ער נאָך געהאַט אַ חומש, אין וועלכן ער פלעגט מעביר זיין די סדרה. פייגע עטל האָט געהאַט איר אייגנס אַ „צאינה וראינה", פון וועלכן זי האָט אַ פּאָר מאָל געפּרוּווט פאַרלייענען פאַר איטשען, און יעדעס מאָל מיט דעם זעלביקן רעזולטאַט: אי־טשע איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

ער האָט אַ פּאָר מאָל געפּרוּווט גיין הערן אַ מגיד, גע־וואָלט הערן און פאַרשטיין. ער האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט געהערט, ווייל דער מגיד האָט אויף אים געווירקט, ווי פייגע עטלס „צאינה וראינה".

פייגע עטל האָט גראָד ליב געהאַט צו הערן אַ מגיד, און זי וואָלט נישט איינגעשלאָפן. אָבער נאָך מער האָט זי ליב געהאַט צו זיין מיט איטשען אין דער היים. זיי זיינען ביידע נישט געווען קיין שטאַרקע ריידער, און זייערע טעג זיינען נישט געווען באַזונדערס רייך מיט געשעענישן, און דאָך אַז זיי זיינען געווען ביידע צוזאַמען, און אַ וואָרט אַהער און אַ וואָרט אַהין, האָבן זיי זיך געפילט אַזוי באַגייסטערט און אַזוי באַתענוגט... וויפיל מער וואָלט דער מגיד געקאָנט איר געבן?

און איצטער ווילט איר דאָך געוויס וויסן, ווי אַזאַ ייִד האָט געענדיקט, ווי ער איז געשטאָרבן... איז אדרבא, ווי שטעלט איר זיך עס פאָר?

ער אַליין האָט שטענדיק מורא געהאַט פאַר אַ שווערן טויט. ער האָט געדענקט זיין טאַטנס טויט און דערוואַרט, אַז ער וועט אויך שטאַרבן אין שרעקלעכע יסורים. ער וועט באַ־שטראָפט ווערן, פאַרוואָס אים האָבן נישט געאַרט דעם טאַטנס געשרייען.

איז ער האָט אפשר געטראָפן, אָבער איר וועט נישט טרעפן. ער האָט שוין געמוזט זיין אַ בן שבעים, ווען אין שטאָט

איז מיט דער הילף פון סאָלדאַטן דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאָגראָם מיט הריגות און שרפות גאַר אויף אַ גרויסן אופן. כמעט אַ האַלבע שטאָט איז אַוועק מיט פייער, און אַכט און צוואַנציק הרוגים זיינען געפירט געוואָרן צום בית־עולם, אַחוץ ביינער פון פאַרברענטע אין דער שרפה. צווישן די אָפּגעברענטע הייזער האָט זיך געפונען אויך איטשעס הייזל, און צווישן די האַלעוועשקעס האָט מען געפונען די ביינער פון פייגע עטלען, אָבער קיין שפּור נישט פון איטשען. נישט צווישן די פאַרברענטע און נישט צווישן די הרוגים. וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען ווייס מען עד היום נישט. געווען אַ סברא, אַז ער איז געווען ביים טייך, ווען דער פּאָגראָם האָט אויסגעבראָכן. דער פּאָגראָם האָט זיך אויך טאַקע אָנגעהויבן ביים טייך. איז מעגלעך, אַז מען האָט אים דערטרונקען. אָנגעהאַנגען אויף אים שווערע שטיינער און אַריינגעוואָרפן אים אין דער טיף דאָרטן, אַז דער טייך זאָל אים קיינמאָל נישט אַרויסגעבן.

אָבער איך בין נוטה צו גלויבן דער מעשה, אַז סאָלדאַטן האָבן אים געכאַפּט אינמיטן גאַס, ווען ער איז געלאָפן אַהיים צו פייגע עטלען, וועלכע איז געווען אַליין. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים, געמאַכט אַ ראָד און געהייסן אים זינגען און טאַנצן. ער האָט זיך אומגעקוקט, אָנגעקוקט די חיהשע געזיכטער פון די באַוואָפנטע סאָלדאַטן, געוואוסט, אַז זיין גרויסער כוח וועט אים דאָ נישט קאָנען העלפן, וועט אים נישט אַרויסרייסן פון דעם קרייז, און פייגע עטל איז דאָרטן אַליין... האָט ער אויפגעהויבן הענט און אויגן צום הימל, באַנאָסן זיך מיט טרערן און אָנגעהויבן צו זינגען „יה רבון עלם ועלמיא”. דאָס האָט ער תפילה געטאָן, פּילייכט ווידוי געזאָגט...

אַ סאָלדאַט, וועמען עס איז איינגעפאַלן, אַז דער ייד דאָ רופט אַראָפּ אויף זייערע קעפּ גאָטס שטראָף, האָט אויפגעהויבן זיין ביקס און שווער אַראָפּגעלאָזן זי אויף איטשעס קאָפּ. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר די איבעריקע סאָלדאַטן. וואָס זיי האָבן צו טאָן מיט איטשען, ווי זיי האָבן אים געפּייניקט און

פשוט געריסן אויף שטיקער איז נישט צו באשרייבן. וואו זיי האָבן אים אהינגעטאָן, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים אומ־מענטשלעך אומגעבראַכט, ווייס מען נישט.

איז צי אַזוי צי אַזוי, מען ווייס נישט, וואו זיין געביין איז אהינגעקומען.

איטשע איז פאַרשוואונדן. פאַרשוואונדן!

איז אפשר לעבט ער נאָך ערגעץ־וואו... אפשר וועט ער נאָך קומען צוריק... אָט אַזוי וועט ער זיך באַווייזן מיט זיינע גרויסע שפּרייז, א הויכער, א גלייכער, מיט זיין ברייטער ווייסער באָרד, מיט א ווייט צועפנטן העמד אונטער דעם לאַנגן ארבע כנפות, מיט זיין מילדן שמייכל אויף זיינע ליפּן, דער מענטש פון תשובה, צדקה און מעשים טובים, דער העלפער און פרייד־ברענגער... אליהו הנביא...

.1938

# פענטעקאקא, דער פינף־עבירותניק

א נידעריקער, א דארער, א שווארצער, מיט א שיטערן שווארצן בערדל און מיט סימנים פון פאות, וועלכע ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אינגאנצן אָפּצושערן, האָט גערעדט געלאַסן און צוציניגן:

„איך באגיי יעדן טאָג פינף עבירות."

„בלויז פינף?"

„פינף, וואָס זיינען מיין ארבעט, מיין ברויט. די אנדערע צייל איך נישט."

„וואָס זיינען די פינף עבירות, וואָס זיינען דיין ברויט?"

„איך האנדל מיט זונות..."

ער האָט עס ארויסגערעדט לאנגזאַם, באַטאָנט וואָרט נאָך וואָרט. און ווי ארויסגעזונגען, אראָפּגעלייענט פון טראָפּ. מיט דער זעלביקער צוציניגקייט און באַטאָנונג האָט ער פאָרטגע־זעצט:

„איך גיב אכטונג אין טעאַטער..."

„וואָס איז דאָס פאר אן עבירה?"

„אזוי רוף איך דאָס הויז, וואוהין איך ברייננ די נקבות."

ער האָט אפילו קיין שמייכל נישט געגעבן און ווייטער ארויס־געזונגען:

„איך העלף זיי ביים אויסטאָן און אָנטאָן זיך. איך טאַנץ און דריי זיך פאר זיי. איך שפּיל פאר זיי אויף א פּייפל..."

פינף עבירות. אַלע — גלייכע עבירות. פון איין וואָג און מאָס. דער האנדל און דאָס פּייפל־שפּילן זיינען ביי אים ביידע גלייכע עבירות. און ער איז זיי באגאנגען, אַלע פינף, טאָג־טעג־לעך, ווי ער וואָלט געטאָן יעדע כשרע ארבעט. גלייכגילטיק, קאַלט־

בלוטיק, ריין מעכאניש. דעם צונאָמען „פינף־עבירותניק" האָט ער אָנגענומען מיט דעם געפיל, אז ענדלעך האָט ער אַן אייגענעם נאָמען, זיין ריכטיקן נאָמען. האָט מען אים געפרעגט, ווי ער הייסט, האָט ער געענטפערט: „פינף־עבירותניק."

ביז דער געלערטער גאסט פון זיין „טעאטער" האָט דער־קלערט, אַז „פינף־עבירותניק" קלינגט עפּעס נישט גוט. „פינף עבי־רות־ניק" — שווער אפילו ארויסצורעדן. אויף גריכיש וועט עס קלינגען אַ סך בעסער: „פּענטעקאקא..."

פינף־עבירותניק האָט אויפגעלאכט פאר שמחה. ער האָט אָנגענומען דעם נייעם נאָמען ווי די בעסטע מתנה. איבערגעחזרט אים, איינגעחזרט אים, און געשמעלצט זיך.

ווען ער איז געבליבן אליין, האָט ער זיך אפילו צולאכט אויפן קול פאר גליקזעליקייט. און אונטערגעטענצלט, און אונטער־געזונגען: פּענטעקאקא! פּענטעקאקא! פּענטעקאקא! און באלד אָנגעזאָגט אלעמען, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער הייסן פּענטעקאקא. אויף קיין אנדער נאָמען וועט ער זיך נישט אָפּ־רופן.

און דערנאָך טאָג נאָך טאָג, ווען ער האָט געקערט מיטן בעזים די צימער פון זיין טעאטער, האָט ער אונטערגעזונגען און אונטערגעטענצלט: פּענטעקאקא! פּענטעקאקא! פּענטעקאקא!

פיר טעג אַזוי. אויפן פינפטן טאָג האָט ער געקערט דאָס גרויסע פאָרצימער פון דעם טעאטער — אַ קאָלאָנעןצימער, וואו פיר קאָלאָנען האָבן פון פיר זייטן אונטערגעשפּארט דעם מיט נאַקעטע פרויען באמאָלטן באלקן. געקערט די רויט־שטיינערנע פּאָדלאָגע, אונטערגעטאנצט און אונטערגעזונגען פּענטעקאקא! פּענטעקאקא! און פּלוצלונג אָפּגעהאקט אינמיטן וואָרט, געבליבן שטיין אינמיטן קער, מיט אַ פּוס אַ ביסל אויפגעהויבן. איז נישט עמעצער אריינגעגאנגען? ער וואָלט געשוואָרן, אַז עפּעס ווי אַ פרויענקלייד האָט זיך אַ טראָג געטאָן פּאָרנט אין צימער נישט ווייט פון דער אריינגאנגטיר. ער האָט אָנגעשטעלט די אויגן, איינגעקוקט זיך. שטייט דאָרטן נישט עמעצער לינקס הינטער דער קאָלאָנע? ער האָט געמאכט אַ שריט נאָך רעכטס, איינגע־

קוקט זיך. יאָ, אַ פרוי. אַ פרוי שטייט דאָרטן. באַהאַלטן זיך הינ־טער דער קאַלאַנע. אָט אַ כּלבטע! געוואָלט אַריינגנבענען זיך!...

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אַהין. מיט שנעלע בייזע טריט. ער וועט איר!...

די פרוי איז געשטאַנען הינטער דער קאַלאַנע, און טרערן זיינען איר גערונען איבער די באַקן. אַ יונגע פרוי, אַ שיינע, זייער אָרעם אָנגעטאָן.

ער האָט אַרויסגעבּרומט:

„וואָס טוסטו דאָ? וואָס איז דיר?"

די פרוי איז צוגעפאַלן צו דער קאַלאַנע מיט ביטערן געוויין, היסטעריש.

ער האָט מער נישט געפרעגט. געדולדיק איבערגעוואַרט, גע־לאָזט זי אויסוויינען זיך. ווען זי האָט באַשלאָסן, אַז זי קאָן שוין ריידן, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

„נו־נו?"

זי האָט שווער אויפגעאָטעמט, געשלונגען טרערן, דערציילט.

איר מאַן איז אַרעסטירט געוואָרן. פאַר אַ קלייניקייט, אַ גאָר־נישט. ער איז נישט קיין פאַרברעכער. ער איז אַ זייער גוטער מאַן. אָבער ער איז אַריינגעפאַלן. פאַר אַ קלייניקייט, אַ גאָרנישט. זי מוז אים אַרויסקריגן, באַפרייען. ווען זי קריגט אים נישט אַרויס, וועט ער זיצן און זיצן. אָ, זי ליבט אים שטאַרק! וויים גאָר נישט, ווי וועט זי לעבן אָן אים... און פון וואָס וועט זי לעבן, ווען ער וועט זיצן? נישטאָ קיין ברעקל ברויט אין שטוב... אָבער אויף אַרויסצוקריגן אים דאַרף זי האָבן געלט. נישט קיין סך געלט. אַ גאַנץ קליינע סומע. זי האָט אָנגערופן די ציפער. אָבער זי האָט גאָר גאָרנישט. קיין פרוטה נישט. און האָט אפילו נישט וואָס צו פאַרקויפן, נישט פון שטוב און נישט פון זיך. אָבער זי האָט זיך.

זי האָט עס אַרויסגעזאָגט פאַרשעמט, שיר ווידער נישט אַרויסגעבראָכן אין אַ יאָמער. קוים איינגעהאַלטן זיך. און גערעדט שטילער, מיט בראָך און ווייטיק.

זי איז געקומען אָנצובאָטן זיך. אָ, זאָל ער זי נישט אַוועק־

שיקן! זי איז געזונט. זי איז ריין. זי איז יונג. און זי איז דאָך נישט העסלעך.

פענטעקאקא האָט אָנגערוקט דעם שטערן, געטראַכט עפּעס:

„האָסט שוין אַמאָל געזינדיקט?"

„קיינמאָל נישט!"

זי האָט עס ארויסגעשריען ווי מיט שרעק. ער האָט איר געגלויבט, און דאָך ווייטער געפרעגט:

„האָסט נישט געהאַט קיין געליבטן?"

„נאָר מיין מאַן!"

„געווען אים געטריי?"

„ווי נאָט."

„און גאָט ביזטו געווען געטריי?"

„ווי קאָן מען אנדערש זיין?"

אָ, יאָ, ער ווייס, אז מען קאָן אנדערש זיין. אָבער דאָס האָט ער נישט געזאָגט, און ווייטער געפרעגט:

„ווי ביזטו איצטער געקומען אויף דעם געדאַנק? האָסט'אָך מסתמא ווען געטראַכט דערפון."

„זאָל מיך גאָט שטראָפן!" האָט זי פרום ארויסגערעדט. „איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט דעם קלענסטן געדאַנק! אָבער איצטער... וואָס קאָן איך אנדערש טאָן?"

ער האָט זי שאַרפער אָנגעקוקט. וואָס קאָן זי אנדערש טאָן?

און זי האָט גערעדט:

„איך דאַרף דאָס געלט שנעל. איך קאָן אים נישט לאָזן זיצן. ביז איך וועל געפינען עפּעס ארבעט אָדער א שטעל... און וועל איך געפינען?..."

ער האָט געקוקט אויף איר, געטראַכט.

זי האָט אויפגעהויבן צו אים די הענט תחנונימדיק, מיט שרעק אין די אויגן, ער זאָל איר נישט אָפּזאָגן, זי נישט אוועקשיקן.

ער האָט זיך דערטראַכט.

„גיי אהיים."

„און וואָס וועט זיין?"

„איך וועל שוין זען?"

„וואָס זען?"

„וועל זען דיר העלפן."

„ווי אזוי?"

„מיין זאך."

„און איך זאָל זיך נישט פארקויפן?"

„ניין!"

„ווילסט מיך אליין?"

ער איז שטארק אין כעס געוואָרן, האָט זיך צושריען:

„וואָס אליין? וואָס וויל איך? גיי אהיים! שוטה!"

די פרוי האָט עפּעס נישט געגלויבט. נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. געמאכט א באוועגונג צו גיין און געבליבן שטיין.

ער האָט ארויסגערעדט, אָנגערוקט און ברוגזדיק:

„דו זאָג מיר נאָר, וואו דו וואוינסט. דו דארפסט אהערצו נישט קומען, נישט באווייזן זיך."

זאָל זי אים גלויבן אָדער נישט? זי האָט אים געזאָגט, וואו זי וואוינט, און מורא געהאט אוועקצוגיין.

„גיי! שטיי דאָ נישט מער!" האָט ער געזאָגט הארט און באפוילעריש.

זי איז אומווילים אוועק. מיט איינגעהאלטענע שריט. ער האָט איר נאָכגעקוקט, געטריבן זי מיט די אויגן. ביז זי איז ארויס פון טיר. און שפּעטער נאָך א ווײַלע. זי איז שוין געווען א שיינע פּאָר שריט אין גאס, ווען ער האָט זיך געכאפּט, אז ער האלט דעם לאנגן בעזים, און דערמאָנט זיך, אז ער האָט דאָ פריער גע־קערט די פּאָדלאָגע. האָט ער אוועקגעשטעלט דעם בעזים ביי דער קאָלאָנע, געקראצט זיך דעם קאָפּ און גענומען טראכטן, בא־טראכטן.

ער האָט פארשפּראָכן צו העלפן איר, און האָט אליין נישט קיין פּרוטה ביי דער נשמה. ווייס אפילו נישט, וואו צו קריגן. האָט נישט וואו צו באָרגן, און קיינער וועט אים נישט באָרגן. זיין נאָמען איז שלעכט, און אפילו ער זאָל אונטערשרייבן א שטר־חוב אָדער שווערן ביים נאָמען פון זיינע טויטע טאטע־מאמע, וועט קיינער אים נישט גלויבן.

ער האָט באַטראַכט די זאַכן אויף זיך. קאָן ער וואָס פאַר־קויפן? הע! ער איז ווערט אויסוויייניק, וויפיל ער איז ווערט אינעוויייניק.

ער וועט גיין אַהיים. אפשר וועט ער דאָרטן וואָס געפינען. הם!... ער ווייס גענוי, וואָס ער האָט דאָרטן. די בגדים, וואָס וואַלגערן זיך דאָרטן ביי אים אין קאַסטן, זיינען נישט ווערט־פולער, ווי דער בגד, וואָס ער טראָגט אויף זיך. נישטאָ קיין איין ברעקל צירונג, קיין איין שטיקל מעבל... אָדער אפשר...

ער איז אַוועק אַהיים. ער האָט נישט אָנגעזאָגט קיינעם אין „טעאַטער", אַז ער גייט אַוועק. מען וואָלט אים נישט דערלויבט אַוועקצוגיין, ווייל ער איז נאָך נישט פאַרטיק געווען מיטן רייניקן. אָבער ער האָט נישט געקאָנט בלייבן. ער האָט זיך געמוזט באַאיילן.

ער האָט געוואוינט אין אַ קליינעם שטיבל, איינער אַליין. זיין ווייב האָט אים שוין לאַנג אָפּגעגט, ווייל זי האָט נישט גע־וואָלט עסן דאָס ברויט פון זיין פרנסה, און קיין צווייטע האָט ער זיך נישט געקאָנט מער צוקלייבן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן צימער, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, גאָרנישט אַנטדעקט. ליידיקע ווענט, אַ שלעכטער טיש, נאָך ערגערע בענק־לעך. ער איז צוגעגאַנגען צום גרויסן קאַסטן, אויפגעעפנט, אַריינ־געקוקט, אַריינגערוקט די האַנט און איבערגעוואָרפן די זאַכן דאָרטן. נו, יאָ. ער האָט'אָך געוואוסט. גאָרנישט ניטאָ. צוגעמאַכט דעם קאַסטן, ווידער אַרומגעקוקט זיך. נו, יאָ... בלייבט נאָר די איין זאַך. דאָס בעט. ער איז צוגעגאַנגען, באַקוקט דאָס בעט, באַטאַפּט. אַ גוט בעט, גוט האַלץ. אויף פאַרבּרענען איז זי ווערט דאָס געלט... דאַרף מען גיין געפינען אַ קונה. וואו געפינט מען אים? וואו זוכט מען אים?

ער איז געפאַלן אויף אַ שכל. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס בעטגעוואַנט אויף ד'ערד, אויסגערייניקט דאָס בעט, אַרומגע־וואַשן, אַרומגעווישט, געמאַכט עס צו שיינען און אַרויסגעטראָגן דרויסן אין גאַס פאַרן הויז. געשטעלט זיך פאַרן בעט און אָפּגע־

שטעלט פאַרבייגייערס און פאַרבייגייערקעס. ער פאַרקויפט דאָס בעט, צו וויל מען נישט קויפן?

אכט זיינען פאַרבייגעגאַנגען און האָבן געשאָקלט ניין מיטן קאָפּ, דער ניינטער איז געבליבן שטיין און באַקוקט דאָס בעט.

„וויפיל ווילסטו?"

פענטעקאקא האָט אָנגערופן אַ פּרייז ווייט איבער דער סומע, וועלכע ער האָט געדאַרפט צושטעלן דער פרוי. ער האָט געוואוסט, אַז דער קויפער וועט זיך דינגען.

דער קויפער האָט זיך צעלאַכט. נייערהייט אַפילו איז עס נישט ווערט געווען.

פענטעקאקא האָט אַראָפּגעלאָזן עפּעס פון דעם פּרייז.

דער קונה האָט שפּאָטיש אָפּגעקנאַקט מיט די ליפּן „באה!" און גענומען אַוועקגיין.

פענטעקאקא האָט נאָך עפּעס אַראָפּגעלאָזן.

דער קונה האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף אים, פאַרעכטלעך אַרויסגערעדט: „דו ביזט שיכור!" און איז גע־גאַנגען.

פענטעקאקא האָט אים נאָכגעשריען אַ נייעם פּרייז, און באַלד טאַקע די ציפער פון דעם אויסלייז־געלט. אָבער דער קונה איז געוואָרן טויב, געגאַנגען ווייטער. פענטעקאקא איז אים נאָכגע־לאָפן, אָנגעיאָגט.

„האָסט'אָך אַפילו נישט גוט אָנגעקוקט דאָס בעט. ווילסט זי דען קויפן? ווילסט זי גאָרנישט קויפן. אַז דו וואָלסט געוואָלט קויפן, וואָלסטו נישט אַנטלאָפן. זאָג מיר, וויפיל ווילסטו געבן. אָבער איך זאָג דיר, אַז איך וועל נישט נעמען. איך וועל קיין פּרוטה ווייניקער נישט נעמען אונטער דעם לעצטן פּרייז. איז וויפיל ווילסטו געבן?"

„וואָס דאַרף איך דיר זאָגן, וויפיל איך וויל געבן, אַז דו וועסט נישט נעמען?"

„איך וועל נישט נעמען, אָבער דו זאָג!"

„משוגע!"

דער קונה האָט פאַרשנעלערט זיין גאַנג.

פענטעקאקא האָט אים אַ ווײַלע נאָכגעקוקט, דערנאָך אַרומ־געקוקט זיך, צו קומט נישט אָן אימיצער, פיליכט אַ נײַער קונה, אָבער קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. פענטעקאקא איז אומרואיק געוואָרן. ער האָט ווידער נאָכגעקוקט דעם אוועקגייענדיקן קונה. אַ געדאַנק האָט אים אַ שטויס געטאָן. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דעם אוועקגייענדיקן.

„שטיי! אַנטלויף נישט!"

יענער אָבער איז נישט שטיין געבליבן. פענטעקאקא האָט אים אָנגעיאָגט.

„ביזט אפשר אַ בעלן אויף בעטגעוואַנט אויך?"

„אויב נאָר אָן לייז."

„ביזט טאַקע אַ בעלן?"

„האָסט'אָך געהערט."

פענטעקאקא האָט אָנגעכאַפּט דעם קונה און גענומען שלעפּן צוריק.

דער קונה האָט זיך אַ ביסל געווערט.

„שלעפּ נישט, איך וועל אַליין גיין."

אָבער פענטעקאקא האָט נישט אָפּגעלאָזן, אַרײַנגעשלעפּט אים אין הויז, אָנגעוויזן אויף דאָס בעטגעוואַנט, וואָס איז גע־לעגן אויף דר'ערד אינמיטן שטוב.

„אָט!"

דער קונה האָט באַטראַכט דאָס בעטגעוואַנט.

„קאָן איך עס אָנרירן? וועט נאָרנישט אַרויפקריכן אויף מיר?"

„זעסטו דען קריכער?"

דער קונה האָט געמאַכט אַ קרומע מינע פון מיאוסן זיך, אַרײַנגעדריקט די שפּיץ פינגער צווישן אין קישן, דערנאָך אין מאַטראַץ. אין איין אָרט, אין אַ צווייטן, אַ דריטן. אַ ריר געטאָן די קאָלדרע.

„די פאַרקויפסטו אויך?"

„אַלץ."

„וויפיל ווילסטו?"

„פארן בעט און בעטגעוואַנט צוזאַמען?"

„נו, יאָ, נאַטירלעך."

פענטעקאקא האָט ווידער אָנגערופן אַ גרויסן פּרייז. דער קונה האָט זיך געלאָזן צו דער טיר. אָבער פענטעקאקא האָט ניט אָפּגעלאָזן. אַראָפּגעלאָזן איינמאָל און צווייטמאָל. אָבער איצטער האָט דער קונה אים אָנגעבאָטן אַ פּרייז. פּונקט די ציפער פון דער אויסלייז־סומע. פענטעקאקא האָט אָנגענומען, צוגעפּאַטשט.

„יאָ, אָבער דו וועסט מיר אָפּטראָגן די זאַכן צו מיר אַהיים," האָט דער קונה געזאָגט.

„וואו וואוינסטו?"

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קונה האָט געוואוינט נישט ווייט פון דער גאַס, וואו די פרוי האָט געוואוינט. פענטעקאקא האָט צוגעשטימט, געקראָגן דאָס געלט, אַרויפגעלאָדן אויף זיך דאָס בעט מיטן מאַטראַץ און אוועק מיט גרויסע שריט. דער קונה, מיט קישן און קאָלדרע, איז געגאַנגען נאָך אים און גע־וואונדערט זיך, ווי שנעל ער גייט.

צוגעשטעלט דאָס בעט, נישט פאַררוט זיך, אוועקגעלאָפן צו דער פרוי. נישט ווייט פון איר הויז איז ער שטיין געבליבן. געוואָלט זיך פאַררוען, אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און אַריינגיין צו איר געלאַסן, רואיק און מיט שטרענגן פּנים.

אָבער זי איז געשטאַנען פאַר דער טיר פון איר הויז, אומ־געדולדיק געוואַרט אויף אים, אויסגעקוקט די אויגן. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך אַ יאָג געטאָן צו אים.

ער האָט זי באַגעגנט מיט זייער אַ שטרענגן געזיכט.

„וואָס ביזטו געשטאַנען פאַר דער טיר? געוואָלט אימעצן פאַררופן? געוואַרט אויף אימעצן?"

„אויף דיר."

„האָסט נישט מורא, אַז מען וועט דיך זען מיט מיר און דיך חושד זיין?"

„נאָך ערגער וואָלט געווען, ווען מען וואָלט דיך געזען אַריינגיין צו מיר אין שטוב."

ער האָט אַרויסגערעדט ווייכער:

„איך האָב דיר געבראַכט דאָס געלט."

אַן אויסגעשריי אין גרויסער פרייד: „אַי!" און גלייך שטיל און פרום: „גאָט זיי דאַנק!"

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צו זעט נישט ווער, און שנעל איבערגעגעבן איר דאָס געלט.

„ווי זאָל איך דיר דאַנקען," האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט.

„האָסט שוין געדאַנקט... גאָט געדאַנקט... גיי. לייז אויס דיין מאַן און זינדיק נישט. טוט מען איינמאָל אַ טראַכט, קומט מען שפּעטער צו טאָן. נאָר אַ היתר מאַכן זיך..."

„נישט איך... נישט איך..." האָט זי אַרויסגעאָטעמט מיט פרור־מען שרעק. און מיט די אויגן אויפגעהויבן מיט ליעב און דאַנק צום הימל האָט זי ווי אַרויסגעזונגען: „איך גיי אויסלייזן מיין מאַן!"

און איז אַוועק. מער געלאָפן ווי געגאַנגען.

פּענטעקאַקאַ האָט איר נאָכגעקוקט, ביז זי איז פאַרשוואונדן. „נאַ!" האָט ער אַרויסגעברומט, אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ און געמאַכט אַ פּאָר שריט. וואוהין גייט ער? ניין, ער וועט אין „טעאַ־טער" איצטער נישט גיין. נישט אויפגעלייגט. וועט נישט קאָנען טאַנצן, וועט נישט קאָנען שפּילן. אַפילו אָנטאָן און אויסטאָן וועט ער נישט קאָנען. ניין, ער וועט נישט גיין. זיי וועלן אים זוכן. וואונדערן זיך, וואָס ער איז נישטאָ. זאָלן זיי. ער מאָג דאָך אַמאָל קראַנק זיין.

ער איז אַוועק צו זיך אַהיים. אַריין אין שטוב, אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַהין, וואו דאָס בעט איז געשטאַנען. ליידיק דער פּלאַץ. עפּעס מאָדנע. ווי עפּעס אַ לעבעדיקער פריינט האָט דאָרטן געהויזט און נישטאָ מער. געשטאָרבן, אַוועקגעטראָגן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אויפן קאַסטן און געקוקט, געקוקט. געווען אַ בעט, נישטאָ קיין בעט. ער זעט זי נאָך אַזוי געגנוי. און נישטאָ. אַ ליידיקער פּלאַץ. בלויז די שטיינערנע פּאָדלאָגע. גרויע, גרויסע פּירעקיקע שטיינער, דיק באַדעקט מיט שטויב. מען וועט אים דאַרפן אויסקערן, דעם שטויב, אָפּוואַשן.

ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, גענומען זיך פאַר דער

ארבעט. אויסגעקערט, ארומגעוואשן. שיין און ריין. געבליבן שטיין, געקוקט אויפן פלאץ. יא, דא וועט ער זיך אוועקלייגן שלאפן. וועט זיין הארט. יא־יא! וועט—זיין—הארט. מי׳ט דארפן עפעס אונטערלייגן, אונטערבעטן.

ער האט אויפגעעפנט דעם קאסטן. וואס האט ער דא וויכס? ארויסגעשלעפט אלץ, צולייגט אויף דעם ריין־געווארענעם בעט־פלאץ. א ביסל אונטער דער זייט, א ביסל צוקאפנס. מיט דעם בגד, וואס ער טראגט, וועט ער זיך צודעקן...

איצטער וואלט געווען גוט עפעס א ביס טאן און צולייגן זיך. געווען אזוי פארטאן, אז ער האט דאס עסן פארגעסן. און איצטער איז ער טאקע שטארק הונגעריק. פון אין דער פרי אן נארנישט אין מויל געהאט. אבער ער האט גארנישט אין שטוב. נישט צו עסן און נישט צו טרינקען. ווייל ער קריגט אלע זיינע מאלצייטן אין „טעאטער". זאל ער דאך גיין אהין? ער האט לאנגזאם געדרייט מיטן קאפ אויף ניין. ניין, היינט גייט ער ניט. ער וועט זיי דארטן נישט קענען אנקוקן. ער וואלט אפילו געקאנט נעמען זיין לאנגן בעזים — ער מוז נאך דארטן שטיין ביי דער קאלאנע — און ארויסטרייבן, ארויסקערן זיי אלעמען פון דארטן. אזוי איז ער איצטער אויפגעלייגט. וועט ער אהין נישט גיין. וועט בעסער נישט עסן. וועט לייגן זיך שלאפן אין תענית.

אין תענית... הע!

מיט דריי טעג צוריק האט די גאנצע שטאט געפאסט, און ער — נישט. א גזירת תענית געווען. דאס גאנצע לאנד ליידט פון טריקעניש. שוין לאנג געקומען די רעגנצייט, און קיין רעגן איז נאך אלץ נישטא. די ערד ווערט פארברענט, און אלץ, וואס מען האט אין איר פארזייט, קומט אום אין דער שרפה. קומט נישט באלד קיין רעגן, וועט א הונגער באפאלן דאס לאנד. האבן די רבנים גוזר תענית געווען. דער יידישער עולם זאל פאסטן און תפילה טאן — צו זייערע טעגלעכע תפילות זאלן זיי צוגעבן נאך תפילות, רעגן־תפילות, אז גאט זאל זיך מרחם זיין אויף אלע תבואות און פירות און בענטשן זיי מיט ברכה־רעגן, און ראטעווען זיין פאלק ישראל פון הונגער. און נישט ארבעטן זאלן

זיי דעם טאָג, די קראָמען נישט עפענען, און נישט פּוצן זיך, און אין באָד נישט גיין, און מאַן און ווייב זאָלן זיך האַלטן פונדערווייטנס איינס פון אַנדערן.

האָבן אַלע יידן אויסגעפאָלגט די גזירה. געפאַסט, נישט געאַרבעט, די קראָמען געהאַלטן פאַרשלאָסן. אָבער זיין „טעאַטער״ איז געווען אָפן, ווייל ער איז נישט בלויז פאַר יידן. און ווייל דער „טעאַטער״ איז געווען אָפן, האָט ער געמוזט דאָרטן זיין און טאָן זיין אַרבעט, ווי עס וואָלט קיין תענית נישט דערקלערט געוואָרן. און ווייל ער האָט געמוזט טאָן זיין אַרבעט, האָט ער שוין אויך נישט געפאַסט. געגעסן אַלע זיינע מאָלצייטן. ווי מיט אים, אַזוי אָן אים. וואָס מאַכט עס אויס, אַז איינער וועט נישט פאַסטן.

ווייזט אויס, אַז אַ סך יידן האָבן געטראַכט אַזוי ווי ער און נישט אויסגעפאָלגט די גזירה פון די רבנים, ווייל אָט שוין דריי טעג נאָך דעם תענית, און דער רעגן איז נאָך אַלץ נישט געקו־מען.

און אָט איז אים באַשערט צו פאַסטן. איינער אַליין. און צו ליגן אויף דער הייליקער ערד, צו פייניקן זיין לייב. העהע! וואָס צו גאָט איז צו גאָט. קאָנסט זיך פון אים נישט אַרויסדרייען. „עך, דו גרויסער גאָט! דו הייליקער, דו...״ ער האָט געזוכט נאָך אַ טיטל פאַר גאָט צווישן די ווערטער, וועלכע ער האָט פאַרמאָגט. „דו... דו... גאָטוניו!״

שוין לאַנג נאַכט געוואָרן, אין צימער איז געווען שטאָק פינצטער, אָבער ער האָט נישט אָנגעצונדן קיין ליכט. פינסטערניש געהערט צום תענית. ער איז געזעסן אויפן קאַסטן, איינגעוויקלט אין פינצטערניש, און גערעדט צו גאָט, תפילה געטאָן. זיין בליק נישט געהויבן צום הימל, געשעמט זיך דאָס צו טאָן, און אויך מורא געהאַט. נאָר געוואָרפן אַרויפצו פאַרגנבעטע בליקן, דאָס מיט איין אויג, דאָס מיט אַ צווייטן. און גערעדט צו דעם, וואָס אויבן:

„רעגן... די ערד דאַרף רעגן... די תבואות דאַרפן רעגן... און די פּירות... פאַרוואָס שיקסטו נישט קיין רעגן?... קאָסט דיר

טייער?... וואָס פאַר אַ באַטרעף איז עס ביי דיר?... אָט האָב איך פאַרקויפט מיין בעט... מיין בעטגעוואַנט... וועל ליגן אויף האַרטע שטיינער... און דו... נאָר די פענצטער פון הימל עפענען..."

ער האָט דערפילט, אַז בלויז דערמאָנען די האַרטע שטיינער איז ווייניק. זיצן אויפן קאַסטן און ריידן פון ליגן אויף האַרטע שטיינער הייסט נאַרן גאָט. ער דאַרף טאַקע ליגן. איז ער אַראָפּ פון קאַסטן און אויסגעצויגן זיך אויף דער ערד, אויף די האַרטע שטיינער. ער האָט אַוועקגערוקט פון אונטערן רוקן און פון צו־קאָפּנס די אַלע שמאַטעס, וואָס ער האָט דאָרטן פריער אויסגע־לייגט. האַרטע שטיינער זאָל זיין האַרטע שטיינער.

ער האָט אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף זיין לינקן אָרעם, צו־געמאַכט די אויגן און אַרויסגעברומט: „נו־ו־ו!" דאָס איז געווען דערמאָנונג און מאָנונג. און איז גלייך איינגעשלאָפן. געשלאָפן דעם שטאַרקן שלאָף פון אַ מידן, אויסגעמאַטערטן.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי און האָט אַרויסגע־קוקט אין דרויסן, איז די ערד געלעגן פאַר אים אַן אָפּגעפרישטע, אַ געזעטיקטע, אַן אָנגעטרונקענע. ער האָט איבערראַשט אויפ־געאָטעמט, און וואַרעמע טרערן פון גרויסער געריריטקייט זיינען אויפגעשטיגן אין זיינע אויגן.

— — — — — — — — — —

און דער תלמוד ירושלמי דערציילט, אַז ווען רב אבהו האָט זיך דערוואוסט פון דעם איין טאָג פון פענטעקאקא דעם פינף־עבירותניק, האָט ער טיף־פרום אַרויסגערעדט:

„ער האָט עס פאַרדינט, אַז זיין תפילה זאָל דערהערט ווערן!"

1941.

# פאַר אַ בעסערע מענטשהייט

(אַ געשיכטע פון אַלטן פרס).

א.

דאָס איז געווען אין אָנהייב פון זעקסטן יאָרהונדערט נאָך דער געבורט פון קריסטוס, פיר מיט אַ האַלב יאָרהונדערט נאָך דעם חורבן פון צווייטן בית המקדש און אַ גאַנצער יאָרהונדערט פאַר דעם אויפשטייג פון מאַהאָמעדן, און אין פרס האָט דעמאָלט געלעבט אַ מאַן מיט דעם נאָמען מאַזדאַק, און ער איז געווען אַ פריסטער פון דער מאַזדאַ־רעליגיע, פון דער רעליגיע פון דעם נביא זאָראָאַסטער, וואָס האָט אויך געהייסן זאַראַטוסטרא, פון דעם מאַן, וואָס האָט גערעדט מיט גאָט. צען יאָר האָט זאָראָאַסטער צוגעבראַכט אין איינזאַמקייט פון מדבר און אין היילן צווישן בערג, אין פאַרקער מיט מלאכים און אַפילו מיט דעם העכסטן וועזן, מיט גאָט אַליין, מיט אהורא מאַזדאַן, וואָס הייסט אויך אָרמוזד. ער האָט זיך גענערט מיט קעז אַליין, איז בייגעשטאַנען נסיונות פון דעם בייזן גייסט, דעם אנגראָ מאַיניו, וואָס הייסט אויך אחרימאַן, און אַז דער באַרג, אויף וועלכן ער האָט זיך געפונען, איז צושטערט געוואָרן פון פייער, און ער איז אַרויסגעקומען אומבאַרירט, האָט ער זיך אומגעקערט צו די מענטשן פון זיין לאַנד פרס און געבראַכט צו זיי זיין גלויבן, ווי ער האָט אים איבערגענומען פון די מלאכים און פון דעם העכסטן וועזן אַליין, פון אהורא מאַזדאַן. איין גאָט איז פאַראַן, אהורא מאַזדא, דער האַר פון חכמה און ליכ־טיקייט, דער באַשאַפער פון דער וועלט, דער איינציקער הערשער, דער ווייסער פון דעם מענטשנס געדאַנקען, פאַר וועמען עס איז

נישטאָ קיין פאַרבאָרגנס. פייער איז הייליק, ערד איז הייליק, וואַסער איז הייליק — זיי מוזן הייליק געהאַלטן ווערן, טאָרן ניט טמא ווערן דורך טויטע גופים און דורך פרויען אין זייער נידה־צייט. אַזוי וויל אהורא מאַזדאַ. אָבער נאָך מער וויל ער, אַז דער מענטש זאָל טאָן גערעכטיקייט, ליב האָבן אמת, האָבן ריי־נע געדאַנקען און זיין פרום און טאָן גוטס צו מענטשן און צו חיות. יעדע טאַט, וואָס מאַכט די וועלט בעסער, איז אַ טאַט קעגן דעם שטן, דעם האַר פון זינד און פינסטערניש, דעם אַהרי־מאַן און זיינע חיילות, וועלכע ווילן מאַכן די וועלט וואָס ערגער. אַ שווערער קאַמף גייט אָן צווישן אַהורא מאַזדאַן און זיין צווי־לינג־ברודער אַנגראַ מאַיניו, צווישן ליכט און פינסטערניש, צווישן גוט און שלעכט, און ווען אהורא מאַזדאַ וועט זיגן, וועט קומען משיח, געבאָרן פון אַן אומפאַרירטער בתולה. דעמאָלט וועלן די טויטע אויפשטיין פון זייערע קברים, און די בערג וועלן צושמאָלצן ווערן און פאַרגיסן די ערד מיט צושמאָלצענעם מעטאַל, און די רשעים וועלן אין אים דערטרונקען ווערן, אָבער די צדיקים וועלן אין אים אַרומגיין, ווי אין וואַרעמער מילך. אַהרימאַן און זיינע מלאכי הבלה וועלן אַריינגעוואָרפן ווערן אין שאול תחתיה, אָבער די צדיקים וועלן לעבן אייביק און גליקלעך אין אהורא מאַזדאַס גן־עדן.

אהורא מאַזדאַ האָט באַשאַפן דעם מענטש, אָבער ער האָט אים געלאָזן די פולע פרייהייט און בחירה אין זיינע באַשלוסן און מעשים, און עס גייט אָן אַן אייביקע מלחמה צווישן אָרמוזדן און אַהרימאַנען איבער דער נשמה פון דעם מענטש, און ווען דער מענטש טוט גוטס, שטאַרקט ער אָרמוזדן, און ווען ער טוט שלעכטס, שטאַרקט ער אַהרימאַנען. צוועלף טויזנט יאָר וועט דער קאַמף אָנגיין, ביז אָרמוזד וועט ענדלעך צונויפנעמען אַלע זיינע כוחות און וועט באַזיגן אַהרימאַנען, צוברעכן די קראַפט פון שלעכטס און פינסטערניש אויף אייביק. אָבער דער מענטש דאַרף דאָ העלפן מיט זיינע גוטע מעשים.

איז מאַזדאַק דער פּריסטער געווען זייער פרום און גוט און האָט געהייליקט זיין לעבן צו העלפן דעם האַר פון חכמה, דעם

אלץ־באַשאַפער, אהורא מאזדאַן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע תענוגים פון דער וועלט, נישט געגעסן קיין פלייש און נישט גע־טרונקען קיין וויין און געשטאַרקט זיין גוף און זיין ווילן קעגן דער אַלעמען באַזינדיקנדיקער פּרויענלוסט. וואָס דאַרף האָבן אַ מענטש? האָט ער געפרעגט, און זיין ענטפער איז געוועזן: ברויט צו עסן, וואַסער צו טרינקען, אַן איינפאַך קלייד צו באַ־דעקן די נאַקעטקייט פון זיין קערפער, אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ בעט צו שלאָפן און איין ווייב אויף פאַרטצוזעצן זיך און פאַרט־צוזעצן דעם מענטשלעכן מין. וואָס וויניקער דער מענטש וועט וועלן פאַר זיך, אַלץ מער וועט ער זיין גרייט צו העלפן זיינע מיט־מענטשן, און מיט דעם וועט ער פאַרגרעסערן די כוחות פון אָר־מוזדן אין זיין קאַמף קעגן אחרימאַנען.

אָבער די מענטשן אַרום אים האָבן זיך צו זיינע ווערטער נישט צוגעהערט און פון זיינע דרכים זיך נישט אָפּגעלערנט. זיי האָבן געוואָלט וואָס מער פאַר זיך, זיינען מקנא געוועזן דעם, וואָס האָט געהאַט מער, האָבן געגלוסט נאָך דעם אַנדערנס ווייב און נאָך דעם אַנדערנס האָב און גאָב. און די וועלט איז פול געוועזן מיט גנבה, רויב און געלוסטונג.

איז מאַזדאַק זייער טרויעריק געוועזן, ווייל דער כוח פון דעם בייזן גייסט, פון אחרימאַנען איז געוואַקסן, און עס האָט זיך גאָר נישט געזען קיין מעגלעכקייט, אַז אָרמוזד זאָל קאָנען ווען זיגן. האָט ער תפילה געטאָן יעדן טאָג לאַנגע שעהן, געפּייניקט זיין לייב און טרערנפול געבעטן דעם ליכטגאָט, ער זאָל באַלויכטן זיין קאָפּ און אָנווייזן אים דעם וועג, וואָס פירט צום זיג פון ליכטיקייט איבער פינסטערניש, פון גוטס איבער שלעכטס.

„דאָס פרעג איך ביי דיר, אָ, אהורא, זאָג מיר דאָס ריכטיקע: וואָסער וועג איז דער קירצסטער צו דיין זיג, צום זיג פון ליכט און לעבן איבער דיין בלוטפיינט אנגראָ מאיניו, איבער דעם מלאך פון פינסטערניש און טויט, אָ, מאזדא!

„דאָס פרעג איך ביי דיר, אָ, אהורא, זאָג מיר דאָס ריכטיקע: וואָס דאַרף געטאָן ווערן, אום צו פאַרפעסטיקן דיין זיג איבער דעם האַר פון שדים און מחבלים, אָ, מאזדא!

„דאָס פרעג איך בײַ דיר, אָ, אהורא, זאָג מיר דאָס ריכטי־קע: וואָס זאָל איך טאָן אום צו באַלערנען דײַנע געטרײַע דינער, וואָס זיי דאַרפֿן טאָן אום צו באַפעסטיקן דײַן זיג איבער דעם האַר פֿון שלעכטס און זינד, אָ, מאַזדאַ!

„אָ, אהורא מאַזדאַ, דו גנעדיקסטער גײַסט, וועלט־באַשאַפער, געדאַנקען־ווײַסער, האַר פֿון חכמה און גוטסקייט, פֿון ליכטיקייט און גערעכטיקייט, אָ, הייליקער און הערלעכער, איינער און איינ־ציקער, באַהעל מײַנע געדאַנקען, עפֿן אויף מײַנע אויגן, נעם מיך פֿאַר מײַן האַנט און פֿיר מיך, ווי אַ טאַטע פֿירט זײַן קינד, ווי אַ זעענדיקער פֿירט אַ בלינדן, ווי דו האָסט געפֿירט מיט טויזנטער יאָר צוריק דײַן געטרײַען דינער, דײַן אויסגעוויילטן נביא, אונזער לערער און פֿירער זאַראַטוסטראַ!"

און מאַזדאַק האָט זיך אָפּגעשיידט פֿון מענטשן, באַהאַלטן זיך אין שטילער איינזאַמקייט און צוגעהערט זיך צו שטימען אין זיך און געוואַרט צו דערקענען אַ וואָרט פֿון אהורא מאַזדאַן דעם געדאַנקען־ווײַסער און געדאַנקען־שאַפֿער. ביז איינמאָל האָט ער דערהערט אין זיך אַ שטים, און אַ געדאַנק איז אין אים געבאָרן געוואָרן, און עפּעס האָט אין אים אויפֿגעפֿלאַקערט, און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס קומט צו אים פֿון דעם האַר פֿון חכמה, דעם זעער אין דער צוקונפֿט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם וואונק, וועלכן ער האָט געקראָגן, ווי איינער נעמט אויף אַ פֿונק און בלאָזט אים פֿאַרנאַנדער אין אַ גרויסן פֿײַער. און ווי אַ קנויל פֿאָ־דים אין זײַנע הענט, האָט ער אים אָפּגעוויקלט, פֿאַנאַנדערגעוויקלט. פֿאַנאַנדערגענומען ביז צום סוף. און דערנאָך האָט ער גענומען צופּן און רײַסן, אום אויסצוגעפֿינען צו דער פֿאָדים איז גענוג שטאַרק, צו קאָן ער אויסהאַלטן דעם צופּן און רײַסן, און אַזוי האָט ער איבערגעטראַכט אַלץ, וואָס מען קאָן אײַנווענדן, אָפּ־פֿרעגן, ווידערלייגן. און אַז ער האָט זיך איבערגעפֿרעגט אַלע מעג־לעכע קשיות און אויף אַלע געפֿונען אַ תּירוץ און אויף אַזאַ אופֿן געשאַפֿן זיך גרויסע קלאָרקייט, האָט ער וואַרעם אָפּגעדאַנקט זײַן באַשאַפֿער און אויפֿקלערער, פֿאַרלאָזן זײַן איינזאַמקייט און איז אַוועק צום קעניגס קאַוואַד.

קעניג קאוואד איז געוועזן נאָך אַ זייער יונגער מענטש, אָבער זיין האַרץ האָט געפּייניקט נאָך גרויסע מעשים און נאָך דער גרויסקייט, מיט וועלכער גרויסע מעשים קרוינען אַ קעניג. ער האָט נישט געוואָלט זיין בלויז איינער פון דער דינאַסטיע פון די סאסאנידן, וואָס האָט געקיניגט אין פּרס שוין איבער צוויי הונ־דערט יאָר. ער האָט געוואָלט אַריבערשיינען אַלע זיינע זיידעס, און צווישן זיי זיינען געוועזן אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרהערלעכט געוואָרן אין דעם זכרון פון דעם פּערסישן פאָלק; און ער האָט געוואָלט איבערלאָזן נאָך זיך אַ שיין, וואָס זאָל נישט פאַרטונקלט ווערן פון זיינע נאָכקומער, און ווי גרויס און הערלעך זיי וועלן נישט זיין. אָבער ער איז נישט געוועזן קיין מלחמה־מענטש און האָט ניט געגאַרט נאָך דעראָבערונגען און פאַרכאַפּונגען. פּרס, די מדינה, איבער וועלכער ער האָט געקיניגט, איז געוועזן זייער גרויס, די צאָל פון זיינע אונטערטאַנען איז געוועזן נישט איבער־צוציילן, און עס איז נישט געוועזן כדאי צו ריזיקירן אַ מלחמה, אום צו קויפן זיך באַרימטקייט און גרויסקייט. אָבער וועלכע גרויסע מעשים האָבן געוואַרט אויף אים אין זיין אייגענעם לאַנד? וועל־כער אויפטו וואָלט אים געקאָנט באַרימט מאַכן און פאַראייביקן? ער איז שוין געוועזן קעניג היבשע עטלעכע יאָר און האָט נאָך גאָרנישט אויפגעטאָן און נישט געוואוסט, וואָס אויפצוטאָן. אין לאַנד האָט מען אים קוים באַמערקט, קוים געפילט — אַ שטילער, רואיקער, גוטער קעניג — און קיינער האָט נישט חושד געוועזן, אַז ער טראָגט אין זיך בענקעניש נאָך גרויסע מעשים, וואָס זאָלן אים גרויס מאַכן אין די אויגן פון די פעלקער, וואָס וואוינען אין זיין מדינה, און אַרויסרופן אין זייערע הערצער דעם ציטער פאַר דער אייביקייט פון זיין נאָמען.

דערפאַר האָט זיין האַרץ שטאַרק אַ קלאַפּ געטאָן, און זיינע אויערן האָבן זיך אָנגעשטעלט, און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגע־צונדן, ווען דער הייליקער, פון אַלעמען פאַרערטער פּריסט מאַזדאַק איז געקומען צו אים, האָט זיך טיף פאַרבויגט און מיט ציטער אין דער שטים אַרויסגערעדט:

„גרויסער קעניג, הערלעכער שפּראָץ פון לויכטנדיקע מלכים, איך האָב דיר אייביקייט געבראַכט!"

קעניג קאוואד האָט קוים באַהערשט זיין אויפרעגונג און אָנגעקוקט דעם פּריסט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסלייענען פון אים, וואָס ער וועט אים ווייטער זאָגן, און ענדלעך געזאָגט:

„איך האָב געוואָלט פאַרשטיין און טרעפן, וואָס אַזוינס דו האָסט מיר געבראַכט, אָ, הייליקער פּריסט, אָבער איך מוז דאָך פרעגן, וואָס באַדייטן דיינע ווערטער."

און מאַזדאַק, וועלכער האָט געזען, וואָס אין דעם קעניג קומט פאָר, און האָט רואיק געוואַרט, דער קעניג זאָל אים פרעגן, האָט געענטפערט מיט אַ צוריקפרעג:

„ווילסטו נישט, אַז דיין נאָמען זאָל זיין אייביק?"

קעניג קאוואד האָט אָנגערוקט זיינע ברעמען, אומצופרידן, וואָס אימיצער וויל טרעפן, וואָס אין אים קומט פאָר, און לייענען גאָר זיינע געדאַנקען, און ער האָט שטאָלץ אַרויסגערעדט:

„איך בין אייביק. איך בין קעניג און אַ סאַסאַניד, און אַ סאַסאַניד איז אייביקייט. אַזוי לאַנג ווי די זון וועט לייכטן, וועט לייכטן דער נאָמען פון די סאַסאַנידן, וועט לייכטן מיין נאָמען!"

דער הייליקער פּריסט האָט אויסגעהערט די אומצופרידנקייט און די גערייצטקייט אין דער שטים פון דעם קעניג, אָבער ער האָט ווייטער גאַנץ רואיק געפרעגט:

„וואָלסטו נישט געוואָלט אַריבערשיינען אַלע סאַסאַנידן, די, וואָס האָבן געלעבט און געקיניגט, און די, וואָס וועלן לעבן און קיניגן?"

קעניג קאוואד האָט נאָך מער אָנגערוקט זיינע ברעמען און נאָך שטרענגער געזאָגט:

„פונוואַנען ווייסטו, אַז איך וויל עס?"

ער האָט נאָר די ערשטע ווערטער שטרענג אַרויסגערעדט, די לעצטע האָט ער אַרויסגערעדט אַ סך ווייכער, און מאַזדאַק האָט איצטער געוווּסט באַשטימט, אַז דער קעניג וויל עס, און ער האָט פעסט געענטפערט:

„איך וואָלט נישט געווען מאַגיער און פּריסט פון דעם

אַלץ־ווייסער, פון דעם האַר פון חכמה, פון דעם אייביקן אהורא מאזדא, ווען איך וואָלט דאָס נישט געוואוסט."

און דער קעניג האָט געזאָגט, זיין שטערן אַלץ נאָך אָנגערוקט, אָבער זיין שטים נישט מער שטרענג:

„האָסטו מיר געבראַכט אייביקייט? דורך וועלכע מעשים, הייליקער פריסט מאזדאק? האָסטו מיר צוגעקלערט אַ גרויסע מלחמה מיט אַ זיכערן נצחון? ווייסטו אפשר, ווי איך קאָן איינ־נעמען רוים און ביזאַנץ?"

און מאזדאק האָט געענטפערט:

„אָ, מיין ליכטיקער קעניג, איך האָס מלחמה, און ווען דו וואָלסט אַ מלחמה פאַרטראַכט צוליב דיין באַרימטקייט און איי־ביקייט, איך וואָלט דיך אָפּגערעדט פון איר. אהורא מאזדא, דער ליכטיקער גוטס־פאַרשפּרייטער, וויל קיין מלחמות נישט — דער וועג צו ליכטיקייט און גוטס גייט נישט דורך טויט און קללות. מלחמות זיינען באַשאַפן געוואָרן פון זיין בלוטפיינט, פון דעם בייזן גייסט, דעם פאַרשפּרייטער פון שלעכטס און טויט, און ווער עס וויל זיך פאַראייביקן דורך מלחמה דינט דעם פינסטערן אחרי־מאָן."

„וואָס האָסטו מיר געבראַכט, אָ, הייליקער פריסט?" האָט דער קעניג געלאַסן געפרעגט.

און מאזדאק האָט געענטפערט:

„אָ, גרויסער קעניג, דו קענסט מיין לעבן, דו ווייסט מיינע דרכים. איך דאַרף פאַר זיך גאָרנישט: דאָס ביסל, וואָס איך פאַרברויך, איז מיר אָפּט צופיל. איך האָב קיינמאָל ביי קיינעם גאָרנישט פאַרנומען, פרעמדער רייכטום האָט מיך נישט געררייצט, האָב קיינעם נישט מקנא געוועזן און נאָך פרעמדע פרויען נישט געלוסט. ווען איך וואָלט געקאָנט איבעררעדן די מענטשן צו דעם לעבן, וואָס איך פיר, וואָלט איך פיל געהאָלפן דעם הייליקן אהורא מאזדא אין זיין קאַמף מיט דעם פאַרשאָלטענעם אַנגראַ מאיניו, וואָלט געשטאַרקט אים זיינע הענט און געגעבן אים די נויטיקע זיכערקייט, אז דער מענטש, וואָס ער האָט באַשאַפן, האָט געפונען דעם וועג צו אים און זיין ליכטיקייט. אָבער נישט מיי־

נע ווערטער און נישט מיינע מעשים האָבן ביז איצטער קיין וויר־קונג נישט געהאַט, און דאָס לאַנד איז פול מיט זינד און פאַר־ברעכן, מיט גנבה, רויב און גערוצונג. האָב איך זיך אָפּגע־שיידט פון מענטשן, אין איינזאַמקייט תפילה געטאָן צו אהורא מאַזדאַן און געבעטן פון אים, ער זאָל מיר אָנווייזן, ווי זאָל דער מענטש אַרויסגעראַטעוועט ווערן פון דעם ים פון זינד און דעם תהום פון פאַרברעכן, און אהורא מאַזדא אין זיין גרויסער גנאָד האָט דערהערט מיינע תפילות און אָנגעוויזן מיר דעם וועג, אָבער דער וועג פירט צוערשט צו דיר און טרעטסטו אויף אים אַרויף, וועט ער דיך פירן צו אייביקייט."

מאַזדאַק איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט אָנגעקוקט דעם קעניג, ווי ער וואָלט דערוואַרט פון אים אַן ענטפער פון יאָ אָדער ניין. אָבער דער קעניג האָט געזאָגט:

„אויב ניַיגעריקייט איז אַ זינד, בין איך איצטער אַ גרויסער זינדיקער. באַפריי מיך שנעל פון דער זינד, אָ, הייליקער מאַז־דאַק!"

האָט מאַזדאַק ווייטער געזאָגט:

„ליי מיר דיין אויער, אָ, גרויסער קעניג, ווי דו האָסט מיר אים ביז איצטער געליען, און זיי גנעדיק צו מיר אין דיין האַרץ, ווי דו ביסט שטענדיק צו מיר געוועזן."

און דער קעניג האָט גנעדיק געענטפערט:

„דו האָסט מיין געהער, אָ, הייליקער מאַזדאַק, און דו האָסט מיין האַרץ, נאָר זאָג מיר שוין די שליחות, וועלכע דו האָסט גע־בראַכט פאַר מיר פון דעם וועלט־באַשאַפער."

מאַזדאַק האָט זיך טיף פאַרבוקט פאַר דעם קעניג:

„אָ, הייליקער קעניג, זון פון הייליקע מלכים, וואָס איז די קוואַל פון רשעות אויף דער וועלט? וואָס איז דער מקור פון אַלע זינד? וואָס האָט דער בייזער גייסט אויסגעשפּרייט ווי אַ נעץ פאַר דער מענטשהייט? גערוצונג! גערוצונג נאָך פרעמדן האָב, גערוצונג נאָך פרעמדע ווייבער. דער בייזער גייסט, דער אַנגראָ מאַיניו האָט זי אַריינגעפלאַנצט אין די הערצער פון די מענטשן, זי איז געוואָרן די מוטער פון אַלע זינד און פאַרברעכן,

און דער מענטש איז צו שוואך צו קעמפן קעגן איר, און וואס ווייטער, אלץ מער גיט ער זיך איר אונטער און פארזינקט אין זינד. אלע פארבאטן, אלע געזעצן קעגן דער געלוסטונג האבן נישט געהאלפן, אלע שטראפן האבן נישט אפגעשראקן. די גע־לוסטונג איז שטארקער אפילו פאר טויט. דער בייזער גייסט האט געוואוסט וואס ארייננצוטאן אין די מענטשן, אז זיי זאלן ווערן זיינע באהעלפער קעגן זייער באשאפער! ער האט געוואוסט צו גוט, וואס ער טוט! ווי־זשע רייסט מען ארויס די מענטשן פון זיינע הענט? ווי ברענגט מען זיי צוריק צו זייער פאטער? ווי ברענגט מען זיי צוריק צו ליכטיקייט און גוטע מעשים, אז זיי זאלן ווערן די העלפער פון זייער ליכטיקן פאטער, דעם האר פון חכמה און גערעכטיקייט? איך האב תפילה געטאן, און אהורא מאזדא האט מיט זיין גנעדיקייט מיך אויפגעקלערט: נישט פאר־באטן געלוסטונג, נאר אפשאפן זי, מאכן אזוי, אז דער מענטש זאל נישט דארפן געלוסטן."

די לעצטע ווערטער האט מאזדאק ארויסגערעדט מיט גרויסער פייערלעכקייט און אנגעקוקט דערביי דעם קעניג מיט שטראלנדיקע אויגן, אין וועלכע עס איז געלעגן זיכערקייט, אז דעם קעניג איז איצטער אלץ קלאר. אבער דעם קעניגס אויגן האבן זיך פאר־טונקלט, ווי די אויגן פון איינעם, וואס זוכט אן אוממעגלעכן ענטפער, און דער קעניג האט כמעט הייזעריק ארויסגערעדט:

„ווי קאן מען עס מאכן?"

און מאזדאק האט ווייטער גערעדט מיט גרויסער פייערלעכ־קייט און מיט שטראלנדיקע אויגן:

„דורך אפשאפן דאס רעכט אויף אייגנטום. אלץ זאל גע־הערן אלעמען. דער ארימאן זאל האבן א רעכט אויף דעם רייכ־טום, וואס דער רייכער האט אנגעקליבן אדער געירשנט. די שפייכ־לער און די אוצרות פון די רייכע זאלן אויפגעעפנט ווערן פאר אלעמען. אלץ געהערט צום באשאפער פון דער ערד, און ער וויל, אז אלץ זאל געהערן אלעמען, און דערמיט וועט אפגעשאפט ווערן געלוסטונג, די מוטער פון אלע זינד, די אנשיקעניש פון דעם יצר־הרע, פון דעם גייסט פון פינסטערניש און טויט."

דערשטוינונג האָט אַנגעפילט דעם קעניג שוין בײַ די ערשטע ווערטער מאַזדאַקס, און בײַ יעדן ווייטערדיקן וואָרט איז די דער־שטוינונג געוואַקסן. און ווען מאַזדאַק האָט געענדיקט מיט העלן זיג־טאָן, קוקנדיק אויף דעם קעניג מיט שײַנענדיקע אויגן, האָט דער קעניג פאַר דערשטוינונג קוים אַרויסגערעדט:

„און די ווײַבער? אויך זיי זאָלן אַלעמען געהערן?"

מאַזדאַ האָט כמעט אַרויסגעשריען:

„אויך זיי! אויך זיי זאָלן אַלעמען געהערן, זײַן אַלעמענס אייגנטום, אַ רשות הרבים! די ווײַבער־תּאווה איז דאָס געפּער־לעכסטע געווער אין די הענט פון דעם פינסטערן גײַסט. די גע־לוסטונג נאָך פרעמדן האָב איז דאָך נאָר אין די הערצער פון די, וואָס האָבן גאָרנישט אָדער האָבן ווייניק, אָבער די געלוסטונג נאָך ווײַבער איז אין די הערצער פון אַלע מענער, און קיינער איז פון איר נישט פרײַ. אָבער אויך זי וועט אָפּגעשאַפט ווערן, ווען די פרויען וועלן ווערן אַלעמענס און עס וועלן אויפהערן צו זײַן פרעמדע ווײַבער."

דער יונגער קעניג איז געוועזן רויט אין גאַנצן געזיכט, און אויף זײַנע ליפּן האָט געשפּילט אַ פאַרלעגנהייטס־שמייכל, אָבער ער האָט רואיק אַ פרעג געטאָן:

„און די חתונה־געזעצן?"

„זיי וועלן אָפּגעשאַפט ווערן," האָט מאַזדאַק פעסט געענט־פערט. „זיי וועלן נישט נויטיק זײַן."

קאַוואַד האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך קורץ געפרעגט:

„וואָס נאָך?"

מאַזדאַק האָט געענטפערט מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס מאַכט אַ געשעפט:

„עס וועט אײַנגעפירט ווערן די גרעסטע אײַנפאַכקייט אין אונזער לעבנסשטייגער: אײַנפאַכע קליידונג, אײַנפאַכע וואוינונג, אײַנפאַכער טיש — פלייש זאָל בעסער אינגאַנצן נישט געגעסן ווערן: געגנוג, ווען אונזערע בהמות וועלן אונז געבן מילך און אונזערע הינער וועלן אונז געבן אייער. דער עיקר — אָפּשאַפן געלוסטונג, אויסטריקענען די קוואַל פון זינד, און אונזער לעבן

וועט אָננעמען אַ נייע געשטאַלט אין ליכט פון דער גוטסקייט און גערעכטיקייט פון אהורא מאזדא אונזער באַשאַפער."

דער קעניג קאוואד האָט געקוקט אויף מאזדאקן מיט אַ ווייטן בליק, ווי ער וואָלט נאָר נישט אויף אים געקוקט, און געלאַסן גערעדט:

„דער עיקר אָפּשאַפן געלוסטונג... איינפירן געמיינשאַפט, שותפות אין ווייבער און אייגנטום... ווי ווילסטו עס טאָן?"

מאזדאקס אויגן האָבן ווידער אויפגעשטראַלט, און ער האָט אויסגערופן:

„דערמיט האָט מיך אָרמוזד, געבענטשט זאָל ער זיין, געשיקט צו דיר! דאָס איז די שליחות! דו וועסט עס דאַרפן טאָן, דורכ־פירן אין לעבן! דאָס איז דיין אייביקייט! דו וועסט אַרויס־געבן אַ באַפעל צו אַלע איינוואוינער פון דיין גרויסער מלוכה: געלוסטונג, די מוטער פון אַלע זינד און פאַרברעכן, מוז אָפּגע־שאַפט ווערן. דערפאַר וועט אָפּגעשאַפט דאָס רעכט אויף אייגנ־טום און עס וועט איינגעפירט געמיינשאַפט אין האָב און גאָב און אין ווייבער."

„גאַנץ איינפאַך," האָט דער קעניג שטיל אַרויסגערעדט און געצויגן די ווערטער. „אַרויסגעבן אַ באַפעל אַזאַ... האָסטו זיך פאָרגעשטעלט, אָ, הייליקער מאגיער, ווי די איינוואוינער פון מיין לאַנד וועלן אויפנעמען אַזאַ באַפעל?"

מאזדאק האָט פעסט געענטפערט:

„אָ, גרויסער קעניג, אויסגעווײלטער צו אייביקייט, איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז די וואָס האָבן גאָרנישט אָדער ווייניק וועלן זיך שטאַרק דערפרייען מיט דיין באַפעל, ווייל ער וועט זיי ברענגען אַ בעסער לעבן און באַפרייאונג פון זינד און פאַרברעכן, וואָס געלוסטונג ברענגט אין אָרעמקייט, און זיי זיינען דער ווייט גרעס־טער טייל פון די איינוואוינער פון דיין לאַנד. און די, וואָס האָבן אַ סך, און זיי זיינען אַ זייער קליינער טייל פון די איינוואוינער פון דיין לאַנד, וועלן אין אָנהייב בייז ווערן און אויפהייבן אַ גע־שריי קעגן דעם באַפעל, ווייל זיי וועלן זיך נישט וועלן צושיידן מיט דעם, וואָס זיי האָבן, אָבער ביסלעכווייז וועלן זיי דערקענען

אין דיין באַפעל דעם ווילן פון זייער באַשאַפער און טובה־טוער און זיי וועלן שלום ווערן. אָבער עס וועלן צווישן זיי געווים זיין אַ סך, וואָס וועלן גלייך אין אָנהייב דערקענען אין דיין באַפעל דעם ווילן פון אהורא מאזדא, און זיי וועלן אים אָננעמען ווי גע־טרייע דינער פון דעם האר פון חכמה און ליכטיקייט. דיין באַפעל וועט ווערן דאָס געזעץ פון דיין לאַנד, און אַלע איינוואוינער וועלן אים אויספאָלגן. געלוסטונג וועט פארשווינדן, זינד וועט אויפהערן, דיין לאַנד וועט ווערן דאָס גליקלעכסטע אונטער דער זון, און דיין נאָמען וועט שיינען און זיין געבענטשט אין אַלע אייביקייטן. אהורא מאזדא וועט דיך דערקלערן פאַר זיין בעסטן העלפער אין זיין טויזנט־יעריקן קאַמף מיט דעם האר פון פינסטערניש, אַ פאָר־לויפער פון דעם משיח, וואָס וועט קומען נאָך דעם גרויסן זיג פון ליכטיקייט איבער פינסטערניש."

קעניג קאוואד האָט לאַנג געקוקט אויף דעם מאָגערן, אויס־געדאַרטן פריסטער מיט אַ פאַרשנדיקן, דורכדרינגענדיקן בליק, און ענדלעך געזאָגט:

„ווען איך וואָלט נישט געקענט דיין לעבן, אָ, הייליקער פריסטער, ווי איינפאַך און וואונטשלאָז און אמתדיק עס איז, וואָלט איך אפשר געמוזט דענקען, אז דו ביזט געקומען צו מיר נישט אַלס שליח פון אהורא מאזדאן, נאָר פאַרקערט, אז דיך האָט אונ־טערגעשיקט צו מיר דער האר פון פינסטערניש, וועלכער וויל איינ־פירן הפקרות אויף דער וועלט. אָבער ווייל איך קען דיין לעבן, ווי איינפאַך און וואונטשלאָז און אמתדיק עס איז, און ווייל איך ווייס, ווי געטריי און איבערגעגעבן דו ביזט צום באַשאַפער פון דער וועלט אהורא מאזדא, וויל איך נישט צווייפלען אין דער היי־ליקייט פון דיין שליחות, אָבער איך וויל זיך נעמען דרייסיק טעג צו איבערלייגן..."

ב.

ווען מאזדאק איז אַוועק פון דעם קעניג, האָט דער קעניג ניט געשיקט נאָך זיינע יועצים, זיינע עלטסטע און קליגסטע, צו דער־ציילן זיי, מיט וועלכער שליחות דער הייליקער פריסט מאזדאק

איז געקומען צו אים, און אויסהערן פון זיי, זיינע עלטסטע און קלינסטע, וואָס זיי האָבן צו זאָגן אויף דעם, נאָר ער איז אַוועק צו זיין ווייב דער קעניגין, דער זייער שיינער און זייער קלוגער יאזאמאטא.

זי האָט אויפגענומען דעם קעניג אַן אויסגעפּוצטע אין אירע בעסטע קליידער און באַצירט מיט איר רייכסטער צירונג. אַ שטערנטיכל פון גאָלד און בריליאַנטן האָט באַלויכטן איר לייכטנ־דיק ברוין געזיכט, לאַנגע אויירינגלעך פון נוסגרויסע אַשפאַרביקע פּערל האָבן באַזונדערס באַטייטלט די צירלעכקייט פון אירע קליי־נע אויערן, אַ ברייטע ווייסע פּערלשנור האָט באַחנט די רייצנדיקע ברוינקייט פון איר הויט, פון אירע דינע לאַנגע פינגער מיט די לאַנגע רויט־באַפאַרבטע נעגל האָבן אַראָפּגעבליצט איידלשטיינער פון פאַרשיידענע פאַרבן און פאַרשיידענער גרויס, איינגעפאַסטע אין רינגען פון גאָלד און אַנדערע טייערע מעטאַלן — די אַרבעט פון שטיינער־קונסט און גרויסע קינסטלער־גאָלדשמידן; אירע אָרעמס זיינען געווען אַרומגענומען מיט אָרעמבענדער פון פאַר־שיידענע טייערע מעטאַלן, אויסגעזעצט מיט רובינען און טאָפּאַזן און אָפּאַלן, אירע קליינע בריסט זיינען געווען איבערגעדעקט מיט אַ געפלעכטס פון גאָלדענע פעדים און פליטערלעך און פיל־פאַרביקע איידלשטיינער, און איבער די ציצן זיינען געזעסן צוויי גרויסע פינקלענדיקע רובינען. אַלץ אויף איר האָט פאַרשטאַרקט דעם רייץ פון איר קערפּער און צוגעגעבן חן צו איר הערלעכער שיינקייט.

ווען זי האָט באַמערקט דעם קעניגס באַגייסטערטע בליקן, האָט זי געוואוסט, אַז די פּוץ־קונסט האָט זיך איר גוט איינגעגעבן, און זי האָט אַריינגעטאָן נאָך מער פאַרפירערישקייט אין דעם שמייכל, מיט וועלכן זי האָט געפרעגט:

„וואָס וויל פון מיר מיין האַר אין ד ע ר צייט פון טאָג?"

און דער קעניג האָט צוריקגעשמייכלט:

„איך וואָלט איצטער געוואָלט פון דיר עטוואָס, וואָס איך האָב נישט געוואָלט, ווען איך בין געגאַנגען צו דיר. אָבער איך וועל פאַרלויפיק בלויז לאָבן מיינע אויגן אין דיין הערלעכקייט און

דערציילן דיר, וואָס איך האָב געוואָלט דערציילן און וואָס איז דער צוועק פון מיין קומען. איך בין אויך נייגעריק צו הערן, וואָס דו וועסט זאָגן."

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין קליינעם טראָן, וואָס איז דאָ שטענדיק געשטאַנען, זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר אים אויף דעם טייערן טעפּיך, אָנגעשפּאַרט זיך אָן זיינע קני, אַרויפגעקוקט צו אים, און ער האָט דערציילט:

„דער הייליקער מאַגיער מאַזדאַק איז ביי מיר ערשט געוועזן מיט אַ געטלעכער שליחות פון אהורא מאַזדא דעם וועלט־באַ־שאַפער. אַ שליחות, מיט וועלכער דער האר פון חכמה האָט זיך נישט געווענדט צו קיין קעניג פאַר מיר, און פיר איך זי אויס, וועט קיין קעניג נאָך מיר נישט באַקומען מער אַזאַ שליחות, ווייל איך וועל ווערן אַרמוזדס גרעסטער העלפער."

די קעניגין האָט פריידיק אַרויסגעאָטעמט:

„ווי גליקלעך איך בין, וואָס דו ביזט דער אויסגעוויילטער!"

איצטער האָט דער קעניג איר דערציילט, אין וואָס די שליחות איז באַשטאַנען. צוערשט האָט ער איר דערציילט וועגן דער שותפות פון אייגנטום, דער צוטיילונג פון רייכטום. אירע ברוינע אויגן האָבן זיך פאַרגרעסערט און פאַרטונקלט, איר האַנט האָט זיך אויפגעהויבן צו איר צירונג, און זי האָט שטיל אַרויסגערעדט, כמעט מיט שרעק אין איר שטים:

„וועל איך דאָס אַלץ דאַרפן אוועקגעבן? צוטיילן זיך?"

דער קעניג האָט אויפגעלאַכט:

„און ווען? דו ביזט שיין אָן דיין צירונג און נאַקעט האָב איך דיך אַם ליבסטן."

ווען ער האָט אַרויסגערעדט זיינע לעצטע ווערטער, האָט אַ שרעק אים אָנגעפילט, און ער האָט זיך אַ ווײַלע מיישב געווען, צו זאָל ער איר דערציילן וועגן דער ווייבער־שותפות. אָבער ער האָט עס איר דערציילט, ציענדיק די ווערטער און שאַרף איינ־קוקנדיק זיך אין איר.

זי האָט געמאַכט אַ קרום און זויער געזיכט, ווי זי וואָלט אָנ־געפילט געוואָרן מיט עקל און מיאוסן געשמאַק, אויסגעשריען:

„פוי!״ און באהאלטן איר געזיכט אויף זיינע קני, פארשעמט און אפגעמיאוסט.

קאוואד האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף איר קאפ, טיף צופרידן מיט איר ווידערווילן, וועלכער האט אים באוויזן, ווי געטריי זי איז אים, און ער האט ווייטער גערעדט, צו דערוויזן איר די וויכטיקייט פון אזא איינפיר, וואס וועט פארשטאפן די גיפטיקסטע קוואל, פון וועלכער עס פארשפרייט זיך איבער דער וועלט אזויפיל זינד.

די שיינע יאזאמאטא האט ענדלעך אויפגעהויבן דעם קאפ, אנגעקוקט איר מאן דעם קעניג מיט פיל חן און שטיפעריש געפרעגט:

„וועל איך... וועט א פרוי אויך אויסקלייבן פראנק און פריי צווישן מענער?״

דער קעניג האט גארנישט געענטפערט, נאר געקוקט אויף איר, ווי ער וואלט זי ערשט דערקענט, ווי עס וואלט זיך פאר אים אויפגעעפנט אין איר אן אפגרונט, וועלכן ער האט אין איר נישט געקענט. ער איז אנגעפילט געווארן מיט אומרואיקייט און שארף א פרעג געטאן:

„האסטו שוין די מענער, וועלכע דו וואלסט געוואלט זיך אויסקלייבן?״

ער האט נישט געווארט אויף איר ענטפער, איז אויפגעשפרונגען פון זיין זיץ, ארויס פון צימער און געשיקט נאך מאזדאקן, ער זאל גלייך קומען צו אים.

האט זיך מאזדאק געוואונדערט, וואס דער קעניג רופט אים, וועז פון די דרייסיק טעג זיינען נאך נישט אריבער קיין דריי שעה. געווים איז דעם קעניג עפעס קשה געווארן, און ער וויל אויפקלערונג. וואס קאן עס זיין אזוינס? „א, אהורא מאזדא, באהעל מיינע געדאנקען! לא׳מיך וויסן, איידער דער קעניג וועט מיר זאגן!״

ווען ער איז געקומען פאר דעם קעניג און דערפילט דעם קעניגס אויפרעגונג, האט ער זיך טיף פארבוקט און געזאגט:

„איך ווייס נישט, וואס מיין האר, דער ליכטיקער קעניג און

ארמוזדם העלפער, ווייל פון מיר, אָבער עס איז געווען גוט, וואָס ער האָט מיך גערופן, ווייל איך האָב פריער דורכגעלאָזן עפּעס צו דערקלערן, עפּעס, וואָס איז געווען זייער וויכטיק."

דער קעניג האָט אים האַרט איבערגעריסן:

„איך וויל טאַקע פון דיר אַ דערקלערונג!"

„אפשר טאַקע די, וואָס איך גיי דיר איצטער מאַכן," האָט מאַזדאַק פרום און ווייך געזאָגט. „אהורא מאַזדא דער געדאַנקענ־ווייסער האָט זיכער צונויפגעבראַכט אונזערע געדאַנקען און אריינגעגעבן מיר די תירוצים, ווי ער האָט דיר אַריינגעגעבן די קשיות, כדי דו זאָלסט האָבן די פולע אויפקלערונג און דאָס גאַנצע וויסן און קאָנען קומען מיטן גאַנצן האַרצן צו דעם באַשלוס, וועלכן ער וויל פון דיר. האָסטו איצטער, אָ, גרויסער קעניג, נישט געוואָלט וויסן, וואָס וועט זיין דיין אייגענע שטעלונג אין דער נייער אָרדענונג, וואָס דו וועסט איינפירן, דאָס הייסט, וואָס וועט געשען מיט דיין רייכטום און דיין ווייב דער קעניגין? אָדער האָסטו..."

דער קעניג האָט אים איבערגעריסן:

„דו דאַרפסט ניט ווייטער זוכן, דו האָסט געטראָפן מיט דיין ערשטער פראַגע."

„געבענטשט זאָל זיין אהורא מאַזדא דער געדאַנקענווייסער!" האָט מאַזדאַ פרום אויסגערופן.

„וואָס איז דיין דערקלערונג?"

„זי איז נישט מיינע, אָ, גרויסער קעניג, זי איז אהורא מאַזדאַס. דער האַר פון חכמה האָט מיר אונטערגעזאָגט דעם תירוץ, ווי ער האָט דיר אונטערגעזאָגט די קשיה. געלוסטונג איז קנאה, אָבער קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט מקנא געווען אַ קעניג, קיינער געלוסט קיינמאָל נישט וואָס דעם קעניגס. וואָס מער און וואָס בעסער און וואָס שענער דער קעניג האָט, אַלץ גליקלעכער פילט זיך זיין לאַנד, און אַ לאַנד וויל, אַז זיין הערשער זאָל האָבן וואָס מער און וואָס בעסער און וואָס שענער. דאָס פאָלק וועט דיך בענטשן, ווייל דו וועסט אָפּשאַפן אָרעמקייט, און קיינער וועט נישט וועלן אַ טייל פון דעם, וואָס דו האָסט, נאָר מען וועט נאָך

פאַרגרעסערן דיין טייל. און אַזוי וועט קיינער נישט אויפהייבן זיינע אויגן צו דער קעניגין דיין ווייב און קיינער וועט נאָך איר נישט געלוסטן. דאָס גאַנצע לאַנד איז שטאָלץ, וואָס דו האָסט אַזאַ שיינע קעניגין, און זי איז הייליק, ווי עס איז הייליק אַלץ, וואָס געהערט צו דיר. ביי דיין שוועל הערט אויף יעדע קנאה און געלוסטונג, ווי זי הערט אויף ביים שוועל פון דעם הויז פון אהורא מאזדא."

די וואָלקנס פון דעם קעניגס פּנים זיינען פאַרשוואונדן, אָבער ער האָט נאָך געפרעגט:

„וועט אַ פרוי קאָנען אויסקלייבן פראַנק און פריי צווישן מענער?"

און מאזדאק האָט געענטפערט:

„קאָן אַ פרוי איצטער אויסקלייבן איר מאַן? פאַרוואָס זאָל זי קאָנען שפּעטער, וואָס זי קאָן איצטער נישט? איז דיר איצטער אַלץ קלאָר, אָ, ליכטיקער קעניג? אָדער ווילסטו נאָך וואָס וויסן?"

און דער קעניג האָט געזאָגט:

„איצטער בלייבט עס ווידער ביי די דרייסיק טעג, אָבער עס וועט זיין גוט, ווען נאָך די דרייסיק טעג וועסטו מיר קאָנען זאָגן, וואָס דאָס פאָלק דענקט וועגן אַזאַ נייעם איינפיר אין זיין לעבן."

דער קעניג איז אַוועק צוריק צו דער קעניגין, צו דעררריידן, וואָס ער האָט פריער נישט דערעדט, און צו באַוואונדערן איר שיינקייט, אַפילו ווען זי איז אויסגעטאָן פון יעדער צירונג, און צו זאָגן איר, אַז אויך ווען עס וועט איינגעפירט ווערן די ווייבער־שותפות, וועט קיין מאַן נישט טאָרן דערנעענטערן זיך צו איר, ווייל קיין מאַן וועט נישט אויפהייבן זיינע אויגן צו איר און וועט בלייבן לעבן.

און דער הייליקער מאזדאק איז אַוועק אין פאָלק, אויסצוגעפינען, וואָס עס דענקט וועגן אַזאַ נייעם איינפיר אין זיין לעבן. און זע — זיינע ווערטער זיינען געפאַלן אין פאָלק, ווי די פלאַנצן פון דעם גוט באַוואַסערטן בוים, וועלכע אהורא מאזדא רעגנט אַראָפּ אויף דער ערד, צו ברענגען שפּייז פאַר זיינע געטרייע. ווייל

דער הייליקער פּריסט איז צוערשט געגאַנגען צו די, וואָס האָבן גאָרנישט, און צו די, וואָס האָבן ווייניק, און זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט מיט ברען אָן דער נייער אָרדענונג, וואָס האָט זיי פאַרשפּראָכן באַפרייאונג פון נויט און הונגער, פון גרויסער אָרעמקייט און דעם עלנט און דעם שמוץ, וואָס אָרעמקייט ברענגט מיט זיך, אָבער אויך באַפרייאונג פון דער זינד פון געלוסטונג און פון רויב און גנבה און מאָרד, וואָס געלוסטונג ברענגט מיט זיך. און זיי האָבן געשוואָרן געטריי אויסצופאָלגן אַלע געבאָטן פון דער נייער תורה און האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן זענדיק, ווייל זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר די אמתע טרעגער פון זענד, דער רעליגיע פון ליכט און לעבן.

פון זיי איז מאַזדאַק געגאַנגען צו די, וואָס האָבן נישט צופיל, אָבער האָבן גענוג פאַר זיך און זייער הויזגעזינד און קאָנען נאָך אָפּלייגן ווי די חיה אין וואַלד אויף דער צייט פון ווינטער. אָבער די האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויסצורעכענען, צו זיי וועלן זיין געווינער אָדער פאַרלירער, ווען זיי וועלן זיך טיילן מיט די, וואָס האָבן גאָרנישט אָדער וואָס האָבן ווייניק, און מיט די, וואָס האָבן גאָר אַ סך. אויב זיי וועלן אָפּגעבן פון דעם, וואָס זיי האָבן, צו די, וואָס האָבן גאָרנישט אָדער ווייניק, וועלן זיי נאַטירלעך זיין די פאַרלירער, און זייער לעבן וועט נישט בעסער נאָר ערגער ווערן. אָבער זיי וועלן צוקריגן זייער חלק פון די, וואָס האָבן גאָר אַ סך, וועט זייער פאַרלוסט אויסגעגליכן ווערן מיט דעם געווינס, און זייער לעבן וועט נישט געענדערט ווערן. און אפשר קאָן נאָך זיין, אַז דער געווינס וועט איבערשטייגן דעם פאַרלוסט, און דעמאָלט וועלן זיי האָבן מער, ווי זיי האָבן איצטער. האָבן זיי נישט געקאָנט אויסמאַכן ביי זיך, צו זאָלן זיי אָננעמען די נייע תורה אָדער נישט. זיי האָבן געשוואָרן, אַז זייערע הענט זיינען ריין פון גנבה און רויב און מאָרד, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט שווערן, אַז זייערע הערצער זיינען פריי פון געלוסטונג, און אויך נישט, אַז זייערע האַנדלונגען זיינען פריי פון שווינדל און נאַרעריי, פון פאַלשער וואָג און פאַלשער מאָס, וואָס איז געגליכן צו גנבה און רויב און קומט פון געלוסטונג. און זיי האָבן גע־

פילט, אז זיי דארפן זיין אויף דער זייט פון אהורא מאזדא, און אויב ער, דער וועלט־באשאפער, פאָרדערט פון זיי,וואָס ער פאָרדערט, מוזן זיי נאָכקומען זיין ווילן, אָבער זיי האָבן דאָך נישט געקאָנט באשליסן און זיינען געוועזן שטארק אומצופרידן, וואָס דער היי־ליקער מאגיער איז געקומען צו זיי און האָט זיי אראָפּגעשלאָגן פון זייער גלייכגעוויכט און צושטערט זייער רו. נאָר מאזדאק האָט געוואוסט, אז ווען דער קעניג וועט ארויסגעבן זיין באפעל, וועלן זיי זיך נישט דערוועגן צו גיין קעגן אים, ווייל די מורא פארן קעניג איז גרויס אין זיי.

אָבער ביי די רייכע, ביי די, וואָס האָבן גאָר א סך, האָט מאזדאק גאָר קיין געהער נישט געפונען. זיי האָבן פארלאכט אים און זיינע פרומע רייד. אהורא מאזדא, האָבן זיי געזאָגט, האָט פאָראויס באשטימט די טויזנטער יאָרן, וואָס די מלחמה צווישן אים און זיין צווילינג־ברודער אנגרא מאיניו דארף גע־דויערן, און קיינער טאָר נישט וועלן פארקירצן די צייט. עס איז גאָר אן עבירה צו וועלן פארקירצן די צייט! דאָס הייסט דאָך פשוט ארייננמישן זיך אין די פלענער פון דעם וועלט־באשאפער און צונישט מאכן זיינע חשבונות. און זיי האָבן געטענהט, אז אויב אהורא מאזדא, געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען, וויל די אָפּשאפונג פון געלוסטונג און וויל דערפאר די איינפירונג פון שותפות אין אייגנטום, פארוואָס האָט ער עס נישט אָנגעזאָגט דורך דעם גרויסן זאראטוסטרא, דורך וועמען ער האָט אָנגעזאָגט אלע אנדערע זאכן, וואָס ער האָט געוואָלט. אויב ער האָט עס נישט געטאָן, איז עס געווים איינע פון די זאכן, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזן פאר דער צייט נאָך דעם זיג איבער דעם האר פון פינסטערניש, ווען עס וועט קומען דער ס א אָ ש י א נ ט, דער משיח, וואָס אן אומבארירטע בתולה וועט געבאָרן, און מאזדאק גלויבט דאָך געווים נישט, אז ער איז דאָס דער סאאָשיאנט, דער משיח, ווייל עס לעבן נאָך א סך עלטערע מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט זיין מאמען... און וואָס איז שייך רויב און גנבה האלטן זיי זיך אינגאנצן ריין פון אזעלכע זינד, ווי זיי האלטן זיך אינ־גאנצן ריין פון געלוסטונג. זיי האָבן שטענדיק גענומען זיך נאָר

דאָס, וואָס זיי קומט, און זיי פאַרגינען אַלעמען, וואָס יענע האָבן און געלוסטן קיינעמס נישט. עס וואָלט אָבער געווען גוט פון דעם הייליקן מאַגיער, ווען ער וואָלט אַרויסגעקומען אין נאָמען פון דעם וועלט־באַשאַפער מיט אַ שאַרפן שטרענגן וואָרט קעגן יעדער געלוסטונג. שוין בלויזע קנאה אַליין מוז דערקלערט ווערן פאַר אַ פאַרברעך, וואָס דאַרף שווער באַשטראָפט ווערן.

אויך די ווייבער־שותפות האָט אַרויסגערופן שטאַרקן ענטוזיאַזם ביי די, וואָס האָבן גאָרנישט אָדער ווייניק, ווייל זייערע ווייבער און טעכטער האָבן זיי סיי־ווי־סיי געדאַרפט פאַרקויפן צו יעדן אָנבאָטער פון אַ פּרייז פאַר אַן איינציקער נאַכט אָדער אַן איינציקער שעה, און זייערע מענער האָבן זיך קוים דערוועגט צו חלומען וועגן אַ פרוי פון די הויכע פענסטער אין זייערע אָרעמס... אָבער אויך ביי די, וואָס האָבן זיך אָוועקגעזעצט רעכענען, האָט די ווייבער־שותפות נישט אַרויסגערופן קיין שווערן ישוב־הדעת, ווייל זיי האָבן גלייך אויסגערעכנט, אַז זיי וועלן נישט זיין קיין פאַרלירער. נאָר די, וואָס האָבן אַ סך, האָבן העפטיק פּראָטעסטירט אויך קעגן שותפות אין ווייבערייַ. צו זייערע אַנדערע טענות האָבן זיי נאָך צוגעגעבן, אַז זיי ווייסן דעם פּרייז פון ווייבער, און ווען זיי וואַרפן אַן אויג אויף אַ פרוי, ווייסן זיי, וואָס דאָס וועט זיי קאָסטן, און זיי באַצאָלן ווויליק דעם פּרייז נאָך מיט אַ צולייג. אָבער זיי מוזן באַשטיין, אַז די פרויען, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעקליבן צו זיין די מוטערס פון זייערע קינדער, זאָלן געהערן אינגאַנצן צו זיי, און זייערע קינדער זאָלן זיין ז י י ע ר ע קינדער....

עס איז געווען אַלץ, ווי מאַזדאַק האָט זיך געהאַט פאַרגעשטעלט, נאָר האָט ער צווישן די, וואָס האָבן אַ סך, נישט געפונען קיין איינציקן, וואָס זאָל וועלן אָננעמען זיין תורה, ווי אַ געטרייער דינער פון דעם האַר פון חכמה און ליכטיקייט. אָבער מאַזדאַק האָט זיך געפרייט מיט דער גאָר גרויסער צאָל פון די, וואָס האָבן אַזוי באַגייסטערט אָנגענומען זיין תורה און אַ נאָמען געגעבן זיך ז ע נ ד י ק, ווייל זיי זיינען די אמתע טרעגער פון דער תורה פון ליכט און לעבן.

און ווען די דרייסיק טעג זיינען אַריבער, איז מאַזדאַק אַוועק

צום קעניג, ווי א גענעראל, וואָס האָט הינטער זיך א זייער גרויסן חייל, ווי דער גרינדער פון א רעליגיע, וואָס האָט אָנגעצונדן די הערצער פון אומצייליקע. קעניג קאוואד האָט נאָך געהאַט זיינע ספקות, אָבער די דערגרייכונגען פון דעם הייליקן פריסט, די שנעלע אָננעמונג און פאַרשפּרייטונג פון זיין תורה און די גרויסע צאָל פון זיינע גלויביקע האָבן אוועקגענומען ביי אים די לעצטע אומאַנטשלאָסנקייט. און מאַזדאַק איז אַוועק פון דעם קעניג מיט א באַפעל אין זיינע הענט, אונטערגעשריבן מיט דעם קעניגס נאָמען און געחתמעט מיט דעם קעניגס חתימה, אַז אַלע איינוואוינער פון די מדינות, וואָס שטעלן צונויף די גרויסע און מעכטיקע פּערסישע מלוכה, מוזן זיך אונטערוואַרפן אהורא מאַזדאָס ווילן, ווי ער איז אַנטפּלעקט געוואָרן דעם הייליקן פריסט מאַזדאַק, און אָננעמען די נייע געזעצן, וואָס זיינען נאָר א צוגאָב און א פאַרבעסערונג פון דער תורה, וועלכע אהורא מאַזדא האָט מיט טויזנט יאָר צוריק אַנטפּלעקט זיין נביא זאַראַטוסטרא. פון היינט אָן און ווייטער זאָל הערשן געמיינשאַפט און שותפות אין דעם רייכטום פון לאַנד: שותפות אין דער ערד און אירע תבואות, שותפות אין די סטאַדעס און די הינערשטייגן, שותפות אין די סחורות פון די הענדלער און אין זייערע פאַרדינסטן, שותפות אין די אויסאַרבעטונגען פון די האַנטווערקער און זייערע פאַרדינסטן. און אויך שותפות אין די פרויען. אַלע זאָל געהערן אַלעמען, און אַלע פרויען זאָלן געהערן צו אַלע מענער. אויך בלוטפאַרוואַנדטע מאָגן פאַרקערן צווישן זיך: ברידער מיט שוועסטער, און אפילו טאַטעס מיט טעכטער און מוטערס מיט זין, ווייל דער פאַרבאָט רופט אַרויס געלוסטונג, און געלוסטונג איז די מוטער פון אַלע זינד.

ג.

אין יענער צייט האָבן אין פרס געוואוינט זייער א סך יידן. זייער הויפּט־וואוינאָרט איז געווען די מדינה פון בבל, וועלכע איז געווען א טייל פון דער פּערסישער מלוכה, זינט דער גרויסער קעניג כורש האָט זי איינגענומען. דאָ ביי די טייכן פון בבל,

וואו זיי האָבן אַמאָל אָפּגעזאָגט זיך צו זינגען זייערע לידער, האָבן זיי אין די גרויסע ישיבות פון נהרדעי, סורא און פומבאדיתא אין משך פון יאָרהונדערטער געשאַפן דעם תלמוד, וואָס איז, ווי דער תנ"ך, געוואָרן דאָס באַגלייט־בוך פון די יידן אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען דורך אַלע שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער. דאָס רוב האָבן די בבלער יידן געוואוינט אין דערפער, וואו זיי האָבן גע־לעבט דאָס לעבן פון שווער אַרבעטנדיקע פּויערים, נאָכגייענדיק נאָך דעם אַקעראייזן און ראַנגלענדיק זיך מיט דער ערד, און אַזוי אָרעם, אַז זיי האָבן געגעסן ברויט מיט ברויט און געגאָלטן דער־פאַר אַלס טיפּשים. אָבער אַ סך פון זיי האָבן געוואוינט אין די שטעדט פון בבל און באַשעפטיקט זיך מיט האַנדל און מיט מלאכה און מיט תורה. זיי האָבן גערעדט זייער אייגענע שפּראַך, געהאַט זייערע אייגענע מנהגים, געדינט זייער אייגענעם גאָט און אויפ־געפירט זיך נאָך די דינים, וואָס די תלמידי חכמים אין זייערע גרויסע ישיבות האָבן פעסטגעשטעלט דור איין דור אויס נאָך לאַנגע פּלוגתות און שקלא וטריא (שאַקלאָ וטאַריאָס). אָבער אויך פּאָליטיש זיינען זיי געווען אַ באַזונדערקייט, רעגירט פון אַ ריש גלותא — אַ ירושה־אַמט, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון טאַטע צו זון און געצויגן זיין אָנהייב פון הלל הזקן, וואָס האָט אָפּגעשטאַמט פון מלכות בית דוד.

אין יענע טעג פון דעם קעניג קאַוואַד און דעם פּריסט מאַזדאַק איז געווען ריש גלותא מר זוטרא. נאָך גאָר אַ יונגער יינגל, אָבער קלוג און געלערנט נישט נאָך זיינע יאָרן, אַ ווירדיקער שפּראָץ פון דוד המלך'ס הויז. די יידן פון בבל האָבן זיך אָנדער־ציילט וועגן אים וואונדערלעכע חידושים.

זיין טאַטע מר הונא איז געווען אַ געלערנטער מאַן און ריש גלותא, און זיין זיידע מר חנינא, דער פאָטער פון זיין מוטער, איז געווען ראש ישיבה און איינער פון די באַדייטנדיקסטע תלמידי חכמים פון זיין דור, וואָס איז געווען דער דור פון רבינא, דעם צוזאַמענשטעלער פון דעם תלמוד. איינמאָל איז אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן דעם ריש גלותא מר הונא און זיין שווער דעם ראש ישיבה מר חנינא וועגן עפּעס אַ דין אין דער תורה, און עס

איז זיך צוזאַמענגעשטעקט די ביטערסטע פּלוגתא. זיי האָבן באַוואָרפן איינער דעם אַנדערן מיט ראיות פון אַנדערע חכמים, מיט קל וחומר׳ס, מיט גזירה שוה׳ס, מיט אויסטייטשונגען פון פּסוקים, און קיינער פון זיי איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין מיינונג נישט אויף א האָר. ביז ענדלעך איז מר הונא שטאַרק אין כעס געוואָרן, און וואָס ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן מיט זיין לאָגיק און זיין וויסן, האָט ער באַשלאָסן צו דערגרייכן מיט זיין מאַכט. אַלס ריש גלותא האָט ער גוזר געווען אויף מר חנינאן צו פאַרלאָזן די שטאָדט האַלבנאַקעט און באָרוועס, געלאָזן אים שטיין א גאַנצע נאַכט פאַר דער שטאָדט־טויער און פאַרבאָטן די, וואָס האָבן געוואוינט הינטער דער שטאָט־טויער, אַריינצונעמען אים צו זיך אין שטוב. מר חנינא האָט פאַר האַרצווייטיק און באַליידיקונג אָפּגעוויינט א גאַנצע נאַכט מיט ביטערע טרערן, וועלכע האָבן געקאָנט אָנפילן א גרויסן טאָפּ און נאָך אַריבערגיין איבער די ברעגן. ווען מר חנינא איז ענדלעך פאַר מידקייט אַוועקגעפאַלן אויף זיין אָרט און איינגעשלאָפן מיט די טרערן נאָך קאַפּענדיק, האָט ער געזען א חלום. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט א האַק אין א געדיכטן צעדערוואַלד און אויסגעהאַקט בוים נאָך בוים, בוים נאָך בוים. עס איז געבליבן נאָר נאָך איין קליין בוימדל, א יונגס, קוים פון דער ערד אַרויסגעשפּראָצט, און אָט האָט ער אויפגעהויבן דעם האַק און געוואָלט אַראָפּלאָזן אים אויפן בוימדל. האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אַן אַלטער מאַן מיט א שניי־ווייסער באָרד און דער הערלעכקייט פון א מלך אויף זיין פּנים, און אָפּגעשטעלט זיין האַנט און שטרענג געזאָגט:

„וויסטו, וואָס דו ביסט געגאַנגען טאָן? דו וואָלסט פאַרניכט דעם לעצטן שפּראָץ פון מיין הויז און פון מיר וואָלט מער קיין זכר נים געבליבן!"

און מר חנינא האָט געוואוסט, אז דאָס רעדט צו אים דוד המלך, און ער האָט געוואָלט וואָס ענטפערן, אָבער דאָ האָט מען אים רעשדיק אויפגעוועקט מיט א שרעקלעכער בשורה: אין דער נאַכט איז אויסגעשטאָרבן די גאַנצע הויז פון דעם ריש גלותא. געבליבן נאָר זיין טאָכטער, די ווייב פון מר הונא, און זי איז טראָ־

גערדיק. האָט מר חנינא פאַרשטאַנען זיין חלום און גענומען אויף זיך אָפּצוהיטן זיין טאָכטער, אין וועלכער עס שפּראָצט אַ יונג בוימל פון דודס שטאַם. ער האָט זיך אויפגעשטעלט ווי אַ שומר פאַר איר הויז, איז געשטאַנען שמירה טאָג און נאַכט, אין שלאָקס־רעגן און אונטער ברענענדיקער זון. ביז ענדלעך האָט זיין טאָכטער געהאַט אַ זון, וועמען זי האָט געוואָלט אַ נאָמען געבן הונא נאָך זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, אָבער מר חנינא האָט נישט דערלאָזן, אַז דער באַליידיקער פון אַ תלמיד חכם זאָל האָבן אַ נאָמען נאָך זיך, און מען האָט דעם ניי־געבוירענעם אַ נאָמען געגעבן זוטרא. מר חנינא האָט זיך אינגאַנצן אָוועקגעגעבן זיין אייניקל, געוועזן אים אָנשטאָט אַ פאָטער און איבערגעגעבן אים זיין תורה און זיין גאַנץ וויסן. און דער יינגל איז געוועזן געבענטשט מיט גרויסע פעאיקייטן, מיט אַ שאַרפן זכרון און אַ שאַרפער תפיסה, ווי אַ שוואָם אַריינזאַפּנדיק אין זיך אַלץ, וואָס דער זיידע האָט אין אים אַריינגעגעבן, און צו פופצן יאָר איז ער שוין געוועזן אַ גאַנצער מאַן מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד און אַ סך וויסן, ראָוי איבערצונעמען די גדולה פון זיין טאַטן און זיינע זיידעס.

אָבער מר פּאַכדא, זיין פאַרשטאָרבענער שוועסטערס מאַן, וואָס איז געוועזן דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם ריש גלותא, ביז זוטרא וועט אויסוואַקסן, האָט אים נישט געוואָלט איבערגעבן די ירושה פון זיינע עלטערן. ער האָט געטענהט, אַז דער יינגל איז נאָך צו יונג, און אויסער דעם איז ער אין די אַלע יאָרן געוועזן אַ גוטער ריש גלותא, נישט דער קעניג און נישט די יידן קאָנען גאָרנישט אויסזעצן קעגן אים, און ער זעט נישט איין, פאַרוואָס ער זאָל איבערגעבן די גדולה צו אַ יונגן יינגל, וואָס מען ווייס נישט, וואָס פאַר אַ ריש גלותא ער וועט זיין.

אַלע איבעררייידענישן מיט מר פּאַכדאן האָבן נישט געהאָלפן. ער איז נאָך געוואָרן בייז, און מען האָט געדאַרפט מורא האָבן, אַז זיין צאָרן וועט טרעפן דעם יונגן זוטראַ. יעמאָלט האָט מר חנינא גענומען זיין אייניקל און אַ סך מתנות אין גאָלד און זילבער און גוטע שטיינער, און איז אַוועק אין קטעסיפאָן, דער הויפּט־שטאָט פון פּרס, צום קעניג קאַוואַד, אויסצופועלן ביי אים, ער זאָל אַראָפּ־

זעצן מר פּאכדאַן פון דעם שטול, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט, און אַרויפזעצן אויפן שטול זיין אייניקל דעם יונגן זוטראָ, צו וועמען דער אַמט פון ריש גלותא געהערט בירושה, און זאָל דער קעניג אַליין זען, אַז דער יונגער יינגל איז ראוי צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ.

דער קעניג האָט אָנגעקוקט דעם יונגן יינגל, וועלכער איז געוועזן זייער שיין צו אָנקוקן. הויך געוואַקסן און גוט געבויט אין זיינע אַקסלען און זיינע שענקל, מיט אַ קאָפּ געדיכטע געקרייזל־טע פעך־שוואַרצע האָר און אַ מילך־ווייסן פּנים, אויף וועלכן עס זיינען נאָך נישט געוועזן קיין סימנים פון האָר און פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשיינט צוויי שוואַרצע דימענט־אויגן. און ווען דער קעניג האָט אים גענוג אָנגעקוקט, און עס איז געוועזן קענ־טיק, אַז דער יינגל האָט געפונען חן אין זיינע אויגן, האָט ער מיט אַ פריינטלעכן שמייכל געפרעגט:

„ביזטו נישט צו יונג צו זיין אַ רעגירער?"

און זוטראָ האָט רואיק געענטפערט:

„איך שטאַם פון אַ קעניגלעכער פאַמיליע, אין וועלכער איי־נער פון מיינע עלטער־זיידעס איז געוואָרן קעניג, ווען ער איז אַלט געוועזן זיבן יאָר, און ער האָט געטאָן דאָס ריכטיקע אין די אויגן פון גאָט."

און דער קעניג האָט ווייטער געפרעגט:

„וואָס איז דאָס ריכטיקע, וואָס דו דאַרפסט טאָן אין די אויגן פון דיין גאָט, ווען דו וועסט ווערן מיין פאַרטרעטער ביי די יידן פון בבל?"

און זוטראָ האָט געענטפערט מיט קלאָרער שטים, לאַנגזאַם ריידנדיק:

„די פליכט צו משפטן די יידן פון בבל נאָך גערעכטיקייט און אַכטונג צו געבן, זיי זאָלן לעבן נאָכן געזעץ און נישט פאַרגעסן געבאָט און יושר אין דעם גײַעג נאָך רייכטום און אין דער נאָכ־געבונג פון תאוות."

דעם קעניגס געזיכט האָט אויסגעדריקט התפעלות, און ער האָט קורץ אַרויסגערעדט:

„דו געפעלסט מיר."

און אַזוי איז זוטראַ געוואָרן ריש גלותא מיט דעם חסד פון דעם קעניג. אָבער די רייזע צום קעניג איז געווען גאַנץ איבעריק, ווייל ווען זוטראַ און זיין זיידע מר חנינא זיינען נאָך געווען אונטערוועגס, איז מר פאכדא געשטאָרבן פון דעם ביס פון אַ פליג. און די יידן פון בבל, די פויערים און די הענדלער און די בעל מלאכות און די תלמידים פון די ישיבות, האָבן אַלע געוואוסט, אַז זוטראַ איז זייער ריש גלותא מיט דעם חסד פון גאָט.

דער יונגער ריש גלותא, וואָס האָט איצטער געהייסן מר זוטראַ, איז נישט לאַנג געזעסן אויף זיין רעגירער־שטול, ווען ער האָט באַקומען דעם קעניגס באַפעל, אַז אַלע איינוואוינער פון דער פערסישער מלוכה, עס מאַכט נישט אויס, אין וועלכן גאָט זיי גלויבן און וואָס זייער אמונה איז, מוזן זיך טיילן צווישן זיך מיט זייער אייגנטום און זייערע ווייבער, און אַז ער, דער פאַרטרעטער פון דעם קעניג ביי די יידן פון בבל, מוז צוזען, אַז די יידן זאָלן אויספאָלגן דעם קעניגס באַפעל און לעבן נאָך דעם נייעם געזעץ.

מר זוטראַ האָט געלייענט און איבערגעלייענט דעם קעניגס באַפעל, באַטראַכט און איבערגעטראַכט יעדע שורה, יעדעס וואָרט, און ער האָט געוואוסט, אַז אַ שווערער וואָלקן האָט זיך אָנגערוקט אויף אים און אויף אַלע יידן אין דער מלוכה פרס. אַלס פאַרטרעטער פון דעם קעניג האָט ער געדאַרפט גלייך פאַררופן צו זיך זיינע שרייבער און לאָזן זיי איבערשרייבן דעם קעניגס באַפעל און פאַנאַנדערשיקן אים אומעטום, וואו עס וואוינען יידן, וואָס שטייען אונטער זיין הערשאַפט, און צוגעבן צו דעם, זיי זאָלן וויסן, אַז דינא דמלכותא דינא, אַז אַ געזעץ פון דעם מלך איז ווי אַ געזעץ פון דער תורה און מוז אויסגעפאָלגט ווערן, אויב מען וויל נישט שווער באַשטראָפט ווערן. אָבער ער האָט זיך נישט געאיילט דאָס צו טאָן, און אַנשטאָט דעם האָט ער געלאָזט וויסן זיין זיידן מר חנינאן, וואָס איז גראָד יעמאָלט נישט געווען לעבן אים אין זיין הויפּט־שטאָט מחוזא, און רב יוסי דעם ראש ישיבה פון פומבדיתא און רב גיזא דעם ראש ישיבה פון סורא און רב סימונאן און רב אהונאן און נאָך אַנדערער פירער פון יידישע קהילות, זיי זאָלן זיך באַאיילן און קומען צו אים, ווייל אַ וואָלקן

רוקט זיך אָן אויף די יידן אין דער מלוכה פון פּרס. און ווען זיי זיינען זיך צונויפגעקומען פאר אים, האָט ער פאַר זיי פאַרגעלייענט דעם באַפעל פון דעם קעניג מיט פעסטער שטים און מיט דער שטרענגקייט פון אַ רעגירער, אַזוי אַז זיי האָבן געקאָנט גלויבן, אַז ער, דער ריש גלותא, דעם קעניגס פאַרטרעטער, וועט טאַקע צוזען, אַז די יידן זאָלן אויספאָלגן דעם קעניגס באַפעל. זיי האָבן אים אויסגעהערט מיט שרעק אין הארצן און מיט שרעק אין די אויגן, און ווען מר זוטרא האָט געענדיקט, האָבן זיי זיך איבער־געקוקט צווישן זיך, דערשטוינטע, דערשראָקענע, און דערנאָך צו־געווענדט זייער שרעק און דערשטוינונג צום ריש גלותא און ווי איין מענטש אויסגעשריען:

„וואָס גייסטו טאָן?"

מר. זוטרא האָט זיי אַ ווײַלע אָנגעקוקט. זיינע בליקן האָבן באַרירט יעדן איינעם פון זיי; יעדן איינעם פון זיי, אויך זיין זיידן, האָט ער געגעבן צו פילן, אַז פאַר זיי זיצט איצט אַ הערשער, אַ פאַרטרעטער פון דעם קעניג, פון דעם קעניגס מאַכט. זיין גע־זיכט האָט אָנגענומען דעם אויסדרוק פון פעסטקייט און אָנט־שלאָסנקייט, און ער האָט ענדלעך רואיק און פעסט אַרויסגערעדט:

„מיר וועלן דעם באַפעל פון דעם קעניג נישט אָננעמען!"

די פאַרזאַמלטע האָבן אויפגעאָטעמט — אַן אויפאָטעמונג פון באַפרייאונג און דערלייכטערונג, אין אַ סך אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן פון גערירטקייט. אָבער ער, ווי ער וואָלט גאָר־נישט באַמערקט די אויפרעגונג צווישן די פאַרזאַמלטע, האָט ווייַ־טער גערעדט מיט דער זעלביקער רואיקייט און פעסטקייט:

„דער באַפעל פון דעם קעניג איז אַ באַפעל פאַר אַלע איינ־וואוינער פון אַלע מדינות אין דער מלוכה פון פּרס. עס איז אַ גזירה אויף אַלע פעלקער און אַלע מענטשן, עס מאַכט נישט אויס, אין וועלכן גאָט זיי גלויבן און וואָס זייער אמונה איז, און נישט בלויז אויף יידן אַליין, און דאָך מוזן מיר זי באַהאַנדלען, ווי זי וואָלט געוועזן אַ גזירה אויף יידן אַליין. איך ווייס נישט, ווי די אַלע אַנדערע פעלקער און די אַלע אַנדערע אונטערטאַנען וועלן

אויפנעמען דעם באַפעל פון דעם קעניג. איך ווייס נאָר, אַז מיר קאָנען אים נישט אָננעמען — אין זיין גאַנצקייט."

די לעצטע דריי ווערטער האָבן איבערראַשט, און מר חנינא האָט אָנגעשטעלט פאַרוואונדערטע אויגן און געפרעגט:

„וואָס מיינסטו: 'אין זיין גאַנצקייט'?"

מר זוטרא האָט ווייטער גערעדט געלאַסן און פעסט:

„איך מיין, אַז אין דעם פּרט פון דיני ממונות, אין דעם פּרט פון געלט און אייגנטום וועלן מיר זיך אונטערוואַרפן. דאָ איז דינא דמלכותא דינא, און איך וועל זען, אַז מיר זאָלן דאָס געזעץ אויספאָלגן. אונזערע רייכע יידן וועלן זיך מוזן טיילן מיט אונזערע אָרעמעלייט, און איך וועל צוזען, אַז אונזערע אָרעמעלייט זאָלן נישט פאַרטיילט ווערן. אין דעם פּרט וועלן מיר נישט עובר זיין אויף קיין דין אין אונזער תורה. אין דעם פּרט וועלן מיר אפילו האַנדלען אין דעם גייסט פון אונזער תורה. מיר וועלן אפילו ווערן בעסערע יידן. עס וועלן געהאָלפן ווערן אונזערע אָרעמעלייט, און אונזערע עשירים וועלן נישט פאַרהונגערט ווערן, און די צאָל פון אונזערע תורה־לערנער וועט פאַרגרעסערט ווערן, ווייל זיי וועלן האָבן זייער פּאַרזאָרגונג. קיינער פון אונזערע עשירים וועט נישט מאָרן דערוועגן זיך צו גיין קעגן דעם דאָזיקן געזעץ, אויב ער וועט נישט וועלן פאַרלירן אַלץ. איך נעם אָן דעם געזעץ, מיר וועלן אים אָננעמען. אָבער מיר קאָנען בשום אופן נישט אָננעמען דעם אַנדער טייל פון דעם באַפעל. מיר וועלן קיינמאָל נישט איינגיין אויף ווייבער־שותפות."

„אָט דאָס! אָט דאָס!" האָבן אויסגערופן אַ סך פון די פאַרזאַמלטע, ווי ער וואָלט ארויסגערעדט, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפן הארצן. און מר זוטרא האָט ווייטער גערעדט, ווי ער וואָלט נים איבערגעריסן געוואָרן:

„גילוי עריות, פרייע ווייבעריי..."

רויטקייט האָט באַדעקט זיין געזיכט, שעמעוודיקייט האָט אים אויסגעפילט, זיין שטים האָט פאַרלאָרן איר פעסטקייט. ער, דער יונגער ייִנגל, וואָס האָט נאָך קיין פרוי נישט געוואוסט, האָט גערעדט וועגן עריות פאַר אַזא עדה יידן! אָבער ער האָט

שנעל אָראָפּגעשלונגען די שעמעוודיקייט, איז אַפילו ביז גע־וואָרן אויף זיך פאַר זיין רויט־ווערן. ער איז רעגירער, פירער, ריש גלותא — ער דאַרף קאָנען ריידן וועגן אַלץ. ער האָט ווידער אָנגענומען זיך מיט פעסטקייט, און זיין שטים האָט געקלונגען האַרטער און שטאַרקער ווי פריער:

„גילוי עריות, ווי עבודה זרה און שפיכת דמים זיינען גרונט־איסורים, אויף וועלכע עס האַלט זיך אונזער פאָלק, זיי־נען די הויפּט־אונטערשיידונגען צווישן אונז און אַלע אַנדערע פעלקער. אַזוי האָט געפּסקנט דער גרויסער תנא רבי עקיבא, ווען ער און די אַנדערע חכמים זיינען געלעגן באַהאַלטן אין דעם דאַכשטיבל אין לוד. מיר קאָנען עובר זיין אויף אַנדערע אָנזאָגן אין דער תורה, ווען מיר ווערן דערצו געצוואונגען, אָבער קיין מאָל נישט אויף גילוי עריות, עבודה זרה און שפיכת דמים. טוען מיר עס, העדן מיר אויף צו זיין דאָס פאָלק פון גאָט, ווערן מיר אויס יידן. דעם קעניגס באַפעל וועגן ווייבער־שותפות איז אשת־אישעריי, איז הורעריי צווישן די נאָנטס־טע קרובים. אונזער תורה באַפעלט אונז: פאַראומרייניקסט זיך נישט מיט דעם! מיר וועלן אויספאָלגן דעם באַפעל פון דער תורה, וועלן נישט אָננעמען דעם באַפעל פון דעם קעניג. אַזוי זאָג איך, מר זוטרא דער ריש גלותא. האָט ווער פון אייך וואָס איינצואווענדן? איר זייט אַלע עלטער פאַר מיר, קליגער און געלערנטער. אויב איר האָט וואָס איינצואווענדן, וועל איך אויס־הערן, און אויב איר זייט גערעכט, וועל איך פּרובירן צו ענ־דערן מיין מיינונג.“

זיינען די פאַרזאַמלטע געזעסן גאַנץ געפּלעפט פון דער רעדע פון זייער ריש גלותא, וואָס איז נאָך געוועזן גאָר אַ יונ־גער יינגל, פון דער פעסטקייט אין זיין שטים און דער אַנט־שלאָסנקייט אין זיין גאַנצער האַלטונג, און קיינער פון זיי, אַפילו דער גאָר אַלטער רבי יוסי פון פּומבדיתא האָט נישט געפונען וואָס צו זאָגן, און אַ ווײַלע איז געוועזן גאַנץ שטיל, ביז מר חנינא האָט אויפגעטאָן זיין מויל און געזאָגט:

„מיין קינד, פון דיין מויל האָט אַרויסגערעדט דער אמת,

ווי אונזערע חכמים האָבן אים אונז געלערנט, און מיר ווייסן נישט, וואָס איינצואַווענדן קענגן דיינע ווערטער. עס וועלן זיך מסתמא געפינען אַ סך צווישן די יידן פון בבל, וואָס וועלן פּיליכט מוחל זיין אויף עריות און וועלן בעסער וועלן אָפּ־שרייען די גזירה אויף געלט און אייגנטום. אָבער דאָס וועלן זיין אַזוינע יידן, וואָס ווייסן ווייניק וועגן אונזער תורה און טראַכטן נאָר פון זיך, און זייער מיינונג דאַרף אונז נישט אָנ־גיין. און אפשר רייד איך איצטער לשון־הרע אויף יידן, און אַלע ווי איינער וועלן זיך די יידן אָפּזאָגן פון גילוי עריות, וואָס איז אַזוי וויכטיק ווי בײשטיין קעגן געצנדינעריי און בלוטפאַרגאָס. עס איז, ווי דו האָסט געזאָגט: מיר וועלן אָננעמען די גזירה אויף אייגנטום, ווייל אַזוי מוז זיין נאָך דעם קעניגס געזעץ, אָבער מיר וועלן נישט אָננעמען די גזירה אויף עריות, ווייל אַזוי טאָר נישט זיין על־פּי־תורה."

און איצטער האָט דער אַלטער רב יוסי פון פּומבדיתא גע־פונען וואָס צו זאָגן, און ער האָט אַרויסגערעדט מיט התפעלות:

„יונגער ריש גלותא, עס האָבן אַרויסגערעדט פון דיר דורות פון קדושים, די עשרה הרוגי מלכות האָבן גערעדט מיט דיין צונג. און עס האָט גערעדט פון דיר די תורה אונזערע, וועלכע האָט נים אויפגעהערט צו וואָרנען אונז קעגן די אומווירדיקייט פון עריות. „פאַראומרייניקט זיך נישט מיט דעם" — איינ־מאָל, און באַלד אַ צווייט מאָל: „און איר זאָלט נישט טאָן גאָרנישט פון די דאָזיקע אומווירדיקייטן". און גלייך צום דריטן מאָל: „וואָרום אַלע, וואָס וועלן טאָן עפּעס פון די דאָזיקע אומווירדיקייטן, וועלן די נפשות, וואָס טוען עס, פאַרשניטן ווערן פון זייער פאָלק". און ווידער אַמאָל, צום לעצטן מאָל, אין דער זעלביקער פּרשה: „און איר זאָלט אָפּהיטן מיין אָנ־זאָג נישט צו טאָן עפּעס פון די געזעצן פון די אומווירדיקייטן..." ובכן וועלן מיר פאָלגן אונזער תורה, מיר וועלן נישט פאָלגן דעם מלך."

אַ פּאָר שטימען פון די פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעשריען, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט:

„און וואָס וועט טאָן דער מלך ? !"

עס איז געוואָרן שטיל, און שרעק האָט זיך געפילט אין דער שטילקייט, און אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צום יינגל, וואָס איז געזעסן אויפן שטול פון דעם ריש גלותא. אָבער דער יינגל, וואָס איז געזעסן אויפן שטול פון דעם ריש גלותא, האָט שוין לאַנג דערוואַרט אַזאַ פראַגע, ווייל ער האָט זי זיך שוין לאַנג אַליין געפרעגט און אויך פאַרענטפערט, און ער האָט פעסט און רואיק געזאָגט:

„דער קעניג וועט אין כעס ווערן, אָנשיקן אויף אונז זיינע צווינגער און זיינע שטראָף־חיילות. מיר וועלן זיי דערוואַרטן און באַגעגענען זיי."

די שטילקייט איז נאָך שטאַרקער געוואָרן און דריקנדיקער. און אין איר האָט אַרומגעפלאַטערט אַ שרעק־געמורמל:

„אַ בונט מאַכן? שטעלן זיך קעגן דעם קעניגס חיילות?"

און דער יינגל אויפן שטול פון דעם ריש גלותא האָט כמעט אַרויסגעשריען:

„יאָ! מיט שווערט און שפּיז! האָט איר זיך דערשראָקן? זאָלן זיי מאַכן אונזערע שוועסטער פאַר זונות?"

ער האָט אָנגעקוקט די מורמלער מיט שאַרפן בליק, און זיי האָבן זיך פאַרלאָרן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און ער האָט איצטער פאָרטגעזעצט רואיק און געלאַסן:

„אָבער איידער מיר וועלן זיך נעמען פאַר שפּיז און שווערט, וועלן מיר פאַרזוכן צו פּועלן ביים קעניג מיט גוטן, אַז די יידן זאָלן באַפרייט ווערן פון דער גזירה פון דער ווייבער־שותפות. מיר וועלן אויסקלייבן פון צווישן אונז דריי שלוחים, וואָס וועלן קומען פאַר דעם קעניג און אים דערקלערן, אַז די יידן זיינען וויליק אָנצונעמען געמיינשאַפט פון אייגנטום, אָבער זיי וועלן בשום אופן נישט אָננעמען געמיינשאַפט פון ווייבער, ווייל דאָס איז קעגן אונזער תורה. און אפשר וועט זיין האַרץ זיין גוט צו אונז און ער וועט אין זיין גנעדיקייט איינזען, אַז ער דאַרף אויסלאָזן זיינע יידישע אונטערטאַנען פון דעם דאָזיקן באַפעל, ווייל זיי מוזן אויספאָלגן דעם באַפעל פון אַ גרע־

סערן מלך איבער זיי, דעם באַפֿעל פֿון זייער גאָט, דעם גאָט פֿון זייערע אָבות..."

האָבן זיך די פֿאַרזאַמלטע אָנגעכאַפּט אָן דעם דאַזיקן געדאַנק און אין איין קול אויסגעשריען:

„שיקן שלוחים! שיקן שלוחים!"

און מר זוטרא האָט אַריינגעשריען אין דער אויפֿרודערונג:

„קלייבט אויס די דריי שלוחים!"

האָבן אַלע אין איין קול צוערשט אָנגערופֿן אים, און דערנאָך ווידער אַלע אין איין קול מר חנינאן, אָבער ביים דריטן האָבן זיך די שטימען צוטיילט. אייניקע האָבן אָנגערופֿן רב יוסין, אַנדערע האָבן אויסגעשריען דעם נאָמען פֿון רב אהונא, נאָך אַנדערע — דעם נאָמען פֿון רב סימונא, און יעדער צד האָט זיך גענומען דערקלערן, פֿאַרוואָס דאַרף גיין דווקא דער, וועלכן ער האָט אָנגערופֿן. מען האָט געוואָגן חכמה, געמאָסטן תורה, אויסגעשפּילט שיינקייט, הדרת פּנים, אַרויסגעשטעלט רעדנערקונסט. ביז ענדלעך האָט זיך אַריינגעמישט דער יינגל אויף דעם שטול פֿון דעם ריש גלותא און געזאָגט, אַז ער איז פֿאַר דעם, אַז רב גיזא פֿון סורא זאָל גיין, ווייל רב גיזא איז אַ מאַן פֿון נאָך נישט פֿערציק יאָר און זעט אויס שטאַרק און קרעפֿטיק. עס וועט זיין גוט, אַז פֿאַר דעם קעניג וועלן קומען אַ גאַנץ אַלטער, אַ מיטליעריקער און אַ גאַנץ יונגער, דאָס וועט אים באַווייזן, אַז אַלע מענער פֿון אַלע עלטער אונטער די יידן זיינען קענען פֿרויענגעמיינשאַפֿט: נישט נאָר דער גאַנץ אַלטער, וואָס האָט שוין זיין כוח פֿאַרלאָרן, נאָר אויך דער, וואָס זיין כוח איז נאָך גרויס אין אים, ווי אויך דער, וואָס זיין כוח איז ווי אומבאַקאַנטע קראַפֿט פֿון דעם נישט אַרויסגעלאָזענעם דאַמף פֿון אַ קאָכעדיקן קעסל.

איז עס געפֿעלן געוואָרן די פֿאַרזאַמלטע, און רב גיזא פֿון סורא איז אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין דער דריטער פֿון די דריי שלוחים, וואָס וועלן דאַרפֿן קומען פֿאַרן קעניג און אויסבעטן ביי אים, ער זאָל באַפֿרייען די יידן פֿון דער עריות־גזירה. און די פֿאַרזאַמלטע זיינען זיך צוגאַנגען אין גרויסער התפּעלות

איבער דער חכמה פון דעם יינגל אויפן שטול פון דעם ריש גלותא און האבן גענזען באשיימפערלעך, אז נישט אומזיסט איז ער אין אזא צייט געווארן זייער פירער, און זיינען געווען זייער צופרידן.

אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געוואוסט, אַז מר זוטרא איז געווען אומצופרידן מיט זיך אליין און האָט זיך כמעט א נדר געגעבן צו באשטראָפן זיין פלייש און נישט חתונה האָבן און בלייבן א נזיר, ווייל ווען ער האָט גערעדט וועגן דער ווייבער־גזירה, האָט ער געפילט אַן אומרואיקייט אין זיין קערפער. די שעמעוודיקייט, וועלכע האָט אויפגעכוואליעט אין אים אין אָנהייב פון זיינע רייד, איז געווען די טאָכטער פון דער דאָזיקער אומרואיקייט, וועלכע איז געלעגן פארבאָרגן אין אים און האָט אים שוין מער נישט אָפגעלאָזן. אָבער די דאָזיקע אומרואיקייט איז געווען א זינדיקע, און דער יינגל האָט אויף זיך ארויפגעלייגט נישט צו טראַכטן וועגן פרויען און אויסמיידן זייער נאָענטקייט און נישט וועלן חתונה האָבן, ווייל חתונה וועט זיין די באפרידיקונג פון דער זינדיקער אומרואיקייט, וועלכע איז אים באפאלן בפני כל עם ועדה, ווען ער האָט גערעדט צו די עלטסטע און בעסטע פון זיין פאָלק.

ד.

אָבער נישט נאָר די יידן אליין האָבן אָפגעהאלטן א פארזאמלונג און זיך באראטן וועגן דעם קעניגס באפעל. עס האָבן זיך אויך באראטן די שררות און פריצים פון לאנד, די זייער רייכע און מעכטיקע, נאָנטע צום קעניג, הויכגעשטעלטע, דעה זאָגער אין לאנד. צווישן זיי איז אפילו געווען דעם קעניגס יינגערער ברודער יאמאספ, ווי אויך דעם קעניגס שני למלך מאָנדהיר פון הירא. זיי זיינען אלע געווען שטארק אויפגעלודערט פון דעם קעניגס באפעל, און נישט אזוי וועגן דער ווייבער־שותפות, ווי וועגן דער צוטיילונג פון אייגנטום. און איינער פון זיי, א מאן פון גרויסן רייכטום און שטארקער תאווה צו פרויען, האָט געזאָגט:

„אין דער פרויען־שותפות קאָן איך זיין אַ גלייכער שותף און נאָך מער ווי אַ גלייכער שותף, אָבער אין דער צוטיילונג פון אייגנטום וועל איך זיין בלויז אַ פּאַרטיילער אָבער קיינמאָל ניט קיין צוגעטיילטער.“

און אַזוי ווי ער האָבן געטענהט אַלע אַנדערע, און זיי האָבן נאָך צוגעגעבן:

„אונזערע פרויען דאַרפן גאָר וועלן צולאָזן צו זיך אַ פרעמדן, און מיר זיינען זיכער, אַז די, וואָס האָבן ביז איצטער נישט אַריינ־גענומען אין אונזער בעט קיין שותף, וועלן אים אויך ווייטער נישט אַריינגעמען, אַפילו ווען דער קעניג באַפעלט עס. אָבער אונזערע לענדערייען, אונזערע פעלדער און סטאַדעס, אונזערע שפּייכלער און שטאַלן, אונזער גאָלד און זילבער — זיי האָבן אויף זיך קיין דעה נישט, און ווער עס וועט קומען מיט דעם באַ־פעל פון דעם קעניג, וועט זיי קאָנען צונעמען. סיידן...“

און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז זיי וועלן זיך שטעלן מיט גע־ווער אין די הענט קעגן די אַלע, וואָס וועלן קומען און פאָדערן פון זיי אַ חלק אין זייערע רייכטימער, ירושות פון עלטערן און אויך אָנגעלעבטע און אָנגעזאַמלטע, און זיי וועלן זיך שטעלן קעגן דעם קעניג אַליין, און פיליכט אויך מאַכן אַ סוף צו זיין מלוכה, אויב ער וועט זיי טרייבן דערצו. אָבער פאָרלויפיק וועלן זיי שיקן צו אים שלוחים פון זייערע איינפלוסרייכסטע מענער, זיי זאָלן אַריינריידן אין אים, אַז ער זאָל צוריקנעמען זיין באַפעל, על־כל־פּנים דעם טייל פון דעם באַפעל, וואָס באַציט זיך אויף אייגנטום.

און עס איז געוועזן אַזוי, אַז די שלוחים פון די שררות, וואָס זייער פירער איז געוועזן דער שני למלך מאַנדהיר פון הירא, און די דריי שלוחים פון די יידן, וואָס זייער פירער איז געוועזן מר זוטרא, דער יינגל ריש גלותא, זיינען גלייכצייטיק אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָדט קטעסיפאָן און גלייכצייטיק געבעטן דעם חסד פון דעם קעניג, ער זאָל זיי צולאָזן פאַר זיינע ליכטיקע אויגן און צובויגן זיינע גנעדיקע אויערן צו דעם, וואָס זיי האָבן אים צו זאָגן.

האָט דער קעניג געזאָגט צו זיינע אַרומיקע, וואָס מאַזדאַק איז איצטער געווען איינער פון זיי:

„איך וועל זיך נישט וואונדערן, אַז מאַנדהיר מיט זיינע באַגלייטער זיינען געקומען צו מיר ווען נייעם באַפעל. ער געפעלט זיי נישט, און זיי ווילן וואָס אַראָפּדינגען. זיינען די יידן אויך קעגן דעם באַפעל?"

און מאַזדאַק האָט געענטפערט:

„אָ, הייליקער קעניג, לאָז מיך דיר זאָגן, אַז די יידן זיינען אַן אַלט ווידערשפּעניסטיק פאָלק, וואָס זייערע געזעצן זיינען אַנדערש פון די געזעצן פון אַנדערע פעלקער, און זיי מוזן שטענדיק זיך שטעלן קעגן די געזעצן פון דעם מלך. איך צווייפל נישט, אַז אויך זיי זיינען קעגן דעם באַפעל, און עס וואָלט געווען גוט, אַז דו זאָלסט זיי נישט אַרויפלאָזן אויף דיינע אויגן און מיט בזיון אַוועקשיקן זיי, פונוואַנען זיי זיינען געקומען."

אָבער דער קעניג האָט דערווידערט:

„עס געפעלט מיר דער יונגער ייִנגל, וועלכן איך האָב געמאַכט פאַר זייער פירער, וועל איך אויסהערן, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן."

צוערשט זיינען געקומען פאַר דעם קעניג די שלוחים פון די שררות. נאָכדעם ווי זיי האָבן דורכגעמאַכט אַלע פאַרבוקונגען און באַגריסונגען לויט די פאַרשריפטן און מנהגים, האָט דער שני למלך מאַנדהיר פון הירא, דער פירער פון די שלוחים, אָנגעהויבן זיין רעדע:

„אָ, הייליקער קעניג, ליכט פון אונזער לאַנד, קלאַפּ פון אונזער הארצן, נשמה פון אונזערע גופים, העלסטער און גערעכטיקסטער פון אַלע הערשער, קליגסטער און שכלדיקסטער פון אַלע געזעצגעבער, שוואַרצאַפּל פון זאָראָאַסטערס אויגן, שותף פון אהורא מאַזדא אין דער פירונג פון דער וועלט, דו האָסט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז אין דער גרויסער מלוכה, וואָס האָט דאָס גליק צו האָבן דיך פאַר אַ מלך, זאָל אייגנעפירט ווערן אַ געמיינשאַפט פון אייגנטום און ווייבער, ווייל דאָס וועט שטאַרקן די הענט פון אהורא מאַזדא, דעם געבענטשטן האַר פון ליכטי־

קייט, אין זיין קאַמף מיט אַנגראַ מאַיניון, דעם פֿאַרשאָלטענעם
האַר פֿון פֿינסטערניש. מיר צווייפֿלען נישט, אַז דאָס געזעץ
קומט צו דיר פֿון די כּוחות פֿון ליכטיקייט און חכמה, און די
ווערטער פֿון דיין באַפֿעל זיינען ווי טראָפּן פֿון דעם לעבנזאַפֿט,
מיט וועלכע אהורא מאזדא, דער האַר פֿון חכמה און גערעכטי־
קייט, שטאַרקט אַלע די, וואָס העלפֿן אים אין זיין קאַמף. אָבער
די, צו וועמען דו האָסט זיך געווענדט מיט דיין באַפֿעל, האָבן
גאָרנישט אין זיך פֿון דיין שטאַרקייט און דיין הייליקייט און
זיי ווייסן נישט, וואָס צו טאָן, ווייל דאָס געזעץ איז צו שווער פֿאַר
זיי, און זיי וועלן אים נישט קאָנען נאָכקומען."

„זיי וועלן קאָנען," האָט דער קעניג רואיק געענטפֿערט,
מיט אַן איראָניע־אויפֿשיין אין זיינע אויגן. „אהורא מאזדא
וועט זיי באַלייכטן דעם וועג, אויף וועלכן מיינע געזעצהיטער
וועלן זיי פֿירן."

„פֿילייכט נאָר אין איין העלפֿט פֿון דעם געזעץ", האָט
מאַנדהיר געזאָגט. „אָ, ליכטיקער קעניג, שותּף פֿון דעם וועלט־
באַשאַפֿער אהורא מאזדא, מיר וועלן אפֿשר קאָנען אָננעמען
די ווייבערגעמיינשאַפֿט, ווייל די פֿרויען־תּאווה איז פֿילייכט טאַקע
די מוטער פֿון אַלע זינד, און ווען אהורא מאזדא האָט דיר אַנט־
פּלעקט זיין ווילן, אַז זי זאָל אָפּגעשאַפֿט ווערן דורך דעם, וואָס
זי וועט דערקלערט ווערן פֿאַר אוים זינד, וועלן מיר זיך אונטער־
וואַרפֿן זיין ווילן, ווי ער איז דיר אַנטפּלעקט געוואָרן. אָבער
מיר וועלן בשום אופֿן נישט איינשטימען אויף דער אייגנטום־
געמיינשאַפֿט, ווייל עס קאָן נישט זיין דער ווילן פֿון אהורא
מאזדאן, דעם האַר פֿון גערעכטיקייט, צו באַרויבן איין טייל פֿון
דער באַפֿעלקערונג און אַוועקגעבן דעם רויב צו אַן אַנדער טייל
פֿון דער באַפֿעלקערונג. ווייל אַוועקגעבן אַ טייל פֿון דער באַ־
פֿעלקערונג דאָס, וואָס עס געהערט נישט צו אים און האָט
קיינמאָל צו אים נישט געהערט, איז איינפֿאַכער רויב, און ווי קאָן
דאָס זיין דער ווילן פֿון אהורא מאזדא, וועלכער איז אַליין
דער יושר, אַליין די גערעכטיקייט?"

דער קעניג האָט ווייטער געזאָגט מיט דעם איראָניע־אויפ־שיין אין די אויגן:

„אהורא מאזדא קאָן נישט זיין גערעכט אין איין העלפט און אומגערעכט אין דער צווייטער, און נאָך דיר קומט אויס, אז ער איז גערעכט אין דעם, וואָס דיר געפעלט, און איז אומגע־רעכט אין דעם, וואָס דיר געפעלט נישט. ווער מאכט דאָ א טעות? דאָך זיכער דו און נישט אהורא מאזדא און נישט דער, וועמען ער האָט אנטפלעקט זיין ווילן. ער וויל, אז די, וואָס האָבן א סך, זאָלן זיך צוטיילן מיט די, וואָס האָבן גאָרנישט אָדער ווייניק. ווען זיי טוען עס, ווען זיי צוטיילן, ווי קאָנסטו ריידן פון רויב? ווען זיי טוען עס נישט, פאַרגייען זיי זיך קעגן דעם אויבערשטן ווילן פון דעם וועלטבאַשאַפער אהורא מאזדא און קעגן דעם געבאָט פון דעם קעניג. דערמיט ווערן זיי פאַרברע־כער קעגן געזעץ און פאַרלירן דאָס רעכט אויף זייער אייגנטום. זייער אייגנטום ווערט יעמאָלט דעם קעניגס, דער מלוכהס, און דער קעניג צוטיילט עס צווישן די נישט־האָבער. ווי קאָנסטו דאָ ריידן פון רויב?"

די שלוחים, די מעכטיקע שררות און פריצים, זיינען גע־שטאַנען אָנגערוקט און מיט קראַפט איינגעהאַלטן אין זיך די בייזקייט, זי זאָל נישט אויפשטורעמען, און מאַנדהיר האָט זיך טיף פאַרבוקט און געזאָגט, ראַנגלענדיק זיך מיט זיין שטים, זי זאָל נישט אַרויסגעבן די קאַכעניש אין אים:

„אָ, הייליקער קעניג, אנטקעגן וועמען מיר אַלע זיינען בלויז מיסט און שטויב, איך האָב מורא, אז די, וועמען מיר פאַרטרעטן דאָ, וועלן זיין צו קליין און נישט קאָנען אויפהייבן זיך צו דער הויך פון דיינע געדאַנקען און דיין גערעכטיקייט. זיי האָבן געוואוסט ביז איצטער און וועלן אויך ווייטער וויסן, אז וואָס זייערס איז זייערס, און וועלן זיך איינשטעלן פאַר זייערס מיט דער גאַנצער מאַכט, וואָס זיי באַזיצן."

„איר דערקלערט זיך דערמיט פאַר פאַרברעכער," האָט דער קעניג געזאָגט.

און מאַנדהיר האָט געענטפערט:

„איך דערקלער דערמיט, אַז איך קאָן ווייטער דיין אונטער־קעניג נישט זיין, ווייל איך קאָן זיך נישט אונטערנעמען דורכצו־פירן דיין באַפעל."

דער קעניג האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן אויף די שלוחים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך פון זיינע נאָענטע און פון די איינפלוסרייכסטע מענער אין לאַנד, אַ מאָמענט אָנגעקוקט זיי און געפרעגט:

„איר האָט געהערט אונזער געשפרעך. אויף וועמעס זייט שטייט איר?"

און אַלע האָבן זיי אויסגערופן אין איין קול, בייז און כעסדיק:

„מאַנדהיר האָט גערעדט אונזערע ווערטער. מיר זיינען מיט מאַנדהיר, נישט מיט מאזדאק!"

און אייניקע האָבן צוגעגעבן:

„מיר וועלן די מאזדאק־מענער באַהאַנדלען, ווי מיר באַהאַנדלען גנבים און רויבער."

האָט זיך דער קעניג געווענדט צו דעם פירער פון זיין לייב־וואך און געלאַסן אַרויסגערעדט:

„אַרעסטירט זיי אַלעמען! האַלט זיי פאַרשפאַרט דריי טעג. דאָס וועט זיי געבן צייט צו איבערלייגן זיך. יעמאָלט וועלן מיר ריידן נאָך אַ מאָל."

דער פירער פון דער וואך האָט מיט זיינע וועכטער אַרומגע־רינגלט די איבערראַשטע שלוחים און אַרויסגעפירט זיי פון זאַל. זיי זיינען אַרויס מיט אויפגעהויבענע קעפּ און בליצן אין די אויגן, און אַ גרויסע אויפרעגונג האָט זיך פאַרשפרייט אויף דעם קעניגס אַרום. מען האָט זיך נישט דערוועגט צו ריידן הויך, אָבער די שעפּטשעניש איז געוועזן ווי אַ ווייטער גערויש פון פאַלנדיקע וואַסערן, ווי דאָס מורמלען פון דעם ווינט צווישן גע־דיכטע באַבלעטערטע בוימער. נאָר דער קעניג איז געבליבן רו־איק און אויך דער פרומער מאַזדאַק, וועלכער האָט שטיל פאַר זיך געשעפּטשעט אַ תפילה. און דער קעניג האָט ווידער געלאַסן אַרויסגערעדט:

„ברייגגט אריין די יידן!"

מאזדאק האָט זיך פאַרוואונדערט: ער האָט נאָר געהאַט פאַר־געסן די יידן.

ווען מר זוטרא, מר חנינא און רב גיזא זיינען אריינגעקומען און האָבן אויך דורכגעמאַכט די פאַרבוקונגען און באַגריסונגען, לויט דעם מנהג פון לאַנד, האָט דער קעניג געקוקט נאָר אויף דעם זייער שיינעם יינגל, וועלכער איז נאָך שענער געוואָרן אין דער פירונג פון זיין אַמט, און נאָר צו אים האָט ער זיך געווענדט מיט זיין פראַגע:

„וואָס איז אייער באַגער? רעד דו, יונגער פאַרטרעטער מיי־נער, איך האָב דיך ליב צו הערן. ביזטו אויך געקומען מיט דיינע באַגלייטער וועגן דעם נייעם געזעץ? איך האָב ערשט געלאָזט אַרעסטירן זייער מעכטיקע הארן פון מיין מלוכה, ווייל זיי האָבן זיך געשטעלט קעגן אייגנטום־געמיינשאַפט."

מר זוטרא האָט געענטפערט:

„מיר זיינען נישט געקומען בעטן פאַר אונזער אייגנטום, נאָר פאַר דער ריינקייט פון אונזערע פרויען און שוועסטער."

דער קעניג האָט אָנגערוקט זיין געזיכט און געזאָגט:

„איז מיין געזעץ אומריינקייט?"

מר זוטראָ האָט זיך פאַרבוקט און רואיק דערווידערט:

„ווער נישט אין כעס, אָ, גרויסער קעניג, פאַר מיינע רייד. איך רייד מיט די ווערטער פון די דינים פון אונזער תורה."

מאזדאק האָט זיך אריינגעמישט און אומגעדולדיק אויסגע־רופן:

„ווי איך האָב געזאָגט! זיי קומען שטענדיק מיט זייערע איי־גענע געזעצן!"

מר זוטראָ האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דעם, ווער עס האָט דאָס געזאָגט, נאָר געהאַלטן זיינע אויגן אויף דעם קעניג, ווי עס וואָלט געווען אַ זינד צו קוקן אויף עמיצן אַנדערש אין דער אָנוועזנהייט פון דעם קעניג, און זיין ענטפער איז אויך גע־ווען געווענדט צום קעניג:

„דער קעניג קאָן זיך אויף אונז נישט באַקלאָגן. מיר אָנער־

קענען דיינע געזעצן, אַ, גרויסער קעניג, און האָבן זיי שטענדיק אויסגעפאָלגט. מיר זיינען צווישן דיינע געטרייסטע אונטער־טאַנען."

„און איצטער ווילט איר זיך שטעלן קעגן מיין געזעץ," האָט דער קעניג געזאָגט.

„מיר זיינען געקומען אָפּבעטן זיך פון אים," האָט מר זוטראָ געענטפערט. „ער איז אַ געזעץ פון דיין אמונה, אין נאָמען פון דיין גאָט, אָבער ער איז קעגן אונזער אמונה, איז קעגן אונזער גאָט."

„מיין געזעץ וויל אָפּשאַפן זינד, און דאָס איז קעגן דיין גאָט!" האָט דער קעניג זיך געוואונדערט.

„דערלויב מיר, אַ, גרויסער קעניג, צו דערקלערן עס דיר," האָט מר זוטראָ געזאָגט מיט געבעט. „ווען דו וואָלסט אונז אָנ־געזאָגט: איר זאָלט נישט גנבענען, נישט מאָרדן, נישט גזאַפן, נישט געלוסטן דעם פרעמדנס ווייב, און מיר וואָלטן דיר געזאָגט: עס איז אונז שווער אויסצוהאַלטן די אַלע מען־טאָר־נישטס און דו זאָלסט־נישטס און מיר מוזן זינדיקן. נעם אַראָפּ פון אונז די אַלע פאַרבאָטן, און דו וועסט זען, אַז מיר וועלן קיינמאָל נישט זינדיק זיין. ווען מיר וואָלטן עס דיר אַזוי געזאָגט, וואָלטן מיר ניט גערעדט ווי פאַרברעכער און זינדיקער?"

מאזדאק האָט נישט אויסגעהאַלטן און אויסגעשריען:

„ער מאַכט חוזק פון דעם געזעץ און פאַרדרייט זיין זין! דער געזעץ, וואָס קומט צו אונזער הייליקן קעניג פון אהורא מאזדאן, דעם האַר פון חכמה און גערעכטיקייט, וויל נישט אָפּשאַפן די מען־טאָר־נישטס, נאָר וויל איינפירן אַזאַ אָרדענונג, אַזאַ לעבנס־סדר, אַז מען זאָל נישט דאַרפן גנבענען און רצחענען און געלוסטן דעם פרעמדנס ווייב. ער נעמט אַוועק די אורזאַכן, וועלכע ברענגען צו זינד, און די זינד וועלן במילא פאַרשווינדן, און די וועלט, וואָס אהורא מאזדא האָט באַשאַפן, וועט קומען שנעלער צו אַ צושטאַנד פון אייביקער ליכטיקייט, אייביקער גוטסקייט, אייביקער גערעכ־טיקייט."

מאזדאק האָט אַרויסגערעדט זיינע ווערטער מיט שטאַרקער

שטים און גרויסער באַגייסטערונג, ווי אַ נביא אין באַהעפטונג מיט גאָט, און אַלע צוהערער, פון דעם קעניג אויפן טראָן ביז די היטער ביי דער טיר, האָבן געפילט דעם ציטער פון הייליקייט, ווי אין דער אָנוועזנהייט פון דעם הייליקן גייסט, פון אהורא מאזדאן אַליין. נאָר די יידן זיינען געבליבן אומבאַרירט און קאַלט, און מר זוטראָ האָט רואיק געענטפערט, נישט קוקנדיק אין מאזדאקס זייט נאָר אויף דעם קעניג:

„אויך אונזער גאָט וויל, אַז זינד זאָל פאַרשווינדן פון דער ערד און עס זאָלן ניט זיין מער קיין זינדיקער. אָבער ער וויל, אַז דאָס זאָל געשען דורך דעם מענטש. דעם מענטשנס געדאַנקען און פאַרלאַנגען זיינען שלעכט פון זיין קינדהייט אָן, זאָגט אונזער תורה. ער איז בלוטדורשטיק, ער וויל גנבענען, די ווייבערלוסט איז אין אים ווי אַ צערנדיקער הונגער, ער פאַרגינט ניט דעם אַנ־דערן, וואָס דער אַנדערער האָט, ער וואָלט געוואָלט זיין פריי און קיינעם ניט דאַרפן פאָלגן, קיינעם נישט דאַרפן אָפּגעבן כבוד, אפילו זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע נישט, און עס איז נישטאָ אין דעם מענטש קיין איבער־דער־חיה. אָבער אונזער גאָט האָט באַ־שאַפן דעם מענטש אין זיין געשטאַלט און וויל, אַז דער מענטש זאָל זיך אויפהייבן צו אים אין גייסט און מידות דורך זיינע מעשים. אונזער גאָט קעמפט מיט קיינעם נישט און ער דאַרף נישט האָבן דעם מענטשנס גוטע מעשים צו אונטערשטיצן אים אין זיין קאַמף. ער האָט באַשאַפן ליכטיקייט און האָט אויך באַשאַפן פינסטערניש, און נישטאָ קיין אַנדער האַר אויסער אים און נישטאָ צו אים קיין גלייכן. דער מענטש איז די קרוין פון זיין באַשאַפונג, אָבער ער דאַרף עס ערשט ווערן דורך זעלבסטליימערונג, זעלבסט־שלייפונג. דער מענטש דאַרף זיך דערהייבן צו גאָט, דערקעמפן זיך צו אים, מוז ער באַקעמפן אין זיך די שלעכטע געדאַנקען און פאַרלאַנגען, באַזיגן זיי אין זיך, באַזיגן אין זיך די חיה און אַרויפ־שטייגן צו גאָט. דערפאַר די אַלע פאַרבאָטן, די אַלע מען־טאָר־נישטס. דיין פאַרלאַנג, מענטש, איז צו גנבענען, באַזיג אין זיך דעם פאַרלאַנג און גנבע נישט, דערמיט וועסטו דאָס שלעכטע אין זיך באַזיגן און וועסט ווערן נעענטער צו גאָט. דיין פאַרלאַנג איז

צו מאָרדן, באַקעמפֿ אין דיר דיין בלוטדורשטיקייט, באַזיג זי, וועסטו די חיה אין זיך באַזיגן, און וועסט ווערן נעענטער צו גאָט. דיין געדאַנק און געלוסט איז נאָך פרעמדע ווייבער, קעמפֿ מיט זיך, באַזיג אין זיך די געלוסטונג, וועסטו ווערן מער ווי דער הונט ביי דיין טיר, וואָס לויפט נאָך יעדער צויג, און דו וועסט זיך אויפֿהייבן צו גאָט. אין דעם זיג איבער זיך אַליין ליגט דער אויפֿשטייג צו גאָט, אָבער נישט אין דער אָפּשאַפונג פון דעם קאַמף. זינד מוז פאַרשווינדן דורך זיג איבער איר, אַזוי וויל אונזער גאָט."

דער שיינער ייִנגל האָט איצטער געשיינט, און אַלע האָבן באַוואונדערט זיין אויסזען, אָבער אויך זיינע ווערטער האָבן אַרויסגערופן באַוואונדערונג, כאָטש מען האָט זיי נישט גענוי דורכגענומען און פאַרשטאַנען.

אָבער מאַזדאַק האָט זיך קוים דערוואַרט, ביז מר זוטראַ האָט געענדיקט, און האָט נצחונותדיק אויסגעשריען:

„אויב דיין גאָט איז דער באַשאַפער פון פינסטערניש ווי פון ליכטיקייט, ווי וועט עס ווען־עס־איז אינגאַנצן ליכטיק ווערן? אויב ער איז דער באַשאַפער פון שלעכטס ווי פון גוטס, ווי וועט שלעכטס ווען־עס־איז פאַרשווינדן פון דער ערד? און אַזוי האָט ער דאָך מסתמא באַשאַפן דעם שקר, ווי ער האָט באַשאַפן דעם אמת, ווי קאָן דער שקר אָפּגעטאָן ווערן פון דער ערד?"

ער האָט געקוקט אויף מר זוטראַן מיט טריאומף, זיכער, אַז דער ייִנגל וועט אים נישט קאָנען ענטפערן. און אַלע האָבן געקוקט אויף דעם ייִנגל אין גרויסער שפּאַנונג, וואָס ער וועט ענטפערן, און מר חנינא און רבֿ גיזא זיינען אומרואיק געוואָרן און געוואָלט אַריינמישן זיך אין דעם וויכוח און ענטפערן דעם פריסט, וואָס האָט זיך שוין געפרייט מיט זיין נצחון איבער אַ יונגן ייִנגל. אָבער מר זוטראַ האָט רואיק געקוקט אויף דעם קעניג און געלאָסן געענטפערט:

„אַלץ, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, האָט ער נישט פאַר זיך באַשאַפן, נאָר פאַר דעם מענטש. ער אַליין איז אייביקע ליכטיקייט, אייביקער אמת, אייביקע גוטסקייט, אָבער פאַר דעם מענטש האָט

ער באַשאַפן צוויי וועגן. איינער איז דערהייבונג, דער צווייטער איז דערנידערונג. און ער האָט אַריינגעטאָן אין דעם מענטש צו וויסן ווי צו פאַנאַנדערקלייבן זיך צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן אמת און שקר, צווישן ליכטיקייט און פינסטערניש, און דער מענטש,ווען ער וויל גיין מיט דעם וועג פון דערהייבונג צו גאָט, מוז אויסקלייבן גוטס און פאַרוואַרפן שלעכטס, גיין מיטן אמת און אויסמיידן דעם שקר, שטרעבן צו ליכטיקייט און אָפּווענדן זיך פון פינסטערניש.״

„דיין גאָט איז אַ פייניקער, יונגער זוטראַ!״ האָט דער קעניג לוסטיק אויסגערופן.

„מיר רופן אים גאָט פון רחמנות,״ האָט מר זוטראַ געזאָגט מיט גערירטקייט. „און מיר ווילן גיין אין זיינע דרכים, אָפּהיטן זיינע אָנזאָגן, באַזיגן אין זיך שלעכטע געדאַנקען און פאַרלאַנגען און אויפהייבן זיך צו אים. צווינג אונז נישט, אָ, גרויסער קעניג, צו גיין קעגן אים!״

„און איך זאָל גיין קעגן מיין האַר אהורא מאזדא?!״ האָט דער קעניג געענטפערט מיט אַ פּלוצימדיקן אויפשטייג פון אומגעדולד. „ער איז מיין האַר און האַר איבער דער גאַנצער מדינה, פון וועלכער איך בין קעניג. דער געזעץ, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן, ווייל ער האָט אים געוואָלט, איז פאַר אַלע איינוואוינער פון מיין מדינה, וואָס זייער גלויבן זאָל נישט זיין. דער געזעץ איז אויך פאַר אייך. איך האָב דיך אויפגעשטעלט פאַר אַ פירער ביי די יידן, און פון דיר וועל איך פאָדערן, אַז דער געזעץ זאָל איינגעפירט ווערן ביי יידן אין זיין גאַנצקייט. דו האָסט געוואוסט דיין פליכט, ווען איך האָב דיר איבערגעגעבן די פירערשאַפט, פאַרגעס זי איצטער נישט.״ און איצטער האָט דער קעניג זיך געווענדט צו מר חנינאַן און רב גיזאן, ווי ער וואָלט זיי ערשט דערזען: „איר ביידע, דו זיין זיידע און דער אַנדערער, איר זייט מסתמא זיינע ראַטגעבער, גיט אים דעם ראַט, ער זאָל זיך נישט פאַרלירן אין נאָכטראַכטענישן וועגן דעם, וואָס אייער גאָט פאָדערט פון אים, און זאָל נאָר געדענקען, וואָס איך, דער קעניג, פאָדער פון אים! איצטער גייט, נישט מער גערעדט!״

און גלייך האָבן זיך אויסגעשטעלט לייבוועכטער צווישן דעם קעניג און די דריי יידן, מיטן פּנים צום קעניג, מיטן רוקן צו די יידן, אויפגעשטעלט זיך ווי אַ וואַנט, און די דריי יידן האָבן זיך פאַרבּוקט הינטער די רוקנס פון די לייב־וועכטער, פאַרשעמטע און דערשלאָגענע, און אָנגעהויבן אַרויסצוציִען מיט לאַנגזאַמע הינ־טערטריט. אָבער דער קעניג האָט פּלוצלונג אַ וואָונק געטאָן מיט דער האַנט צו די לייבוועכטער, און זיי האָבן צוריק פאַרנומען זייערע פריערדיקע פּלעצער, און דער קעניג האָט זיך געווענדט צו דעם אַוועקגייענדיקן מר זוטראַ:

„איך האָב דיך פאַרגעסן צו פרעגן: דו ביסט שוין פאַרהיי־ראַט?"

די דריי יידן זיינען שטיין געבּליבן, האָבן זיך אויסגעגלייכט, און מר זוטראַ האָט שטיל געענטפערט:

„ניין, מיין קעניג."

„איך וויל זיין גנעדיק צו דיר," האָט דער קעניג געזאָגט. „די פרוי, וועלכע דו וועסט זיך נעמען, זאָל געהערן אינגאַנצן צו דיר, קיינער זאָל זי נישט טאָרן באַרירן, קיינער זאָל נישט טאָרן טיילן מיט דיר דיין בעט."

די רויטקייט פון שעמעוודיקייט האָט זיך צוגאָסן איבער מר זוטראַס פּנים, און דער קעניג האָט זיך צולאַכט:

„ווי רויט ער איז געוואָרן!"

אַלע אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף מר זוטראַן, און אַלע האָבן הויך מיטגעלאַכט מיט דעם קעניג, וועלכער האָט לוסטיק געזאָגט צו מר זוטראַן:

„וואַרט, דו וועסט אויסוואַקסן, און דו וועסט וויסן די קלוג־הייט פון מיין געזעץ."

דער געלעכטער האָט זיך פאַרשטאַרקט און אויפגעשטעלט זיך, ווי די פריערדיקע לייבוועכטער־וואַנט, צווישן דעם קעניג און די דריי יידן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט מיט לאַנגזאַמע הינ־טערטריט. אָבער מר זוטרא האָט שטאָלץ אויפגעהויבן זיין קאָפּ, און עס איז געלעגן אַן אַרויספאָדערונג אין זיינע אויגן, און זיין גוף איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט קאַמף. זיינע צוויי באַגלייטער

האָבן אויך געוואוסט, אַז זיי גייען אוועק צו קאַמף און בונט, און זייערע הערצער זיינען זיי געוועזן שווער, און זיי האָבן געהאַלטן זייערע קעפּ אַראָפּגעלאָזן און אַרויסגערוקט זיך שטאַרק בהכנעהדיק.

אין דרויסן האָט מר חנינא געזאָגט צו זיין אייניקל מר זוטראן:

„דו האָסט גוט גערעדט, מיין קינד, און מיר, די עלטערע, וואָלטן נישט בעסער גערעדט. דו האָסט געהייליקט דעם נאָמען פון גאָט פון אונזערע אָבות, און נאָר זיי, די געצנדינער, וואָס זעען גאָט און קדושה אין פייער, וואָס זיי אַליין צינדן אָן, האָבן נישט באַגריפן דעם אמת פון אונזער תורה, ווי דו האָסט אים פאַר זיי אַזוי אמתדיק דערקלערט. זיי וועלן אים איצטער מוזן באַגרייפן דורך דעם אמת פון דיינע מעשים."

ה.

און עס איז געוועזן, אַז ווען מר זוטרא איז געקומען פון דעם קעניג אין קטעסיפאָן צוריק צו זיך אין מהוזא, האָט ער צונויפגענומען פיר הונדערט קרעפטיקע יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געוואוסט, ווי צו געברויכן שווערד און שפּיז און ווי צו שיסן מיט פייל־און־בויגן און נישט פאַרפעלן אין ציל, דערקלערט זיי פאַר זיין חייל און געזאָגט צו זיי אַזוי:

„ווערטער האָבן נישט געהאָלפן, מוזן מיר זיך העלפן מיט דעם כוח פון אונזערע הענט און אונזער געווער. מיר זיינען קליין אין צאָל, אָבער די הייליקע זאַך, פאַר וועלכער מיר וועלן זיך איינשטעלן, די הייליקונג פון גאָטס נאָמען און דער קיום פון אונזער אומה, וועלן צוגעבן כוח אונזערע הענט. און עס קאָן אויך זיין, אַז ווען די מנוולים מיט באַפרייטער ווייבער־תאווה אין זייער הארצן וועלן דערהערן, אַז מיר וועלן מיט געווער באַשיצן די ריינקייט פון אונזערע פרויען און שוועסטער, וועלן זיי אָנווענדן זייער תאווה דאָרטן, וואו איר באַפרידיקונג וועט זיין פאַר זיי אָן לעבנס־געפאַר."

און אין דער אייגענער צייט האָט ער פאַנאַנדערגעשיקט אַ בריוו אין אַלע ערטער, וואו יידן וואוינען, אין די שטעט און אין די דערפער פון בבל, ער זאָל געלייענט ווערן אומעטום, וואו יידן קומען זיך צונויף, און זאָל באַקאַנט געמאַכט ווערן אין אַלע יידישע הייזער, און אין דעם בריוו איז געשטאַנען געשריבן:

„עס איז אַרויסגעגאַנגען אַ געזעץ פון מלכות פון דער מדינה פרס, וואָס לייגט אַרויף אויף אַלע איינוואוינער פון דער מדינה איינצופירן געמיינשאַפט פון אייגנטום און געמיינשאַפט פון ווייבער. לאָז איך וויסן אַלע יידן, די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב, אַז קיינער פון אונזערע חכמים און קיינער פון אונזערע לערער האָט גאָרנישט וואָס אַנצואווענדן קעגן געמיינשאַפט פון אייגנטום, ווייל אין אונזער תורה הקדושה איז נישטאָ קיין שום איסור קעגן אַזאַ געמיינשאַפט. אָבער געמיינשאַפט פון ווייבער איז אונז יאָ אָסור על פי התורה, און דער איסור איז איינער פון יענע פונדאַמענטן פון אונזער גלויבן און אונזער קיום, אויף וועלכן אונזערע חכמים האָבן אונז אָנגעזאָגט: געהרגעט ווערן אָבער נישט עובר זיין. מיר האָבן זיך געווענדט צום מלכות מיט אַ געבעט, אַז זיין געזעץ פון ווייבער־געמיינשאַפט זאָל נישט חל זיין אויף אונז יידן, אָבער דער מלכות האָט אונזער בקשה נישט אָנגענומען. דערפאַר בין איך איצטער מודיע אַלע יידן פון בבל און פרס אין אַלע פלעצער, וואו זיי וואוינען, אַז מיר וועלן זיך האַלטן אָן די ווערטער פון אונזערע חכמים און וועלן זיך שטעלן קעגן דעם מלכות, אויב ער וועט אונז וועלן צווינגען אָנצונעמען זיין געזעץ וועגן ווייבער־געמיינשאַפט. מיר וועלן אונזערע פרויען און טעכטער און שוועסטער פאַר קיין זונות נישט לאָזן מאַכן. מיר וועלן צו זיי קיין פרעמדע מענער נישט צולאָזן און וועלן צוזען, אַז אונזערע אייגענע מענער זאָלן זיך נישט פאַר־אומרייניקן. וואָרום אויב עס וועלן זיך געפינען צווישן אונז מענער און פרויען, וועלכע וועלן בעסער אָננעמען דעם דין פון מלכות און וועלן ברעכן דעם דין פון דער תורה, וועל איך זיי באַהאַנדלען נאָך דעם דין פון דער תורה, און אַזעלכע מענער און פרויען וועלן אויסגעראָטט ווערן פון צווישן אונזער פאָלק."

און אזוי ווערט אונז דערציילט אין די געשיכטסביכער פון פרס און אין די געשיכטסביכער פון די יידן, אז ווען מאזדאקס פארתאווהטע אנהענגער זיינען אנגעקומען אין די יידישע ישובים פון בבל, האט מר זוטרא מיט זיין חייל זיי פארטריבן. און ווייטער ווערט דארטן דערציילט, אז ווען דער קעניג האט ארויסגעשיקט אן ארמיי צו באשטראפן מר זוטראן, איז דעם קעניגס ארמיי צו־שלאגן געווארן און געמוזט אפטרעטן פאר מר זוטראן, ווייל א פייער־זייל פון הימל איז געגאנגען פאראוים פאר מר זוטראן און זיין חייל און האט פארטריבן פון אים זיינע אנפאלער. און דאס איז אויך געשען מיט דער צווייטער ארמיי, און מיט דער דריטער, אזוי אז מר זוטרא האט דערקלערט די יידן פון בבל פאר אן אומ־אפהענגיקע מלוכה מיט דער שטאט מחוזא אלס הויפשטאט, און די ניט־יידישע איינוואוינער פון בבל האבן געדארפט צאלן אים צינז.

זיבן יאר האט געדויערט די הערשאפט פון מר זוטראן, און אין זיי איז נאך געשען דאס, וואס די שררות פון פרס האבן זיך צונויפגעטאן און דערקלערט א בונט און אראפגעזעצט קעניג קאוואד פון זיין טראן און אריינגעזעצט אים אין געפענגעניש און ארויפ־געזעצט זיין ברודער יאמאספ אויף דעם טראן פון פרס. דריי יאר איז געזעסן קעניג קאוואד אין געפענגעניש, און דאס זיינען געוועזן שווערע יארן פאר דעם פריסט מאזדאק און זיינע אנהענ־גער די זענדיק. דער געזעץ פון געמיינשאפט איז בטל געווארן, און די, וואס האבן זיך געהאט מיט אים באנוצט, האבן געמוזט איצטער טראגן שווערע שטראפן. מען האט ביי זיי אלץ אפגענו־מען צוריק, און פאר דאס פארברויכטע האבן זיי געמוזט אפ־דינען מיט שווערער קנעכטארבעט אדער מיט געפענגעניש, אבער א סך האבן אויך פארלארן זייערע קעפ אונטערן האק אדער אויף דער תליה. דער עיקר זיינען דאס געוועזן די פון פאלק, וואס האבן געמאכט שטארקן געברויך פון דער ווייבערגעמיינשאפט און דווקא אויסגעקליבן פון צווישן די פרויען פון די גרויסע אין לאנד. נאך דריי יאר האט זיך קעניג קאוואד באפרייט פון דער געפענ־געניש, אין וועלכער ער איז געזעסן, און איז צוריק ארויף אויף

זיין טראָן. צוליב זיין אייגענער זיכערקייט האָט ער געהאַט פאַר־שפּראָכן די שררות פון פּרס, אַז ער וועט נישט אומקערן צוריק דעם מאזדאַק־געזעץ. אָבער ווען עס איז אַריבער אַ געווויסע צייט, און קעניג קאַוואַד האָט זיך דערפילט אויף זיין טראָן שטאַרקער און זיכערער, ווי פריער, האָט ער באַנייט דעם געזעץ, און יעמאָלט אויך האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן מיט מער קראַפט אויף דעם בונטאַר מר זוטרא, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר שולדיק אין אַלע די אומאָנגענעמלעכקייטן, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט. וואָרום ער איז געווען זיכער, אַז די שררות פון פּרס וואָלטן אים נישט געטאָן, וואָס זיי האָבן אים געטאָן, ווען די נצחונות פון מר זוטראַן וואָלטן זיי נישט דערמוטיקט דערצו.

דאָס זיבעטע יאָר פון מר זוטראס הערשאַפט איז געווען דאָס שווערסטע, און גאַנץ אָפט האָט עס אויסגעזען, ווי עס איז געקומען איר סוף. וואָרום קעניג קאַוואַד איז מיד געוואָרן פון דער פאַר־שלעפּטער מלחמה און האָט אָנגעזאָגט די פירער פון זיין אַרמיי, אַז זיי מוזן מאַכן אַ סוף און וואָס שנעלער. עס איז אַ חרפּה, אַז דאָס ביסל יידן זאָלן האָבן די אויבערהאַנט. פּרס איז שטאַרק גענוג און האָט קעמפער גענוג, אַז זיי זאָלן קאָנען פאַרניכטן די יידן, ווי מילשטיינער די ווייצקערנער צווישן זיי. האָבן די אַרמיי־פירער צונויפגעקליבן אַ גרויסע אַרמיי און אַרויפגעשיקט זי אויף בבל.

מר זוטרא איז יעמאָלט געוואָרן איינאונצוואַנציק יאָר, און זיין זיידע מר חנינא האָט אָנגעהויבן אַריינצוריידן אין אים, אַז ער מוז חתונה האָבן. עס איז נישט גוט צו זיצן אַליין, אָבער דער עיקר, ער מוז פאַרטזעצן דעם שטאַם פון מלכות בית דוד, און ער טאָר נישט מער פאַרציען, ווייל די סכנה, וואָס שוועבט איבער זיין קאָפּ, איז גרויס.

מר זוטרא האָט צוערשט ניט געוואָלט הערן, ווייל ער האָט זיך דאָך כמעט אַ נדר געגעבן נישט חתונה צו האָבן און באַשטראָפן זיין פלייש, וואָס האָט אויך איצטער, ווען דער זיידע האָט צו אים גערעדט, דערפילט די זעלביקע אומרואיקייט, וועלכע ער האָט דער־פילט יעמאָלט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דער ווייבער־גזירה פאַר

די פארזאמלטע מענער. אבער ווען דער זיידע האט נישט אפּגע־לאָזן און צום סוף אָנגעהויבן אפילו צו באַפעלן אים, אַז ער מוז חתונה האָבן, האָט מר זוטרא אים איינמאָל געזאָגט:

„דו געפין פאַר מיר אַ ווייב, איך וועל זי נישט זוכן, און איך וועל זי אפילו נישט אָנזען, ווען דו וועסט זי מיר געפינען, ווייל איך פאָלג נאָר דיך, וואָס דו ביזט מיר געוועזן אָנשטאָט אַ טאַטן, און קיינער זאָל מיר נישט קאָנען נאָכזאָגן, אַז אויך אין מיין ברוסט האָט זיך צופלאַקערט די ווייבערלוסט און איך האָב זיך אונטער־געגעבן דעם כוח פון דעם פלייש, און איך האָב זיך גענומען אַ ווייב, וואָס איר געשטאַלט האָט מיך גערייצט. ווייל איך מוז חתונה האָבן, וואָלט איך אריינגענומען אין מיין הויז די ערשטע בתולה, וואָס איך וואָלט אָנגעטראָפן פאַר מיינע טויערן. אבער ווייל איך מוז פאַרטזעצן דעם קעניגלעכן שטאַם פון דוד המלך׳ס הויז, וועסטו פאַר מיר אויסזוכן אַ טאָכטער פון איינער פון די בעסטע משפחות פון אונזער פאָלק.‟

האָט מר חנינא פאַרשפּראָכן אים, אַז ער וועט אַזוי טאָן, און ווייל די משפחה פון דעם ריש גלותא איז געוועזן פון די יחוסדיק־סטע משפחות צווישן יידן, האָט ער אויסגעקליבן פאַר אים אַ בתולה, וואָס אירע עלטערן זיינען געוועזן זייער ווייטע קרובים פון דעם פאַרשטאָרבענעם ריש גלותא מר הונא און האָבן זיך נאָך באַרימט, אַז אין זייערע אָדערן פליסט דאָס בלוט פון דעם גרויסן תנא רבי עקיבא.

ווען מר חנינא איז געקומען צו זיין אייניקל מיט דער בשורה, אַז ער האָט פאַר אים אַ כלה, האָט מר זוטרא נישט אויסגעדריקט דעם קלענסטן פאַרלאַנג אַ קוק צו טאָן אויף איר און אפילו נישט געפרעגט, ווי זי זעט אויס. און ער איז געגאַנגען מיט איר אונטער דער חופה, נישט אַ קוק טוענדיק אויף איר, ווייל ער האָט נישט אויפגעהויבן דעם דעקטוך, מיט וועלכן זי איז געוועזן פאַר־דעקט, און ער איז געקומען צו איר אין דער פינסטערניש פון דעם שלאָפצימער און דערנענטערט זיך צו איר, ווי ער וואָלט אויס־געפילט אַ פליכט. און ווייל ער האָט אָקאָרשט טאָג געדאַרפט

אוועקאײַלן צו זײַן אַרמיי, איז ער אַוועק פון זײַן ווײַב, ווען זי איז נאָך פעסט געשלאָפן, אָן אַ וואָרט צו איר, אָן אַ בליק אויף איר.

מיט חדשים שפּעטער איז זײַן זיידע מר חנינא געקומען צו אים אין פעלד ערב אַ גרויסער שלאַכט און געבראַכט אים די פרייד־לעכע בשורה, אַז זײַן ווײַב איז טראָגעדיק, און הלוואי זאָל עס זײַן אַ זון. די בשורה האָט שטאַרק דערפרייט מר זוטראַן, און אַ וואַרעם געפיל פון דאַנקבאַרקייט האָט אים אָנגעפילט צו דער, וואָס וועט אים געבאָרן דאָס קינד. איצטער וועט ער אַרײַנקוקן אין איר פּנים, און וועט רײדן צו איר פרײַנטלעכע ווערטער, און אוועקזעצן זי לעבן זיך, און אָפּגעבן איר כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מוטער פון אַ נײַעם דור פון מלכות בית דוד. און ער האָט געזאָגט זײַן זיידן, ער זאָל בלײַבן בײַם חיל אין פעלד און ער אַליין וועט זיך אַרײַנכאַפּן אויף אַ טאָג אין מחוזא.

אָבער ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער זײַנע אויגן נישט געגלויבט, אַז זיי קוקן אין פּנים פון זײַן ווײַב. עס איז געוועזן אַ קײַלעכדיק פאַרשוואָלן פּנים מיט קליינע גרויע אויגן, וואָס זײַ־נען געזעסן טיף אין שמאָלע לעכער. אפשר האָט די טראָגעדיקייט אַזוי פאַרמיאוסט איר פּנים, ווי זי האָט פאַרמיאוסט איר גאַנצע קליינע געשטאַלט, אָבער יעדע פרייד איז פאַרשוואונדן פון זײַן האַרץ, און ער האָט איר קיין איין גוט וואָרט נישט געקאָנט זאָגן, פאַרגעסן צו זעצן זי לעבן זיך און אָפּצוגעבן איר דעם כבוד, וועלכן ער האָט איר געוואָלט אָפּגעבן, ווי דער מוטער פון אַ נײַעם קעני־גלעכן דור. אין יענער נאַכט האָט ער זיך נישט דערנעענטערט צו איר און איז געלעגן אין אײנזאַמען בעט און געבענקט נאָך שיינקייט. דאָך פאַראַן אַזוי פיל שיינע ייִדישע טעכטער און פון גרויסן יחוס! ווי אַזוי איז אים געראָד אָנגעקומען אַזאַ העסלעכ־קייט? ער האָט אַרויסגערופן פאַר זיך שיינע פּנימער פון ייִדי־שע טעכטער, וועלכע ער האָט געקענט פון לאַנג אָדער וועלכע ער האָט אָנגעטראָפן צופעליק און נישט צייט געהאַט אָפּצואווענדן זײַן בליק פון זיי. ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט פון זיי, אָבער איצטער האָט ער געבענקט נאָך זיי. ווי גערן וואָלט ער איינע פון זיי געהאַט לעבן זיך! און ער האָט זיך דערמאָנט אויף פּנימער

פון ווייבער פון עטלעכע פון זיינע יונגע פריינט און באגלייטער, און ער האָט מקנא געווען זיינע פריינט און באגלייטער. זיי אַלע אונטער אים זיינען איצטער איבער אים!

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער זיך איינגעקוקט אין די פנימער פון די יונגע דינסטן פון זיין פרוי, און אַלע זיינען זיי געווען אַ סך שענער פאַר איר, און זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. אין זיין זכרון זיינען פּלוצלונג אויפגעשוואומען די לעצטע ווערטער פון קעניג קאָוואד: „וואַרט, דו וועסט אויסוואקסן און דו וועסט וויסן די קלוגהייט פון מיין געזעץ!”

ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין זכרון. ער איז אין כעס געוואָרן אויף זיך, צוגעווענדט זיינע געדאַנקען צו דער שלאַכט, וועלכע האָט אים דערוואַרט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט פאַרטרייבן פון זיך די בענקעניש, וועלכע איז אים באַפאַלן. זי האָט אים באַגלייט צוריק אין פעלד צו זיין חייל, איז געווען אין אים, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן זיינע לעצטע באַפעלן. ער האָט געזען פאַר זיך זיין העסלעכע ווייב און געזוכט אַפּרו פאַר זיינע אויגן אין אַנדערע שיינע פרויענגעזיכטער, וועלכע ער האָט אַרויסגערופן פאַר זיך, געפילט לעבן זיך. מיט דער דאָזיקער בענקעניש איז ער אויך אַריינגעטראָטן אין דער שלאַכט מיט דער אַרמיי פון דעם קעניג, וואָס איז געווען אַ סך מאָל גרעסער פאַר זיין אַרמיי. און אין די געשיכטסביכער שטייט פאַרשריבן, אַז אין דער דאָזיקער שלאַכט האָט זיך נישט באַוויזן מער די פייערזייל, וועלכע איז שטענדיק געגאַנגען פאַר מר זוטראַן און זיין חייל און געפירט אים פון נצחון צו נצחון. און זיין קליינע אַרמיי איז אינגאַנצן צושלאָגן געוואָרן, און ער און זיין זיידע מר חנינא זיינען געפאַנגען געוואָרן.

מען האָט זיי ביידן געבראַכט געשמידטע אין קייטן צום קעניג, און דער קעניג האָט געזאָגט:

„איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען, און דו געפעלסט מיר, און איך באַוואונדער דיך, כאָטש דו האָסט מיר פאַרשאַפט אַ סך קאָפּווייטיק און צרות. אַזוי יונג און אַזוי פיל גבורה אַרויסגע־

וויזן! איך האָב געמוזט אַרויסשיקן קעגן דיר מיין גרעסטע אַר־מיי און מיינע בעסטע אַרמיי־פירער..."

„און האָסט געזיגט, ווייל איך בין נישט געווען מער איך," איז מר זוטרא העזהדיק אַריינגעפאַלן אין דעם קעניגס רייד.

דער קעניג און מר חנינא האָבן אים פאַרוואונדערט אָנגע־קוקט, און דער קעניג האָט געפרעגט:

„וואָס הייסט עס?"

און מר זוטרא האָט געענטפערט:

„מיין גאָט וויל דעם גאַנצן מענטש. די, וואָס דינען אים, דאַרפן שטיין פאַר אים אין פולער ריינקייט אין זייערע מחשבות ווי אין זייערע מעשים. אָבער מיינע מחשבות זיינען נישט געווען מער ריין, און ווי ווייט איז פון אומריינע מחשבות צו אומריינע מעשים? און אַן אומריינער האָב איך נישט געקאָנט געווינען די שלאַכט."

„מיין קינד, וואָס רעדסטו?" האָט מר חנינא אַרויסגערופן מיט דערשטוינונג.

און דער קעניג האָט געפרעגט:

„מיט וועלכע מחשבות האָסטו זיך פאַראומרייניקט?"

מר זוטרא האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט:

„מחשבות פון געלוסטונג. איך האָב געבענקט נאָך פרויען־שיינקייט."

מר חנינא האָט אָפּגעקרעכצט: „ווי!" און דער קעניג האָט זיך צולאַכט:

„עפּעס האָב איך דיר דאַכט זיך אַמאָל פאַראויסגעזאָגט."

„און ווייל איך האָב געטראַכט פון דעם, וואָס דו האָסט פאַראויסגעזאָגט, האָסטו געזיגט אין פעלד," האָט מר זוטרא ביי־טער אַרויסגערעדט.

„וועסטו איצטער הייסן דיינע יידן אויספאָלגן מיין געזעץ?" האָט דער קעניג אין זיין לוסטיקייט געפרעגט.

„איך וועל זיי זאָגן," האָט מר זוטרא געענטפערט מיט שטאַר־קער שטים, „זיי זאָלן וויסן, אַז דער וועג פון מענטש צו גאָט איז

אויסגעלייגט מיט גריבער און געפאַרן, און מיר מוזן זייער פאַר־
זיכטיק זיין און אַלץ שטאַרקער ווערן אין זיך."

און דער קעניג האָט אַרויסגערעדט מיט גיפטיקער איראָניע:

„דו וועסט עס זיי שוין ניט זאָגן, ווייל נאָך היינט וועסטו און דיין זיידע דיין לערער הענגען אויף דער תליה און אייערע קערפּערס וועלן אַרויפגעשלאָגן ווערן אויף קרויצן ביי דער בריק פון מחוזא, און דיינע יידן וועלן דעמאָלט אויסגעפינען, אַז דער געזעץ פון דעם קעניג איז שטאַרקער ווי דער געזעץ פון דיין גאָט."

מר זוטרא האָט נישט אויפגעציטערט פון דעם קעניגס ווער־טער. און צו זיינע פיס נישט געפאַלן און נישט געבעטן פאַר זיין לעבן און פאַר דעם לעבן פון זיין זיידן, וואָס זיין געזיכט האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ טויטער בלייכקייט, און אַלע זיינע גלידער האָבן אויפגעציטערט, און זיינע פיס האָבן זיך אָנגעהויבן אונ־טערצובייגן אונטער אים, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַלן פאַרן קע־ניג און בעטן נישט אַזוי פאַר זיין אייגענעם לעבן, ווי פאַר דעם לעבן פון זיין אייניקל, וואָס איז אפשר דער לעצטער שפּראָץ פון מלכות בית דוד, און איז נאָך אַזוי יונג, און איז אַזוי געבענטשט מיט פעאיקייטן... און מר חנינא וואָלט עס געטאָן, אָבער מר זוטראס שטאָלצע שטים האָט אים אָפּגעשטעלט און אפילו אויס־געגלייכט. מיט הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט מר זוטרא פעסט געענטפערט דעם קעניג:

„גאָטס געזעצן זיינען אייביק, דיינע געזעצן זיינען אַ קאַ־פּריז פון דער מינוט, און דו אַליין וועסט אפשר אויף זיי חרטה האָבן, ווייל דו וועסט נישט אויסלערנען די מענטשן צו לעבן נאָך זיי. מיינע יידן וועלן אָפּלערנען פון מיין טויט ווי צו שטאַרבן פאַר די געזעצן פון גאָט, ווייל אין זיי איז אייביק לעבן."

איצטער האָט דער קעניג אויסגעשריען צו זיינע סאָלדאַטן:

„פירט זיי אַוועק און טוט מיט זיי, ווי איך האָב געזאָגט!"

און מר זוטרא און זיין זיידע און רבי מר חנינא זיינען נאָך אין יענעם טאָג אויפגעהאַנגען געוואָרן, און זייערע קערפּערס זיי־נען צוגעשלאָגן געוואָרן אויף צוויי קרויצן און אויסגעשטעלט גע־

וואָרן ביי דער בריק פון מחוזא, אַז יעדער פאַרביניגייער זאָל זיי זען, און די צאָל פון פאַרביינייער איז דאָרטן געווען גרויס.

אָבער עס איז אויך מקוים געוואָרן די נבואה פון מר זוטראַן.

די יידן האָבן זיך אָפּגעלערנט פון זיין טויט, ווי צו זיין שטאַרק אין זייער איבערגעגעבנקייט צו זייער גאָט. זיי האָבן גענומען אויף זיך אַלערליי יסורים און פאַרפאָלגונגען און נישט אָפּגעזאָגט זיך פון דעם, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר דעם וועג צו גאָט. גאָר אַ סך זיינען אומגעקומען פון שווערד, און נאָך מער זיינען זיך צולאָפן איבער דער ברייט פון דער וועלט — צווישן די אַנטרונענע איז אויך געווען די מעוברתע פרוי פון מר זוטראַן, וועלכע איז אַנטלאָפן נאָך ארץ ישראל און האָט דאָרטן געבאָרן אַ זון, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבן זוטרא נאָך זיין טאַטן, און ער איז געוואָרן אַ גרויסער תלמיד חכם.

און עס איז נישט אַריבער קיין סך צייט, און דער קעניג קאַוואַד איז זייער טרויעריק געוואָרן. ער האָט געוואָלט קויפן זיך אייביקייט דורך אָפּשאַפן זינד פון צווישן די איינוואוינער פון זיין לאַנד, אָבער ער האָט די זינד נישט אָפּגעשאַפט, נאָר פאַרמערט, ווייל די געלוסטונג האָט זיך אויפגעהויבן ווי אַ ריזיקע כוואַליע און האָט פאַרפלייצט אַלץ און אַלעמען. וויפיל ער האָט זיך נישט באַמיט, האָט ער נישט געקאָנט אויספירן גלייכע טיילעניש, און עס איז אָנגעגאַנגען אַ כאַפּעניש און אַ גאַרערייי און שטענדיקע גנבה, ווייל יעדער האָט געוואָלט וואָס מער פאַר זיך. עס האָט זיך אפילו פאַרגרעסערט די צאָל פון מאָרדן. ווייל די מערדער האָבן זיך געזאָגט, אַז וואָס ווייניקער עס וועט זיין מיט וועמען צו טיילן זיך, אַלץ מער וועט זיי אָנקומען. און די גענגענישן זיינען אָנגעפאַקט געוואָרן מיט זינדיקער, וואָס האָבן פאַרבראָכן קעגן דעם נייעם געזעץ, וואָס האָט באַשטרעבט איינצופירן דעם איינפאַכסטן לעבנסשטייגער, איינפאַכע קליידונג, איינפאַכע וואוינונג, איינפאַכן טיש, און האָט געבראַכט צו אומגעצוימטער זולל־וסובאריי. און די ניי־געבאָרענע קינדער האָבן ניט געוואוסט, וועמען זיי זאָלן רופן טאַטע און צו וועמען זיי זאָלן זיך ווענדן נאָך פאַטער־שוץ, און די מענער האָבן נישט געוואוסט,

וועלכע קינדער זיי זאָלן צודריקן צו זייער ברוסט מיט דער ליבע און רחמנות פון אַ פאָטער. און די מענער און די פרויען זיינען געוואָרן ווי די הינט אין מיטן מאַרק.

איז דאָס אַ בעסערע מענטשהייט? קאָן זי שטאַרקן די האַנט פון ליכטיקייט אין איר קאַמף מיט פינסטערניש? איז נישט דער ידישער יינגל געוועזן גערעכט?

ווען דעם קעניגס טרויער איז אָנגעשטיגן און זיינע צווייפל האָבן זיך פאַרמערט, איז מאַזדאַק אומרויִק געוואָרן, און ער האָט צונויפגערופן די פירער פון די זענדיק אום צו באַקלערן, וואָס צו טאָן מיט דעם קעניג, ער זאָל נישט חרטה האָבן אויף דעם געזעץ. די דאָזיקע באַראַטונג איז גלייך איבערגעגעבן געוואָרן דעם קעניג, און ער איז שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן. ער האָט גלייך צו־ריקגערופן דעם געזעץ, און מאַזדאַק מיט טויזנטער פון זיינע אָנ־הענגער האָבן געפונען דעם זעלביקן טויט, וואָס מר זוטרא און מר חנינא.

אָבער דאָס האָט דעם קעניג נישט געטרייסט. ער האָט גע־וואוסט, אַז ער וועט אַריין אין דער אייביקייט ווי אַ נאַר, און קיי־נער האָט אים נישט געזאָגט ניין.

.1938

# קידוש השם

א סקעלעט, נאָר אריבערגעצויגן מיט הויט, וואָס איז געווען פּאַרמעט־געל אויפן האַלז, אויפן הויכן שטערן און אויף דער לאַנגער שפּיציקער נאָז. די הויט אויף די גלאַט ראַזירטע באַקן איז געווען אַש־בלוילעך און שייניק פון אָנגעצויגנקייט. דער גרויער אָפּגעטראָגענער אָנצוג איז געהאַנגען אויף אים, ווי ער וואָלט אים אַראָפּגענומען פון די פּלייצעס פון אַ זייער דיקן מאַן. אין דעם ווייסן קראַגן פון זיין אויבערהעמד איז געווען פּלאַץ פאַר לכל הפּחות נאָך אַזאַ דינעם האַלז. די צוויי גרויסע איינגעפאַלענע שוואַרצע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון זייער טיפעניש אין ערגעץ אַ ווייטקייט, ווי זיי וואָלטן קיינעם און גאָרנישט ניט געזען פאַר זיך.

נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, כאָטש זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר זיינען געווען שטאַרק פאַרווייסט, דער אַדוואָקאַט יאַנאַ גרין, אַ תּחית המתים אויפגעשטאַנענער. איינער פון אַ גרויסער צאָל יידן, וואָס זיינען צוזאַמען דערשאָסן געוואָרן, אָבער ער איז אַרויס מיטן לעבן, על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן, און דריי ניים־הונגעריקע שרייבער זיינען געקומען צו אינטערוויואירן אים, אויסצופרעגן ביי אים ווי און ווען, איידער דער דערשיסונג און נאָך דער דערשיסונג, ווי איז ער געראַטעוועט געוואָרן און וואָס האָט ער געפילט, ווען ער איז געלעגן אַזוי גוט ווי טויט, אַ הרוג צווישן הרוגים. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַן אינטערעסאַנטע מעשה.

דער יינגסטער פון די דריי, לואי שיפער, איז געקומען טאַקע צוליב די ניים, צוליב דער אינטערעסאַנטער געשיכטע. ער האָט געוואָלט בלויז די פאַקטן און די מענטשלעכע זייט הינטער די

פאַקטן. מער האָט פון אים זיין צייטונג נישט פאַרלאַנגט, און ער אַליין איז נישט אויפגעלייגט געווען צו מער. נאָר שנעל מאַכן זיך אַ פּאָר נאָטיצן, אויב נאָטיצן וועלן זיין נייטיק, און אָפּטראָגן זיך. שפּעטער אַ ווײַלע וועט ער זיך טרעפן מיט זיין מיידל. עס וועט זיין אַ שעה און מער פון ליבע און נחת און זיסקייט. איז גלייכער נישט צו מאַכן זיך שווער אויפן האַרצן מיט צופיל איינצל־הייטן און באַריכותן. אויסערדעם זיינען די אַלע איינצלהייטן שוין נישט מער קיין נייס. די צייטונגען זיינען פול מיט די שרעק־געשיכטן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערס. נאָר די מעשה פון דעם יאָנאַ גרין דאַרף זיין אינטערעסאַנט מיט דעם, וואָס ער איז ווי אויפגעשטאַנען פון טויטע און אַרויסגעדרייט זיך פון אונטער די הענט און די אויגן פון דער געסטאַפּאָ. אימיצער האָט אים דאָך מסתמא געהאָלפן, און דער אימיצער מוז זיין אַ פּאָליאַק אָדער אַפילו עטלעכע פּאָליאַקן. און זיין צייטונג איז זייער פאַראינ־טערעסירט צו באַווייזן, אַז עס זיינען פאַראַן גוטע פּאָליאַקן אויף דער וועלט — פּאָליאַקן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און געראַטעוועט יידן.

דער צווייטער, זעליק באַכראַך, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, האָט געמיטלעך געררויכערט זיין פּיפּקע, אָנגעטאָן אין שאַפּונג־שטימונג. ער איז געווען אַ דיכטער, און דאָ וועט זיין צו זען און צו הערן. איינער, וואָס האָט דורכגעמאַכט חיבוט הקבר מיט די געסטאַפּאָ־מלאך הדומהם און איז ווי אַ געקומענער פון יענער וועלט. אַפילו דער אַרטיקל, וואָס ער וועט וועגן אים אָנשרייבן, וועט זיך לייענען ווי פּאָעזיע. אָבער עס וועט זיכער זיין גוטער שטאָף פאַר אַ גרויסן ליד, פאַר אַ צייט־געדיכט, געוויין און קללה.

דער דריטער, דער עלטערער פון די דריי, מאַרק פּינעס, איז געקומען נישט בלויז ווי אַ רעפּאָרטער פון אַ צייטונג, וואָס וועט דאַרפן אויפשרייבן אַ באַריכט, נאָר ווי אַ מענטש פון אידייען, וואָס דאַרף דאָ געפינען אַ קלאָרן באַווייז פאַר אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט אַנטוויקלט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען. אָט דער, וואָס איז געפירט געוואָרן צום טויט מיט נאָך אַ סך יידן און איז

טאַקע דערשאָסן געוואָרן מיט זיי צוזאַמען, וועט זיין די שטאַרקס־טע באַקרעפטיקונג פון זיין אמת. ער האָט פאַראויסגעפילט דעם נצחון־געפיל פון צו זיין גערעכט.

זיי זיינען אָנגעקומען איינער נאָך דעם אַנדערן, פינעם צו־ערשט, שיפער צולעצט, אָבער מיט אַ קליינער פאַרשפּעטיקונג בלויז. מען האָט זיי געלאָזט וויסן, אַז מען וועט זיי נישט צולאָזן איינציקווייז. שיפער האָט זיך געמוזט אַנטשולדיקן פאַר די אַנ־דערע צוויי, וועלכע האָבן שוין געוואַרט אין אַ פאָרצימער. ווען זיי זיינען שוין געוועזן פאַרזאַמלט אַלע דריי, האָט אַן עלטערע פרוי אין אַ קראַנקן־זיצערין־קאָסטיום אַריינגעלאָזן זיי אין אַ צווייטן צימער, וואו מר. גרין איז געזעסן.

„די ציטונג־לייט, מר. גרין!" האָט זי אָנגעזאָגט און גע־ווענדט זיך צו זיי: „האַלט אים נאָר נישט צו לאַנג!" און אי־בערגעלאָזן זיי מיט אים.

זיי זיינען אַריין אין צימער מיט ווערטער אויף דער צונג, אָבער נישט געקאָנט זיי אַרויסרעדן. זיין אָנבליק האָט ביי זיי אָפּ־גענומען דעם לשון, אפילו די נייטיקע פשוטע באַגריסונג איז גע־בליבן זיי שטעקן אין האַלז. ער איז געזעסן אין אַ גרויסער קרעס־לאָ, גלייך און שטייף, ווי ער וואָלט פאַרגליווערט געוועזן, און געקוקט פאַר זיך צום אַנטקעגנדיקן פענסטער אין ערגעץ אַ ווייט־קייט, וואָס האָט זיך געצויגן פון אים אַרויס, ווייל ער האָט זיכער נישט געזען נישט דאָס פענסטער און נישט דעם דרויסן הינטערן פענסטער. זייער אַריינקום האָט אים נישט געמאַכט צו ענדערן נישט די האַלטונג פון קאָפּ און קערפּער און נישט דעם בליק, אַקוראַט ווי ער וואָלט נישט געוואוסט, אַז זיי זיינען אַריינגעקומען. זיי האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, אין פאַרלעגנהייט פאַרגעשטעלט זיך פאַר אים, אָנגערופן די נעמען פון די ציטונגען. ערשט ווען זיי האָבן אַלע געענדיקט זייער פאָרשטעלן זיך, האָט ער דריי מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ער וויים, הייסט עס. אָבער ער האָט נישט געענדערט זיין בליק און נישט זיין האַלטונג. דער דריי־מאָליקער שאָקל מיטן קאָפּ האָט זיי באַוויזן, אַז ער האָט זיך גערעכנט אויף זיי, און זיי דאַרפן נאָר שטעלן פראַגן. איז

קודם־כל דאַרף מען זיך אוועקזעצן. אין גרויסער פאַרלעגנהייט האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט, וואו אַוועקצוזעצן זיך. דאָס אַרומ־קוקן זיך און דאָס אַוועקזעצן זיך האָט זיי געדאַרפט אַ ביסל אַרויס־העלפן, באַפרייען אויף אַ מאָמענט פון זיין אומדערטרעגלעכן בליק. זיי האָבן צוזאַמענגערוקט זייערע שטולן, ווי זיי וואָלטן געזוכט אין דער נאָנטקייט שוץ און וואַרעמקייט פון דעם שרעק און דער קעלט, וואָס האָבן געטראָגן פון מר. גרינס בליק, און אַוועקגעשטעלט די שטולן וואָס ווייטער פון דער ריכטונג פון דעם בליק. שיפער, וואָס האָט געדאַרפט דורכגיין נאָך זיין שטול דורך דער בליק־ליניע, האָט געמאַכט אַ קרייז, ווי ער וואָלט זי גע־וואָלט אויסמיידן. ווען זיי זיינען שוין געזעסן, האָבן זיי גע־כאַפּט אַ קוק אויף מר. גרין און גלייך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך באַראָטן וואָס צו טאָן, און ווער זאָל זיין דער ערשטער, וואָס זאָל אָנהייבן צו שטעלן פראַגן. וואָס פרעגט מען אים? וועט ער דען פאַרשטיין? קאָן מען איבער־הויפּט צו אים רעדן? זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, צי איז נישטאָ ווער אין צימער, ביי וועמען זיי וואָלטן געקאָנט פרעגן. ווען די אַלטע זיצערין וואָלט אַריינגעקומען! אפשר אַרויסגיין אַ זוך טאָן זי?

אין פאַרלעגנהייט האָט מען זיך גענומען צום רויכערן, און דערביי טאַקע אַ פּרוואו געטאָן אים.

„קאָן מען רויכערן?" האָט פינעס אַ פרעג געטאָן, אַרויס־נעמענדיק אַ פּעקל סיגאַרעטן.

„שטערט אייך נישט מיין פּיפּקע?" האָט באַכראַך געפרעגט.

„רויכערט איר?" האָט געפרעגט שיפער און אַ שטרעק גע־טאָן צו אים די האַנט מיט זיין פּעקל סיגאַרעטן.

ער האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

וואָס ניין? זאָלן זיי רויכערן אָדער נישט רויכערן? גלייך־כער נישט רויכערן. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט מיט די פּעקלעך, באַכראַך האָט געהאַלטן די פּיפּקע ביי די ליפּן, אין מויל נישט אַריינגענומען. גרין האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט.

שיפער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די אַנדערע

צוויי: וואָס וועט מען דאָ אויסזיצן? ער איז געווען אַ בעלן אוועקצוגיין. ער וועט קאָנען מאַכן אַ „מעשה" פון דעם, וואָס ער האָט דאָ איצטער געזען און איבערגעלעבט. אָט אַזוי זעט אויס אַ מענטש, וואָס קומט אַרויס אַ לעבעדיקער פון די הענט פון דער געסטאַפּאָ! וועט זיין גענוג פאַר זיין ציימונג. ווען ער האָט שוין געוואָלט אַריינשעפּטשענען די אַנדערע צוויי, אַז מען זאָל אוועקגיין, האָט באַכראַך גראָד אַ זאָג געטאָן:

„צום ערשטן מאָל פיל איך די געסטאַפּאָ, הייב איך אָן צו האָבן אַ פולן באַגריף פון מאַידאַנעק, טרעבלינקע, בוכענוואַלד..."

ער האָט עס געזאָגט און געקוקט אויף מר. גרין. ער האָט געוואָלט מיט זיינע ווערטער פאַרטשעפּען עפּעס אין אים. אויב ער פאַרשטייט, וואָס מען רעדט, וועט ער זיך אָפּרופן, מאַכן כאָטש אַ באַוועגונג. באַכראַך האָט געטראָפן. ער האָט עפּעס פאַרטשעפּעט.

גרין האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף באַכראַכן, און אין זיי איז געווען פייער און פאַרשטענדעניש. ער האָט גוט פאַר־שטאַנען, וואָס באַכראַך האָט געזאָגט; ער האָט אפילו שווע־רער געאָטעמט, און אָט וועט ער דאַכט זיך עפּעס זאָגן. אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ווי ער וואָלט זיך איינגעהאַלטן, און אָפּגעווענדט זיינע אויגן, צוריק אָנגעשטעלט צום פענצטער זיין ווייטן בליק.

אָבער באַכראַך האָט באַוויזן אַ וועג. מען דאַרף עפּעס נאָך זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל אים פאַרטשעפּען. שיפּער האָט געקוקט אויף זיינע עלטערע קאָלעגן — זאָלן זיי עפּעס צוקלערן, ער ווייס נישט וואָס צו זאָגן. באַכראַך, צופרידן מיט זיך און זיין איינפאַל, האָט געטראַכט, וואָס עפּעס צו זאָגן ווייטער אויף דער געלונגענער טעמע. אָבער פינעסן, וואָס איז געקומען אַהער נאָך דעם באַווייז פון דער ריכטיקייט פון אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט אַרויסגעזאָגט, האָט אויפגעלויכטן, אַז ער קאָן דאַכט זיך אויפעפענען דעם מויל פון דעם מר. גרין. מיט אַ ווינקל פון אויג קוקנדיק אויף מר. גרין, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיינע קאָלעגן:

„איר האָט געלייענט מיין אַרטיקל וועגן „קידוש השם"?"

ניין, זיי האָבן אים נישט געלייענט, אָבער מר. גרין האָט עפּעס ווי אויפגעצוקט. ער האָט לאַנגזאַם אַ ווענד געטאָן זיין קאָפּ און אָנגעשטעלט זיין בליק אויף פינעסן. פינעס האָט עס באַמערקט און האָט זיך וואָרעם צורעדט:

„איך האָב געשריבן וועגן דעם, וואָס מען רופט דעם טויט פון די יידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן „קידוש השם" און די מיליאָנען אומגעקומענע — „קדושים". דאָס איז דאָך נישט ריכטיק. וואָרעם וואָס איז „קידוש השם"? באַוואוסטזיניק הייליקן מיט דעם אייגענעם טויט דעם נאָמען פון גאָט, פון דעם גאָט פון פאָלק ישראל, דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, דעם גאָט, וואָס האָט געגעבן דעם פאָלק ישראל די תורה און אָנגעזאָגט אָפּצוהיטן זי. ווען יידן זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר דעם נסיון „טויט אָדער שמד, זאָגט זיך אָפּ פון אייער גאָט און זיין תורה, אַז נישט וועלן מיר אייך פאַרברענען, דער־טרינקען, פערטלען און אַזוי ווייטער", און זיי האָבן אויסגעקליבן בעסער טויט ווי שמד, איז עס געווען אַ קידוש השם. זיי האָבן געהייליקט נאָמס נאָמען, געבראַכט זיך פאַר אַ קרבן זיינע גע־באָטן, געווען עולות, פאַרברען־קרבנות, דערוויזן זייער צובונד און געטריישאַפט. השם אלהינו השם אחד — השם איז אונ־זער גאָט, השם איז איינער! — און אומגעקומען... דאָס איז קידוש השם. אָבער היטלער האָט זיינע מיליאָנען יידישע קרבנות נישט געשטעלט פאַר אַזאַ נסיון, נישט געגעבן זיי קיין ברירה, און קיינער פון זיי איז נישט געשטאָרבן פאַר השם און עס איז נישט געווען קיין קידוש השם."

אַ שווערער „הם!" האָט אים איבערגעריסן. אין דעם אַרויסבּרום איז געווען פאַרוואונדערונג, פּראָטעסט, בייזער. די דריי האָבן זיך אומגעקוקט אויף מר. גרין, אַ ביסל איבערראַשט און דערשראָקן פון דעם אַרויסבּרום און נאָך מער פון דעם בליק, וועלכן ער האָט אָנגעשטעלט אויף פינעסן. עס איז געווען דערשטוינונג אין דעם בליק און כעס. עפּעס וועט איצטער געשען. ער וועט זיך זיכער צושרייען, אָדער אַ וואָרף טאָן זיך אויף פינעסן אָדער אויפשטיין און אוועקגיין — עס איז געווען

באוועגונג אין זיין פארגליווערטקייט. אָבער גאָרנישט פון די אַלע זאַכן איז געשען. ער האָט נאָר אָנגעהאַלטן זיין בליק אויף פינעסן, ווי ער וואָלט אים געוואָלט דורכשטעכן, און דער בליק אַליין האָט גערעדט. פינעס האָט אים פאַרשטאַנען.

„בין איך נישט גערעכט?" האָט ער פאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן.

„ניין!" האָט גרין שאַרף אָפּגעשניטן און צוזאַמענגעביסן די ציינער. זיין בליק איז געוואָרן נאָך אומדערטרעגלעכער, אָבער פינעס איז שוין אַריין אין נצחון.

„איז דער טויט פון די מיליאָנען געוועזן קידוש השם?" האָט ער געפרעגט.

„יאָ!" האָט גרין שאַרף אַרויסגערעדט, און מיט דער זעל־ביקער שאַרפקייט צוגעגעבן: „קידוש השם!"

זיין בליק איז געוועזן נערוון־רייסנדיק, אָבער פינעסן האָט איצטער געאַרט נאָר דער אמת פון זיין אַרטיקל, און ער האָט ווי מעגלעך רואיק געפרעגט:

„זיינען זיי געשטעלט געוואָרן פאַרן נסיון? פאַר אַ ברירה?"

„אָבער זיי האָבן געוואָלט!" האָט גרין אַרויסגעשאָסן. „געוואָלט נסיון און ברירה!"

ער האָט אָפּגעווענדט געזיכט און בליק פון פינעסן, ווידער ווי פריער געקוקט צום פענסטער און גערעדט. גערעדט כעסדיק, אומגעדולדיק. דערפאַר אפשר האָט ער גערעדט מיט האַלבע זאַצן און איינצלנע נישט צוזאַמענגעבונדענע ווערטער. און אפשר האָט ער אַזוי גערעדט, ווייל ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט אין זיין פיזישן צושטאַנד — אַן אויסגעדאַרטער, אויסגעמאַ־טערטער, אַ סקעלעט, וואָס איז אַרויסגעשטיגן פון קבר. און אפשר ווייל ער איז אויסגעפילט געוואָרן פון די בילדער, וועל־כע זיין אָנגעשטרענגטער בליק האָט געזען אין דער ווייטקייט, אין וועלכער ער האָט געקוקט — בילדער פון דעם גאַנג צום טויט פון די אומצייליקע, ביי וועמען מען האָט דאָ געוואָלט אַוועקנעמען די הייליקייט און דערמיט דעם גאַנצן זין פון זייער טויט.

„זיי האָבן געוואָלט!" האָט ער איבערגעחזרט. און ווידער אַמאָל: „זיי האָבן געוואָלט... נסיון און ברירה — ווען גע־וואוסט, מען פירט צום טויט... ווען געוואוסט, פריער אָדער שפּעטער — טויט... אַלע יידן ווייסן קידוש השם... די אומגע־בילדעטסטע אַפילו... איינפאַכסטע מענטשן פון פאָלק... גראָ־בע עם־הארצים... ווייסן... אַלע ווייסן... עשרה הרוגי מלכות... חנה מיט אירע זיבן זין... אינקוויזיציע... גירוש שפּאַניע... גזירות ת"ח... לעבט אין פאָלק — קידוש השם... ווען יידן ווערן אויס־געהרגעט — אין מאסן — איז קידוש השם... אויך איצטער... דורות זיך צונויפגעגאָסן... געפילט, וואָס געווען איז ווידער דאָ... נעגאַנגען צום טויט ווי יידן אַמאָל... יידן דעמאָלט, יידן איצ־טער... יידן־טויט — קידוש־השם... מיט „שמע ישראל", מיט „אחד"... נישט קידוש השם?... די אומגעקומענע אַלע קדושים... נישט שאָף צו דער שחיטה... אַלע צו עקידה... אַלע עולות... פאַר־ברען־קרבנות... ווייל פון גאָט אויסגעוויילט... ווי יצחק צו דער עקידה... אַלע אומגעקומען אין הייליקייט... קדושים אין קידוש השם!"

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, געקוקט אין דער ווייטקייט.

די דריי שרייבער זיינען געזעסן אָן אַ באַוועגונג, געוואַרט, צי וועט ער נישט ווייטער רעדן.

שיפער האָט זיך געפילט געלאַנגווייליקט. דאָס, וואָס ער האָט איצטער געהערט, איז נישט די „מעשה", נאָך וועלכער ער איז אַהער געקומען. ער אַליין איז נישט פאַראינטערעסירט אין יאָ קידוש השם אָדער נישט קידוש השם, אויך זיין צייטונג האָט זיך קיין מאָל מיט דעם נישט באַשעפטיקט — דער בעס־טער סימן, אַז די לייענער זיינען נישט פאַראינטערעסירט. גע־לאַנגווייליקט האָט ער אַריבערגעקוקט צו זיינע קאָלעגן — וואָס דענקען זיי, ווי לאַנג וועט מען דאָ נאָך זיצן...

באַכראַך האָט געהאַט כמעט אַ באַגייסטערטן אויסדרוק אויף זיין געזיכט. ער האָט דערפילט אַ געדיכט. ער האָט שוין אַפילו געהאַט אַלס אָנהייב אַ ריטמישע שורה: „אומגעקומענע אין הייליקייט..." אַ גוטער פערז, גוטע ווערטער... זיין האַנט

איז ווי פארגליווערט געוואָרן מיט דער ליולקע ביים מויל. אויב גרין וועט נאָך נישט אָנהייבן צו רעדן, וועלן אין אים אָנוואַקסן די שורות...

פינעס האָט אָנגעקנייטשט דעם שטערן — ער איז געוואָרן קעמפעריש געשטימט. גרין האָט אים אַ האָר נישט איבער־געצייגט. ער האָט אַ סך וואָס אָפּצופרעגן, ער קען אים אַפילו צושלאָגן. קודם כל, ווי קאָן דער דאָ רעדן פאַר אַלעמען, פאַר אַלע זעקס מיליאָן אומגעקומענע יידן? וואָס ווייס ער און ווי קאָן ער וויסן, וואָס זיי האָבן געטראַכט? ער קאָן נאָר רעדן פאַר זיך אַליין, אָבער נישט פאַר די זעקס מיליאָן. זאָל ער עס אים זאָגן? אפשר וועט עס אַ ביסל רייצן און אויפרעגן דעם מר. גרין, וועלכער איז נאָך איצטער מער טויט ווי לעבעדיק. אַ געוועזענער אַדוואָקאַט זאָל אַזוי אומקלאָר רעדן!... מסתמא די שרעקלעכע איבערלעבעניש... די קויל, וועלכע האָט אים גע־טראָפן... איז צו וואָס אים אויפרעגן? און וואָס קאָן ער אים ענטפערן? ער קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז ער ווייס גענוי, וואָס עס האָבן געטראַכט אַלע זעקס מיליאָן יידן, צווייטנס און צושפּרייט איבער דער גאַנצער היטלער־אימפּעריע!... אָבער אינטערעסאַנט איז דאָך, וואָס ער וואָלט געענטפערט. אַלס אַדוואָקאַט, מוז ער דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז די פראַגע איז אַ באַרעכטיקטע. און פינעס האָט דערפילט, אַז ער מוז זי פרעגן:

„פונוואַנען זייט איר אַזוי זיכער, אַז אַלע יידן האָבן אַזוי גע־פילט? אַז אַלע האָבן געוואָלט נסיון און ברירה?"

גרין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט גרויסער איבערראַ־שונג אין דעם שוואַרצן פייער פון זיינע אויגן, אָבער גאָרנישט גע־ענטפערט. פינעס האָט זיך געהאַט אַ ביסל פאַרלאָרן, אָבער גלייך געזאָגט מיט אַ באַרואיקנדיקער שטים:

„איר זייט דאָך נישט אין כעס, וואָס איך האָב דאָס געפרעגט. איך מיין, זי איז אַ לעגיטימע פראַגע."

גרין האָט בייז אַרויסגעשעפּטשעט:

„וועלן דערנידעריקן!... וועלן זען — שאַף!... מיליאָ־נען שאַף!... נישט זען, נישט פאַרשטיין, וואָס אין בלוט ביי יידן!...."

„אויך ביי נישט גלויביקע יידן?" האָט פינעס געפרעגט עקשנות־דיק.

„אויך ביי נישט־גלויביקע!" האָט גרין ארויסגעשיפּעט. „אַף על פּי שחטא — ייד! קיינער נישט געוואָלט שטאַרבן — שאַף!... „שמע ישראל" אויף אַלע ליפּן... אין אַלע העלדזער... אין באַוואוסטזיין... אין אונטערבאוואוסטזיין... ווער נישט אויסגעשריען — האָט געטראַכט... ווײַם באַשטימט... געטראַכט, געפילט... געמוזט פילן... געמוזט דערהייבן טויט... צו יידישער מדרגה... געבן זין..."

„אויך די משומדים, וועלכער היטלער האָט צוריק צוגעוואָרפן דעם יידישן פאָלק?" האָט פינעס זיך שוין אומברחמנותדיק גע־רייצט.

גרין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַר־שטיין די פראַגע, און באַלד איבערגעפרעגט: „משומדים?" און געענטפערט: „אויב זיי האָבן באַגריפן — געשטאָרבן יידן."

באַכראַך האָט דערפילט אַ טעמע און געפרעגט:

„וואָס האָבן די משומדים געדאַרפט באַגרייפן?"

„זייער טעות", האָט גרין קורץ אָפּגעענטפערט און באַלד צו־געגעבן: „איך גלויב, זיי האָבן באַגריפן. קיינער נישט געזען, זיי זיך געצלמט פאַרן טויט — זיי האָבן נישט! קיינער נישט געהערט, זיי האָבן גערופן „יעזוס מאריא!" — זיי האָבן נישט!"

באַכראַכן איז דער ענטפער שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט צוגעשמייכלט צו זיינע קאָלעגן מיט התפעלות, ווי עטוואָס זייער וויכטיקס איז זיי דאָ אויפגעדעקט געוואָרן. אָבער שיפער האָט שיר נישט אַ גענעץ געטאָן. ניין, ער וועט זיך שוין אויסהיטן נאָך אַמאָל צו גיין אינטערוויואירן צוזאַמען מיט די דאָזיקע צוויי בטלנים! זיי גייט נישט אָן די מעשה, זיי דאַרפן גאָר פילאָזאָפירן! און פינעס האָט געזוכט אין זיין מוח, ווי צו באַווייזן גרינען, אַז ער מאַכט אַ טעות. די היטלער־קרבנות זיינען דאָך נישט געשטאָרבן על קידוש השם! דער געדאַנק, וועלכן ער האָט ארויסגעזאָגט אין זיין אַרטיקל, איז דאָך ריכטיק! און פלוצלונג איז ער אומרואיק געוואָרן. אויב אָט דער איינער דאָ האָט גערעדט אָדער אַפילו גע־

טראַכט פון קידוש השם, ווען ער איז געפירט געוואָרן צום טויט, און אויב ער קאָן זיך נאָך באַרופן אויף עטלעכע פון די, וואָס זיי־נען מיט אים געפירט געוואָרן צום טויט, דאַרף ער, פינעס, איצ־טער דערווייזן, אַז אַלע אַנדערע, די מיליאָנען, האָבן עס נישט געטראַכט און נישט געפילט. המוציא מחברו עליו הראיה!... אויב ער קאָן עס נישט דערווייזן, איז דער געדאַנק, וועלכן ער האָט אַנט־וויקלט אין זיין אַרטיקל, נישט אמת. ער האָט זיך דערפילט אומ־באַקוועם, אָבער גלייך געפונען באַרואיקונג. קודם כל דאַרף מען דאָך פעסטשטעלן וועגן דעם דאָ אַליין!

„דערלויבט מיר צו פרעגן", האָט ער אַ זאָג געטאָן: „האָט איר טאַקע געטראַכט פון קידוש השם? האָט איר געוואָלט נסיון און ברירה, ווען איר זייט געפירט געוואָרן צום טויט?"

גרין האָט אים שאַרף אָנגעקוקט, שווער אָטעמענדיק, און אַ נס איז געשען. וואָס ער האָט איצטער געזאָגט, האָט ער אַרויס־גערעדט קלאָר און דייטלעך, ווי דער אַדוואָקאַט וואָלט אין דעם מאָמענט צוריקגעוואונען זיין חיתוך הדיבור:

„גאַנץ געוויס!" האָט ער פעסט אַרויסגערעדט. „וואָלט איך דען גערעדט? וואָלט איך דען געזאָגט, וואָס איך האָב געזאָגט?... איך און אַלע, וואָס מיט מיר, זיינען געגאַנגען שטאַרבן ווי יידן דעם יידישן טויט, דעם קידוש־השם טויט".

„ווילט איר דערציילן?" האָט באַכראַך באַגייסטערט אויס־גערופן.

„איך וועל!" האָט ער שווער אַרויסגעזאָגט נאָך אַ קליינעם שווייגן, מיט זיין בליק צום פענצטער.

שיפער האָט אויפגעלעבט, אַרויסגענומען דאָס שרייב־געצייג, אָבער גרין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן פון דער זייט, און עס איז געווען פראָטעסט און אומצופרידנקייט אין דעם בליק. די קאָלעגן האָבן אַ ווינק געטאָן שיפערן, אַז ער זאָל בעסער באַהאַלטן זיין שרייב־געצייג. שיפער האָט אַ דריק געטאָן מיט די פּלייצעס און אַריינגעלייגט פּאַפּיר און בלייפען אין קעשענע.

און גרין האָט דערציילט. — —

ער איז אַוועקגענומען געוואָרן איינמאָל אין אַ האַרבסטיקן

נאָכמיטיק. געוועזן שוין שפּעט אין אָקטאָבער. ער און נאָך עט־לעכע מענער, וואָס האָבן געוואוינט אין זיין הויז. באַוואָפנטע געסטאַפּאָ־גזלנים זיינען געגאַנגען פון דירה צו דירה און אַוועק־גענומען די מאַנסבילן. ווען מען האָט זיי די טיר נישט אויפגעעפנט, האָבן זיי איינגעבראָכן די טיר, און צומאָל אויך צובראָכן קעפּ. דער געיאָמער און די געשרייען פון פרויען און קינדער זיינען גע־ווען הימלשפּאַלטנדיק, אָבער די געסטאַפּאָ־תליונים האָבן זיך גע־רייצט: „וואָס איז דער געיאָמער? מען נעמט זיי דאָך צו דער אַרבעט!" דער טאָן, ווי זיי האָבן דאָס געזאָגט, האָט אָפּגעלייקנט זייערע ווערטער. עס איז שוין באַקאַנט געוועזן, וואָס זיי טוען מיט יידן. עטלעכע מענער, וואָס האָבן געפּרואווט שטעלן זיך אַנט־קעגן, זיינען גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. פאַר איינוועגס אויך זייערע פרויען און קינדער.

פאַרן טויער פון זיין הויז איז געשטאַנען אַ וואָגן, אָנגעפּאַקט מיט יידן. אַ וואָגן, אין וועלכן מען פירט בהמות. אַ שטאַל אויף רעדער, געטריבן פון אַ מאָטאָר. אָפן פון אויבן, שיטערע ברעטער־שורות, צוגעשלאָגענע צו הויכע בערוועגעס, זיינען געוועזן די ווענט. מען וואָלט זיי געקאָנט לייכט איבערקריכן אָדער איינ־ברעכן. אין דעם דאָזיקן וואָגן, וואָס איז געשטאַנען מיט זיין טיר צוגעווענדט צום טראָטואַר אַנטקעגן טויער, האָט מען אַריינגע־פּאַקט אים און זיינע שכנים מיט קלעפּ און סטוסאַקעס. אַריינגע־שפּאַרט, צונויפגעקוועטשט, פאַרשלאָסן די טיר, אָבער נאָך נישט גערירט זיך אין וועג. זיי האָבן נאָך געהאַט וואָס צו טאָן אין הויז, נאָך נישט געוועזן פאַרטיק. צו היטן דעם וואָגן איז געבליבן אַ פּוילישער קוויזלינג, באַוואָפנט מיט אַ מאַשין־ביקס. דער געסטאַ־פּאָ־אָפיצער האָט אים אָנגעזאָגט:

„דו היט נאָר. קיינער זאָל נישט אַנטלויפן. מיר האָבן זייער צאָל. וועט איינער פעלן, וועסטו באַצאָלן מיט דיין לעבן. דו און דיין ווייב און דיינע ממזרים — פּינק האָסטו זיי דאַכט זיך — און דיין גאַנצע משפּחה... אויסגעראָט ווערן, קיין זכר וועט פון אייך נישט בלייבן!"

דער פּאָליאַק, בלייך און דערשראָקן, האָט קוים אַרויסגע־שטאַמלט:

„אזויפיל זיי, אין כמעט אן אפענעם וואגן."

„ווען דער וואגן וואלט געווען אן אויסגעבויטער און צוגעדעק־טער וואלט מען דיך נישט געדארפט", האט אים שארף געענטפערט דער אפיצער. „א שלאס וואלט געווען גענוג. דו שטיי און היט. דערפאר האסטו א מאשינביקס, און האסט אויגן, און האסט הענט. ווען זיך באווייזן א קאפ אין דער הויך איבער די ברעטער, שיס; א פוס צווישן די ברעטער, שיס. פאר אונטערגעשאסענע ווענסטו נישט באצאלן..."

די דייטשן זיינען אריין צוריק אין הויף, און דער פאליאק איז געבליבן היטן. ער האט זיך צוגערוקט צום טויער, אנגעבויגן זיך, אנגעשטעלט די מאשינביקס, איינגעגעסן זיך מיט די אויגן אין די אנגעפאקטע יידן, און מען האט געקאנט זען, אז עס וואלט אים א צאן אן א צאן. אזויפיל יידישע מענער און ער איינער, און ער און זיין געזינד און זיין גאנצע משפחה זיינען ערבות.

אין וואגן האט זיך אנגעהויבן א געשפרעך. גרין האט נאר געקאנט הערן די שטימען, אין דער צונויפגעדריקטקייט האט ער קיינעם נישט געקאנט זען. ער איז געשטאנען צוגעדריקט צו דער הינטער־וואנט מיטן געזיכט צום טויער און נישט געקאנט אפילו א ריר טאן מיט א האנט. ווייל ער איז א הויכער, האט ער געקאנט דרייען דעם קאפ רעכטס און לינקס. בשום אופן נית א קוק טאן אויף הינטן. אבער ער האט געהערט יעדעס ווארט און וועט געדענקען דעם געשפרעך, כל זמן ער וועט לעבן. ער געדענקט נאך און וועט געדענקען, אין וואסער זייט פון וואגן איז וואס געזאגט געווארן, און ער געדענקט אזוי קלאר און העל די שטימען, וואס האבן גע־רעדט. ווען ער האט איצטער דערציילט, האט ער אנגעגעבן פון וועלכער זייט זיינען די שטימען געקומען, אבער נישט אנגעוויזן נית מיט א האנט און נישט מיט א קאפ־באוועגונג. ער איז געזעסן שטייף און אומבאוועגלעך, די אויגן געווענדט צום פענצטער מיט דעם בליק אין ווייטער ווייטקייט. אבער ער האט געפרואווט נאכ־צומאכן די שטימען. דאס האט זיך אים נישט איינגעגעבן, און ער האט איבערגעגעבן דעם געשפרעך אין זיין אייגענעם שניידנדיקן אופן מיט זיין עטוואס גרילצנדיקן קול.

„וואָס איז טאַקע וועגן מאַכן אַ ויברח?" האָט איינער אַ זאָג געטאָן האַרט בײַ דער רעכטער וואַנט גאַנץ פאָרנט לעבן מאָטאָר.

„און דערשאָסן ווערן?" האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער גראָד הינטער דעם ערשטן.

„מירן סײַ ווי סײַ דערשאָסן ווערן", האָט געענטפערט דער ערשטער.

„דאָס איז נאָך גאָרנישט אַזוי געווים," האָט געזאָגט אַ דריי־טער פון מיטן וואָגן.

„איר צווייפלט נאָך?" האָט געפרעגט אַ פערטער פון מיטן, פאָרנט לעבן דעם מאָטאָר.

„איז וואָס דאַרף איך נאָך בידים זיך מאַכן אַ טויט? פּרואווט נאָר אַ קלעטער טאָן, און איר זייט אַ דערשאָסענער," האָט געזאָגט דער דריטער.

„און אפשר אַ געראַטעוועטער," האָט זיך אָפּגערופן דער ערשטער.

„ווי אַזוי?" האָט אַרויסגעשעפּטשעט אַ פינפטער, וואָס איז געשטאַנען מיטן רוקן צוגעדריקט צו דער לינקער וואַנט. „אַז ווי איר וועט נאָר אַ שטעל טאָן אַ פוס..."

„אָבער ווען אַלע מיטאַמאָל!" האָט אים איבערגעריסן אַ זעקסטער, וואָס איז געשטאַנען מיטן רוקן צום פינפטן.

אים האָט געענטפערט אַ זיבעטער, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער לינקער וואַנט מיטן פּנים צו דער גאַס:

„וועלן עטלעכע אפשר געראַטעוועט ווערן — אויף באַלד ווידער אַרײַנפאַלן אין זייערע הענט, און נאָך געפּייניקט ווערן..."

„און אַזוי וועט מען נישט געפּייניקט ווערן?" האָט גע־פרעגט דער אַכטער פון מיטן פון דער רעכטער וואַנט.

„אפשר טאַקע נישט!" האָט אים געענטפערט דער נײַנטער, וואָס איז געשטאַנען הינטער אים.

„איז הייסט עס גלײַכער געפירט ווערן ווי בהמות אין אַ בהמות־וואָגן," האָט געזאָגט דער ערשטער.

„זאָל דאָס זײַן מײַן לעצטע דאגה," האָט אים איבערגעריסן דער דריטער.

„און געקוילעט ווערן ווי בהמות!" האָט פאַרענדיקט דער ערשטער.

„אַנטלויפּט, ווען איר ווילט!" האָבן אויסגערופן עטלעכע פון הינטער אים.

„ווען איינער, איז נישטאָ קיין אַנטלויף — די מאַשינביקס וועט אים קריגן", האָט דער ערשטער געזאָגט. „אָבער ווען אַלע..."

„דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט," האָט זיך אָפּגערופן דער זעקסטער. „ווען אַלע מיטאַמאָל..."

„פאַרוואָס דאַרפט איר גאָר וועלן איבעררעדן דערצו?" האָט זיך דערהערט אַ שטים, אין וועלכער מען האָט גלייך געקאָנט דער־קענען פרומקייט און גוטסקייט. זי איז געקומען פון מיטן וואָגן און ווי פון אַ טיפעניש אַרויס. אַ קליין געוויקסיקער האָט עס געזאָגט, אַרומגעשטעלט פון העכערע מענער. אין דעם קול אָבער האָט מען געקאָנט פילן אַ לאַנגע באָרד און פּאות און אַ בן תורה.

„פאַרוואָס זאָל מען עס נישט וועלן?" האָט געפרעגט אַ קול לעבן אים.

„מען דאַרף עס נישט וועלן דערפאַר", האָט די פרומע שטי־מע פרום גערעדט, „ווייל אַז אויב עמעצן פון אונז וועט געלינגען צו אַנטלויפן, וועט ער אומברענגען דעם שומרס פרוי און קינ־דער און זיין גאַנצע פאַמיליע."

„האָב איך אַ זאָרג!" האָט אויסגערופן דער פריערדיקער פרעגער.

„אַ ייד טאָר אַזוי נישט רעדן", האָט געזאָגט די פרומע שטים.

„פאַרוואָס זאָל אַ ייד נישט טאָרן אַזוי רעדן? פאַרוואָס זאָלן מיר רחמנות האָבן?" האָט געפרעגט איינער פון לעבן דעם פרומען.

און דער פרומער קול האָט כמעט אַרויסגעזונגען ווי אַ מגיד:

„אפילו ווען אַ שאַרף שווערד ווערט אים צוגעשטעלט צום האַלדז, טאָר אַ ייד נישט אָפּזאָגן זיך פון רחמנות."

„דאָס איז אַ גמרא אין „ברכות", און איר טייטשט זי שלעכט!" האָט דערווידערט איינער, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל רעכטס

ביי דער הינטערוואַנט מיטן פּנים נאָך אינעווייניק. גרין האָט דערקאָנט אין דער שטים זיין שכן דעם לערער נייפעלד.

„איך טייטש זי אין גייסט פון אונזערע חכמים, אין גייסט פון אונזער תורה", האָט געענטפערט די שטים פון דער טיפעניש. „ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן און צוליב דעם אומברענגען קליינע אומשולדיקע קינדער איז נישט יידיש. און ווען אפילו מיר שטייט פאַר דער טויט, טאָר איך זיך נישט אָפּזאָגן פון רחמנות צו די, וועמענס לעבן הענגט אָפּ פון מיר."

„די גמרא האָט געמיינט צו זאָגן", האָט דער לערער נייפעלד למדניש געזאָגט, „אַז אפילו ווען דאָס שווערד ליגט שוין אויפן האַלז, זאָל אַ מענטש נישט פאַרצווייפלען און גלויבן, אַז דער בעל הרחמים וועט אים נאָך ראַטעווען".

„הלוואי, רבונו של עולם!" האָט עמעצער פרום אויפגעקרעכצט.

„איז אפשר דאָס זיין רחמנות", האָט איינער לעבן נייפעלדן פרום גערעדט, „וואָס ער האָט אוועקגעשיקט די גאַנצע באַנדע דייטשישע גזלנים, און אונז, אַן עדה יידן, געזונטע מענער, איבערגעלאָזן מיט איין פּוילישן גזלן?"

„אַז איר רעדט שוין אין זיין נאָמען", האָט געענטפערט די פרומע שטים, „דאַרפט איר וויסן, אַז ער וועט אייך נישט שיקן טאָן אַ זאַך, וואָס דורך איר וועלן אומגעבראַכט ווערן קליינע אומשולדיקע קינדער."

„די קינדער פון רוצחים, וואָס האָבן נישט קיין רחמנות אויף אונזערע קינדער!" האָט איינער אַרויסגעבורטשעט.

„זייערע קינדער זיינען נאָך אַלץ אומשולדיקע קינדער, וואָס טאָרן נישט אומגעבראַכט ווערן פאַר די זינד פון די טאַטעס!"

„וועלן אויסוואַקסן יידן־קוילער, ווי זייערע טאַטעס!" האָט נאָך איינער אויסגערופן.

„דאָס איז אין גאָטס האַנט. יידן, לאָמיר בלייבן ביז צום סוף יידן!" האָט זיך די פרומע שטים געבעטן. „דאָס איז אונזער קידוש השם!"

גרין, דערציילנדיק דאָס, האָט איבערגעטראָגן זיין שווערן

בליק אויף פּינעסן, מיט באַטאָנונג איבערגעחזרט „קידוש השם!"
און אָוועקגעקוקט צום פענצטער און ווייטער דערציילט.

אין וואָגן איז געוואָרן שטיל. אין אים, אין גרינען, האָט
אויפגעשטורעמט אַ פּראָטעסט. וואָס פאַר אַן אומזין! צו וואָס
די גרויסמוטיקייט? צו וואָס רחמנות האָבן אויף מענטשן־חיות,
וואָס ווען אונזער רחמנות נישט פאַרשטיין און וועלן זי פאַר־
לאַכן? ווער עס קאָן זיך ראַטעווען, זאָל זיך ראַטעווען! דאָס
איינענע לעבן איז זיך טייערער! געדענקט דעם פּסוק אין „על
נהרות בבל": „וואויל דעם, וואָס וועט אָננעמען און צוברעקלען
דיינע עופעלעך אָן דעם פעלז!" אָבער ער האָט קיין וואָרט נישט
געזאָגט. דער פּראָטעסט האָט געשריען אין אים, אָבער איז ניט
אַראָפּ פון צונג. אָנשטאָט דעם האָט ער זיך האַרטער צוגעדריקט
מיטן קאָפּ צום ברעט וואָס פאַר אים און זיך צואוויינט מיט זודיקע
טרערן. ער האָט זיי נישט דערוואַרט, נישט געוואָלט, אָבער זיי
זיינען געקומען אין שטראָמען. פון עפעס אַן אינעווייניקסטער
גערירטקייט. פון התפעלות איבער דעם קליינעם ייד, וואָס האָט
געטראָגן אין זיך אַזאַ דערהויבנקייט. פון רחמנות, וואָס אַזאַ
מוז אַזוי שענדלעך אומקומען.

האָט ער דער ערשטער זיך צוואוויינט און אַנדערע האָבן אים
נאָכגעוויינט? ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן איינשטילן, האָט ער
דערהערט געוויין אַרום און אַרום. און איינער גראָד הינטער
אים האָט פרום אַרויסגעיאָמערט: „כאָטש קומען צו קבר
ישראל!"

אין גרינס דערציילערישער שטים האָט אַריינגעקלונגען שטאָלץ,
און ער האָט געזאָגט מיט גרויסער וויכטיקייט און זייער לאַנגזאַם:
„קיינער קיין וואָרט קענן גאָט!... קיינער געלעסטערט... קיי־
נער געשאָלטן... אַלע — גלויביקע און נישט גלויביקע — אַלע
גענומען אויף זיך יידן־טויט... קידוש השם!"

ער האָט נישט אַ קוק געטאָן אויף פּינעסן. צופיל שטאָלץ
איז איצטער אין אים געווען, ער זאָל אַ קוק טאָן אויף דעם פאַר־
לייקענער פון דעם קידוש השם פון די היטלער־קרבנות. ער האָט
נאָר אַ רגע געשוויגן און גלייך ווידער דערציילט.

דער אַקטיאָר מילבערג, זיין שכן אין הויז און איצטער זיין שכן אין וואָגן, און אַזוי ווי ער צוגעדריקט צו דער הינטערוואַנט, אייגנטלעך צו דער גרויסער ברייטער וואַגנטיר, פּונקט קעגן דעם פּאָליאַק, האָט אַ זאָג געטאָן צום ציטערדיקן גוי אין זיין בעסטן פּויליש:

„דאַרפסט נישט מורא האָבן. האָסט געהערט, ווי מען האָט זיך דאָ דורכגערעדט? דאָס האָט מען באַשלאָסן נישט צו מאַכן דעם קלענסטן פאַרזוך צו אַנטלויפן, ווייל עס איז אַ רחמנות אויף דיינע פינף אומשולדיקע קינדערלעך, וועמען די דייטשן האָבן אָנגערופן ממזרים. קאָנסט מיר צואוואַרפן אַ פּאַפּיראָס."

דער פּאָליאַק האָט ביי די ערשטע ווערטער אויפגעציטערט, געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וועט גלייך שיסן. אָבער די ווערטער פון דעם ייד, און דער טאָן, מיט וועלכן זיי זיינען געזאָגט געוואָרן,האָבן וואָס אָנגערירט אין אים. ער האָט זיי געגלויבט, און זיי האָבן אים באַרואיקט. עס האָט אים אויפגעהערט צו וואַרפן אין קדחת, און ער האָט אַראָפּגעלאָזן די הענט מיט דער שווערער מאַשינביקס. אַ מינוט שפּעטער האָט ער אַריינגעקוקט הינטער זיך אין טויער און, נישט זעענדיק דאָרט קיינעם נישט, האָט ער אַרויסגענומען פון אונטער זיין העמד אַ פּאָר פּאַפּיראָסן און אַריינגעוואָרפן אין וואָגן.

„אַ דאַנק," האָט געזאָגט מילבערג. „אָבער דו האָסט זיי געדאַרפט אַריינשטעקן אונז אין מויל און פאַררויכערן. מיר קאָנען נישט אַ באַוועג טאָן מיט אַ האַנט."

און איינער הינטער אים האָט געזאָגט:

„אַ מענטשנס האַרץ איז נישט אָפּצושאַצן."

און מילבערגס שכן פון לינקס האָט געזאָגט:

„שפּעטער אַ ווײַלע וועט ער אונז דערשיסן. קוקט נאָר אָן דעם נפש!"

נאָר עטלעכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט און די לוסט אָנצוקוקן „דעם נפש", און איינער פון מיטן וואָגן האָט לאַנגזאַם גערעדט:

„איך האָב אַמאָל געמאָלט דעם מלאך המות. האָב דעמאָלט נישט געקענט די געסטאַפּאָניקעס און זייערע משרתים".

עס איז געוואָרן שטיל. דערוואַרטונג האָט געשוועבט איבער דעם וואָגן. די געסטאַפּאָניקעס וועלן באַלד מסתמא אָנקומען, די אוניפאָרמירטע טויט־טייוואָלים. וואָס וועלן זיי טאָן? וואוהין וועלן זיי זיי פירן? וואָס פאַר אַ טויט? פילייכט נאָך פייני־קונגען!... ווייַ, כאָטש קאָנען זיך אַ באַוועג טאָן!... מען וועט דאַכט זיך אומקומען שטייענדיק אַזוי אין וואָגן...

מילבערגס שכן האָט פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן מיט בייסיקן הו־מאָר:

„מען האָט געדאַרפט לאָזן וויסן אין די צייטונגען, ווי אַזוי אַן עדה יידן האָט אויסגעקליבן צו שטאַרבן, אַבי פינף קליינע פּוילישע ממזרים זאָלן נישט אומקומען."

אים האָט געענטפערט די פרומע שטים:

„ביי גאָט איז עס שוין פאַרשריבן, און אפשר וועט אונזער קרבן אָנפילן די וואָג, און דער מזל פון ישראל וועט זיך אַ הייב טאָן."

פון הויף האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון באַטשוועק־טע שיך און דער גערויש פון אַ סך פרייליכע שטימען. דער פּאַ־ליאַק האָט זיך ווידער אוועקגעשטעלט מיט דער מאַשינביקס גרייט צו שיסן.

„זיי קומען!" האָט אָנגעזאָגט מילבערגס שכן. „אַרויפצו־לייגן אונז אויף דער וואָג."

די געסטאַפּאָניקעס, אַ גאַנצע ראָטע געווים, זיינען אַרויס־געקומען פון הויף, אָנגעלאָדן מיט געפּעק פון יידישן האָב און גוטס. זיי האָבן אַריינגעוואָרפן די פּעק אין אַ גרויסן צוגעמאַכטן סחורה־וואָגן, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן גאַס, און דערנאָך אַריינ־געזעצט זיך אין די אָפענע אויטאָמאָבילן, וואָס זיינען דאָ אַרומ־געשטאַנען. אַ סך פון די געסטאַפּאָניקעס זיינען געווען שטאַרק באַטרונקען.

„קיינער נישט אַנטלאָפן?" האָט דער אָפיצער געפרעגט דעם פּאָליאַק.

„ווי דען?" האָט גדלותדיק געענטפערט דער פּאָליאַק. „האָב גוט געהיט!"

דער אָפיצער און זיינע באַגלייטער האָבן באַקוקט דעם וואָגן, אַריינגעקוקט, צי איז ער אַזוי ענג אָנגעפּאַקט, ווי זיי האָבן אים געלאָזן, און האָבן זיך צעלאַכט.

„אַט אַ פּאָלקל!" האָט געזאָגט דער אָפיצער. „טרוסן איינער אין איינעם! אויסראָטן מוז מען זיי!"

דער פּאָליאַק האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט אויפגעמאַכט דעם מויל, אָבער חרטה געקראָגן און גאָרנישט געזאָגט. און אויסגעהיט זיך אַ קוק צו טאָן אויפן וואָגן און איז ערגעץ פאַרשוואונדן צווישן די געסטאַפּאָניקעס.

אַ גרויסע קאַוואַלקאַדע, דער וואָגן מיט זיינע אונטערפירער, אַ גרויסע צאָל אויטאָמאָבילס מיט באַוואָפנטע געסטאַפּאָניקעס, האָט זיך אַ לאָז געטאָן אונטער געלעכטער און געזאַנג פון שיכורע העלדזער. די געסטאַפּאָניקעס, וואָס זיינען געפאָרן ביי די זייטן פון דעם וואָגן, האָבן זיך געמאַכט אַ שפּיל.

„ווי געפעלט אייך אונזער פי?" האָט איינער אויסגעשריען.

און אַ צווייטער האָט געענטפערט:

„אי־וואָ, פי! שווינע, יודן־שווינע!"

און לוסטיקער הילכיקער געלעכטער.

אויף דעם צוזאַמענטרעף פון צוויי גאַסן איז אָנגעקומען נאָך אַזאַ וואָגן אָנגעפּאַקט מיט יידן. די געסטאַפּאָניקעס פון ביידע זייטן האָבן אויפגעהויבן אַ געלעכטער און אַ געשריי, ווי עס וואָלט זיי געטראָפן די גרעסטע פרייד, און לוסטיקער שיכורער געזאַנג, אויסגעפּילט מיט ניבול פה און געמיינסטן שמוץ, האָט אָנגעפּילט די לופט.

אָבער אין דעם וואָגן גופא איז געוועזן געוויין. עס האָט זיך געוואָלט עפּעס זאָגן די יידן אין דעם פאַרבייפאָרנדיקן וואָגן, אָבער דאָס האַרץ האָט פאַרקלעמט. די יידן האָבן דאָרטן געוויינט, און דאָ האָט אויך אויסגעבראָכן אַ געוויין. אין דעם געוויין האָט מען אָנגעהויבן זאָגן ווידוי אָדער תהילים. איינער האָט אָן אָן

אויפהער געשעפּטשעט דעם „שמע ישראל". האָט ער נישט גע־וואוסט מער אָדער האָט ער אין דעם מאָמענט פאַרגעסן אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט? מען האָט געקאָנט הערן, ווי עס קלאַפּט אים א צאָן אָן א צאָן. דער ייד הינטער גרינען האָט עטלעכע מאָל אַרויסגעזיפּצט: „כאָטש צו קבר ישראל קומען! צו קבר ישראל!"

דער וואָגן איז אַרויסגעפאָרן פון שטאָט אין דער ריכטונג צום טייך, וואָס איז דאָרטן געגאַנגען צווישן הויכע ברעגן, פאַר־בייגעפאָרן דעם אַראָפּגאַנג צום טייך און געבליבן שטיין א היפּש ביסל ווייטער לינקס פון טייך ביי א לאָנקע, וואָס איז געווען אַרומגע־זוימט מיט וואַלד. מען האָט אויפגעעפנט די הינטערטיר, געהייסן אַרויסגיין און שנעל. אָבער די איינגעפּרעסטע אין דעם וואָגן זיינען געווען שטייף, געקאָנט זיך קוים באַוועגן. די געסטאַ־פּאָניקעס זיינען געקומען צו הילף און אָנגעהויבן אכזריותדיק אַרויסוואַרפן, ווי זיי וואָלטן געוואָרפן אָנגעפּילטע זעק. מילבערג האָט זיך געקאָנט קוים אויפהויבן נאָך דעם שליידער און איז אויפ־געשטאַנען א צובלוטיקטער.

דער אָפיצער האָט אויסגעקאָמאַנדירט:

„אויסטאָן זיך! אירט זיך אויסבאָדן אין טייך! אָפּשווענקען יידן־שמוץ! א שאָד דאָס ריינע וואַסער אין טייך."

באָדן זיך! אין א קאַלטן פאַרנאַכט פון א קאַלטן אָקטאָ־בער־טאָג! סאַדיסטן — אויב זיי מיינען נאָר, וואָס זיי זאָגן... מען האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן און ווידער אַמאָל די קאָ־מאַנדע: „שנעל! שנעל!" אָבער די הענט זיינען געווען באַנו־מען און דאָס האַרץ האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט אויסטאָן.

אדם־נאַקעט האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אויף א קאָמאַנדע אין שורות, פיר אין א שורה. וויפיל אַזעלכע שורות? ער איז געווען דער ערשטער אין דער דריטער שורה און נישט דערוועגט זיך א קוק צו טאָן אויף הינטן. אָבער ער האָט געפילט די שורות, געפילט, אַז זיי זיינען א סך. ווייט הינטן האָט זיך געהערט גע־וויין, און אויפגעשריי און שווערע שמיץ אויף נאַקעטע לייבער. אין שורה נאָך שורה געוויין. שווערע זיפצן, געקרעכץ, „שמע ישראל" און „רבונו של עולם!"

אין אים אַליין איז געוועזן שטיל. נאָך דעם פריערדיקן גע־וויין איז אין אים געוועזן שטיל און רואיק. ער איז געוועזן זיכער, אַז מען פירט זיי נישט באָדן זיך. זיי זיינען דאָך ווייט פון דעם וועג צום טייך. מען וועט זיי דאָ זיכער דערשיסן. וואָס דען זיינען דאָ אַזוי פיל געסטאַפּאָניקעס מיט ביקסן אַרום דער נאַ־קעטער יידישער מחנה? ער האָט נאָר געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דעם קליינעם ייד מיט דער פרומער שטים. ער וואָלט אים דערקאָנט, וואָלט קיין טעות נישט געמאַכט. אַ מערקווירדיקע נייגעריקייט, ווי? באַלד וועט אפשר זיין אַ סוף צו זיי אַלעמען און ער טראַכט נאָר וועגן דעם קליינעם ייד. ער האָט שוין געוואָלט ריזיקירן און אַ קוק טאָן אויף הינטן, ווען דער אָפי־צער האָט אויסגעקאָמאַנדירט:

„אין פוס גיין! איינס צוויי! איינס צוויי! מאַרש!"

דאָס איז נאָר געוועזן אַ סאַדיסטישער חוזק. די יידן האָבן קוים געקאָנט זיך רירן, קוים געקאָנט שטעלן אַ פוס. אָבער די אונטערפירער מיט די ביקסן אויף די פּלייצעס האָבן גע־מאַרשירט „איינס צוויי, איינס צוויי!", געשריען צו די יידן „איינס צוויי, איינס צוויי!" געטריבן זיי, אַרויסגעזעצט די נשמה, און וואָס מער דערווייטערט זיך פון דעם וועג, וואָס פירט אַראָפּ צום טייך.

אַ פערציק־פופציק שריט אַזעלכע און שטיין געבליבן. „די לעצטע סטאַנציע", האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אפשר האָבן דאָס אַלע אַ טראַכט געטאָן. זיין שכן האָט אַרויסגעשעפּטשעט: „נו, אַ סוף שוין!"

דער אָפיצער האָט אויסגעקאָמאַנדירט, מען זאָל זיך ווענדן רעכטס, און די גאַנצע מחנה האָט זיך אומגעווענדט נאָך רעכטס. איצטער איז גרינגען אויסגעקומען צו שטיין אין דער ערשטער שורה. מיט אַ בליק נאָך רעכטס האָט ער געקענט זען, אַז די שורה איז געוועזן זייער ברייט. פיליכט צוועלף מענטשן, אויב נישט מער. אָבער דער אַכטער אָדער דער זיבעטער פון אים איז געוועזן אַ קליין יידל מיט אַ גרויער באָרד, און אין גרינגען האָט אויפגעשריען: דאָס איז ער! רואיק אַזוי געשטאַנען, די

אויגן צוגעמאַכט און געווענדט צום הימל, און זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט. געווען עפּעס אַזוי גוט צו פילן זיך מיט דעם דאָזיקן ייד אין איין שורה, אין דער ערשטער שורה, וועלכע וועט זיכער זיין די ערשטע אין דעם, וואָס דאָ וועט באַלד געשען. ער וואָלט איצטער געקאָנט מאַרשירן מיט אַ הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ, „איינס צוויי, איינס צוויי!"

אָבער עס איז נישט געווען וואוהין צו מאַרשירן. זיי זיינען געשטאַנען נאָר עטלעכע טריט פון דעם הויכן ברעג. זיי האָבן געקאָנט זען דאָס לויפנדיקע וואַסער, שוואַרץ אַזוי און טיף, און באַוואָפנטע געסטאַפּאָניקעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אויפן זאַמד ביים סאַמע וואַסער און אַרויסגעקוקט אַרויף, וואו די יידן זיינען געשטאַנען. אויב אימיצער האָט געהאַט אַ געדאַנק אַראָפּצושפּרינגען און אַנטלויפן, האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אים. איבער אַלעמען איז געקומען דאָס געפיל: עס קומט די לעצטע מינוט. אויפן קערפּער האָט זיך אָנגעצויגן אַ געגנזנהויט, אַ קאַלטער שוויס האָט באַדעקט די שטערנס, און ליפּן האָבן געשעפּטשעט תפילות. דער קליינער ייד האָט אָנגעהויבן זאָגן ווידוי אויפן קול, אַ געיאָמער האָט אויסגעבראָכן, הענט האָבן זיך אויפגעהויבן צום הימל, „שמע ישראל!" און פּלוצלונג איז ער געפאַלן. ער געדענקט נישט, צי האָט ער געהערט דעם שאָס. ער איז געבליבן ליגן באַוואוסטלאָז.

גרין איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט שווער געאָטעמט. האָט ער איבערגעלעבט דעם ווייטיק פון דער קויל, וועלכע האָט אים געטראָפן? דורכגעלעבט זיין „טויט"? די דריי צוהערער האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם, געשפּאַנט געוואַרט. ער האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן, מיט אַ קול, אין וועלכן עס איז געווען געריירטקייט, עטוואָס פון אַראָפּגעשלונגענע טרערן.

ער ווייס נישט, ווי לאַנג ער איז געלעגן אין זיין באַוואוסטלאָזיקייט. ער האָט נאָר פּלוצים דערפילט, אַז אַ שווערע משא דריקט אויף אים. אַ שרעקלעך שווערע משא באַדעקט אים פון קאָפּ ביז די פיס. ביסלעכווייז איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער ליגט און אויף אים ליגט אַ שווערע משא. וואָס זאָל דאָס זיין?

דאָס ליגן אַליין איז נישט שלעכט, אָבער די משא דערדריקט אים. פונוואַנען האָט זי זיך גענומען? ער האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צו דער משא אויף זיך און דערפילט, אַז דער גאַנצער גוף ברענט אים און איז פול מיט ווייטיק. ער האָט זיך צוגעהערט צום ווייטיק, נאָכגעגאַנגען נאָך אים. פונוואַנען אַזאַ ווייטיק? ער קומט דאַכט זיך פון אונטער דער רעכטער לאָפּעטקע און צעשפּרייט זיך איבערן גאַנצן קערפּער. ער וועט אַ טאַפּ טאָן דעם אָרט. אָבער די הענט זיינען געוועזן עפּעס אַזוי ווייט און פאַרחלשט, ער האָט זיי קוים געפילט. אָט איז די שרעקלעך ווייטאָענדיקע לאָפּעטקע, און אָט איז דער קאָפּ, און אָן דאָרטן ערגעץ, ווייט פון קאָפּ, זיינען די הענט. ער ווייסט גאָרנישט, צי דאָס זיינען זיינע הענט. ער האָט אַ באַוועג געטאָן מיט די פינגער. עפּעס ווייט אַזוי פון קאָפּ ערגעץ וואו דרויסן. וואו זיינען זיי? ער האָט ווידער אַ באַוועג געטאָן מיט די פינגער. יאָ, זיינע פינגער, און ער קאָן זיי באַוועגן. וועט ער צושאַרן די הענט צו זיך, אונטערליגן אונטערן קאָפּ. אָבער די משא לאָזט נישט. און דער ווייטיק אין דער פּלייצע איז אומדערטרעגלעך. איז אַ געשריי טאָן... אַ געשריי טאָן הויך... אַ סך געשרייען אַרויסלאָזן... די געשרייען זיינען געבליבן אין אים, פון מויל נישט געקאָנט אַרויס. דער מויל איז געוועזן צוגעדריקט.

איז ער געלעגן און שווער אין זיך געקרעכצט. די קרעכצן זיינען געוואָרן געשרייען. אָבער ער מוז דאָך, ער וויל דאָך אָנטאַפּן דעם אָרט אויבן אין דער רעכטער פּלייצע! וואָס איז דאָס פאַר אַ משא אויף אים? ער ליגט אויסגעצויגן אויפן בויך מיטן פּנים אַראָפּ. וואו ליגט ער דאָס? ער האָט זיך צוגעהערט. ער ליגט מיטן נאַקעטן בויך אויף היילער ערד... ווי אַזוי? וואָס?... ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז געווען נאַקעט... דערמאָנט זיך, אַז ער איז נישט געוועזן אַליין... דערמאָנט זיך אויף דער מחנה נאַקעטע יידן אַרום אים... וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ משא אויף אים? ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס ליגט אויף אים און לעבן אים. ער האָט דערפילט לייבער, נאַקעטע לייבער... אַ דערשטיקט געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים. ער איז אַ דערשראָקענער,

און די, וואָס ליגן אויף אים, זיינען דערשאָסענע, און די, וואָס ליגן לעבן אים פוןביידע זייטן, זיינען דערשאָסענע. דער קערפּער אויף אים איז נאַקעט און קאַלט, די קערפּער לעבן אים זיינען נאַקעט און קאַלט. זיי זיינען געווים טויט. איז ער טויט? איז ער קאַלט? ער אָטעמט. ער פילט די משא. ער געדענקט און קאָן קרעכצן.

ער האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעעפנט די אויגן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אויגן. איצטער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף אויפעפענען די אויגן און אַ קוק טאָן. דעמאָלט וועט ער וויסן. אָבער דער קאָפּ איז געוועזן צוגעדריקט צו דער ערד, און ער האָט נישט געקאָנט אויפעפענען די אויגן. ער מוז אַרויסקריגן דעם קאָפּ, אויפעפענען די אויגן. ווען ער וואָלט זיך נאָר געקאָנט אָנשפּאַרן אויף די הענט, אָבער ער קאָן נישט צושאַרן זיי צו זיך. ער וועט מוזן אָננעמען זיך מיט כוח. ער האָט וועגן מער גאָרנישט געטראַכט. נאָר אָננעמען זיך מיט כוח. און אַלץ איז אין אים שטיל געוואָרן, און דער ווייטיק איז נישט געוועזן, און די משא איז פאַרשוואונדן.

ווי לאַנג איז ער אַזוי געלעגן? אַ שטים האָט אים געבראַכט צו זיך. אַ שטים פון אַ יונגן ייִנגל, אַ פאַרטרונקענע אין טרערן, פול מיט בראָך און שרעק. אַ יידישער ייִנגל, שוין גאָר נאָענט לעבן אים, האָט געיאָמערט און געחזרט: „טאַטע! טאַטינקע! טייערער טאַטינקע!" ער האָט זיך שטאַרק צוגעהערט, פאַרנומען באַוועגונגען, און האָט באַגריפן. אַ יידישער ייִנגל זוכט זיין טאַטן און גראָבט זיך צווישן די הרוגים. און אָט איז ער שוין איבער אים. עס הייבט אים אָן צו ווערן לייכטער אויפן רוקן, און פּלוצלונג אַ האַרצרייסנדיקער אויסבראָך אין ביטערן יאָמער: „טאַטע! טאַטע!" דער הרוג, וואָס איז געלעגן אויף גרינען, איז געוועזן דעם ייִנגלס טאַטע. דער ייִנגל איז צוגעפאַלן צום מת, געקושט אים, גערופן אים די צערטלעכסטע נעמען, אָבער דער טאַטע איז געוועזן טויט.

„טויט!... טויט!" האָט דער ייִנגל געיאָמערט, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן צום מת. מורא האָט אַרויסגע־

ציטערט פון דעם קול, און דער קול האָט געדאַרפט פאַרטרייבן די מורא. „קום, טאַטינקע, איך וועל דיך ברענגען צו קבר ישראל!" ער האָט גערעדט און געשלעפט דעם הרוג. „דו האָסט דאָך גע־וואָלט... קבר ישראל... איך וועל דיך ברענגען... וועל דיך נעמען צום טייך... מטהר זיין.... אויסגראָבן דעם קבר... טאַטעלע, איך וועל זאָגן קדיש... וועל זאָגן תהילים... אַ גאַנצע נאַכט... ביזט אַזוי שווער, טאַטינקע!... קוים וואָס איך קען דיך איינשלעפּן... אוף!... איך פיל דיין בלוט, טאַטע!... אין קאָפּ האָבן זיי דיר געטראָפן... דורכגעשאָסן דעם קאָפּ. איך טאַפּ אָן... הינטן אַ לאָך און פאָרנט אַ לאָך, איבערן לינקן אויג... איצטער איז זייער פינצטער, אָבער איך קאָן אָנטאַפּן. עס איז שוין אַ שטיק אין דער נאַכט און שטאָק פינצטער... האָב דיך לאַנג געזוכט... אַוודאי איבער אַ שעה... אַזויפיל הרוגים, און איינע אָנגעלייגט אויף די אַנדערע... צוויי זיינען געלעגן אויף דיר... איך האָב דאָך אַזוי מורא געהאַט צוצורירן זיך... האָב דאָך שטענדיק מורא געהאַט פאַר אַ מת... טאַטעלע, פונדיינטוועגן!... איך האָב דיך דאָך אַזוי האָלט גע־האַט!... טאַטינקע! טאַטינקע!... קום איך וועל דיך ווייטער שלעפּן... ווען איך וואָלט דיך נאָר געקאָנט אויפהייבן און טראָגן... אָבער איך קאָן נישט, טאַטע... ביזט אַזוי שווער... איך וועל דיך דערשלעפּן דאָ ביזן ברעג. אַראָפּ דעם בערגל וועט לייכ־טער זיין... ביז צום וואַסער... וועל דיך אָפּוואַשן, מטהר זיין... און תכריכים... טאַטע, איך וועל אָנטאָן אויף דיר מיין העמד!... וועט זיין קורץ און שמאָל... בעסער ווי גאָרנישט, טאַטע..."

גרין האָט איבערגעריסן זיין דערציילן, אָנגעשטעלט זיין בליק אויף פינעסן און שטרענג אַרויסגעבראַמט:

„נו? !"

געהאַלטן אַ ווײַלע דעם בליק אויף פינעסן, באַלד אָנגע־שטעלט אים ווידער אין דער ווייטקייט און געשוויגן. ער האָט אפשר געוואַרט אויף אַן ענטפער.

באַכראַך האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן:

„האָט דאָס ייִנגעלע אייך אָפּגעראַטעוועט?"

„ניין," האָט גרין אָפּגעענטפערט פון דער ווייטעניש אַרויס און ווייטער דערציילט.

דער יינגל האָט אוועקגעשלעפּט זיין טאַטן, נישט געוואוסט, אַז ער האָט באַפרייט פון אונטער דער טויטער משא אַ לעבעדיקן מענטש. גרין האָט זיך אָנגענומען מיט כוח, אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, אויפגעעפנט די אויגן. אַ גרויסער בלייכער פלעק האָט זיך אוועקבאַוועגט אין דער פינצטערניש — דער טויטער נאַקעטער קערפּער געשלעפּט פון דעם יינגל, וועלכן ער האָט קוים געקאָנט זען. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, אַ רוף טאָן, און איז געבליבן מיט דעם געשריי אין מויל. דער יינגל האָט מיט גרויסן שרעק ארויסגעיאָמערט:

„טאַטע, איך וועל דיך נישט קאָנען אַראָפּשלעפּן אַראָפּ!... טאַטע, איך וועל דיך מוזן אַראָפּוואַרפן!... טאַטינקע, עס איז שרעקלעך אַראָפּצוּוואַרפן דיך!... טאַטינקע!... אַי!...”

אַ האַרצברעכנדיקער אויסגעשריי, און דער גערויש פון אַן אַראָפּפאַלנדיקן שווערן קערפּער. דער יינגל איז זיך פאַרגאַנגען אין געוויין און האָט קוים אַרויסגערעדט:

„איצטער וועל איך אַראָפּקלעטערן... טאַטינקע!... איך קום צו דיר!...”

גרין האָט געוואָלט אים אָפּשטעלן, אָבער דער יינגל איז שוין געווען אונטן און גערעדט דאָרטן מיט זיין טאַטן. גרין האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקרעכצן: „העלף! העלף! ייִנגעלע, העלף!” דער יינגל האָט עס זיכער נישט געקאָנט הערן. גרין איז געבליבן ליגן גאַנץ אָן כוחות. איצטער האָט ער דער־פילט דעם ברענענדיקן ווייטיק אין דער פּלייצע און אויפגע־ברומט פאַר ווייטיק. זיין קול איז אַריין אין דער ערד. ער האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. רעטונג איז דאָך אַזוי נאָענט! דער יינגל וואָלט אים געקאָנט העלפן. אָבער ער קאָן נישט שרייען, האָט קיין כוח נישט, און אין האַלדז איז אים אַזוי שטי־קיק. ער וועט מוזן צוקריכן צום ברעג... מיט די לעצטע כוחות... פּויזען... פּויזען...

ער האָט זיך אַ באַוועג געטאָן, אָבער אויף זיינע פיס איז געלעגן די שווערע משא פון טויטע קערפּער, און עס איז אים שווער געווען אַרויסצושלעפּן זיי. ער האָט אַרומגעשאַרט מיט

די הענט ווי א שווימער, נישט אויסגעמאכט זיך פון דעם גרויסן ווייטיק אין דער פּלייצע, און טאַקע אַרויסגעשלעפּט די פיס פון אונטער דער טויטער משא און א ביסל א פּויזע געטאָן. עפּעס האָט א שפּאַר געטאָן פון האַלדז. בלוט. ער איז געבליבן ליגן אָן א באַוועגונג, אויפגעקרעכצט, דערפילט, אַז איצטער וועט ער קאָנען שרייען, און ווייטער אָנגעהויבן צו פּויזען. און אָט איז ער שוין ביים ברעג. ער האָט געקאָנט זען און הערן דאָס וואַסער, אָבער ווייטער פּויזען איז געוועזן אוממעגלעך. ער האָט מיט די הענט אָנגעטאַפּט וואַנט. ווען ער האָט זיך גוט איינגעקוקט, האָט ער געזען אַרויסשטעקנדיקע שטיינער. אָבער ער וועט נישט קענען קלעטערן. ער איז געבליבן ליגן, געזוכט דעם יינגל און באַלד דערהערט דעם יינגלס קול. דער יינגל איז שוין געוועזן מיטן מת ביים וואַסער. גרין האָט דערזען דעם בלייכן פּלעק — דעם נאַקעטן קערפּער. דער יינגל האָט אים אָפּגעוואַשן, מטהר געוועזן, און גערעדט, גערעדט.

גרין האָט געוואָלט א רוף טאָן: „יינגעלע!” אָבער דער רוף איז אים געבליבן שטיין אין האַלדז. ער וועט געווים דערשרעקן דעם יינגל, דער יינגל קאָן נאָך פאַר שרעק אַרויסלאָזן דעם מת פון זיינע הענט, און דאָס וואַסער וועט אַוועקטראָגן דעם מת און נאָך אים פּילייכט אויך דעם יינגל.

א ווייסע זאַך האָט זיך באַוויזן אין די הענט פון דעם יינגל. געווים זיין ווייס העמד, וואָס ער האָט אויסגעטאָן פון זיך און טוט איצטער אָן דעם טאַטן. און אָט ליגט דער מת אין דעם ווייסן העמדל פון זיין קינד. וואו איז דער יינגל? פאַרוואָס הערט ער אים נישט מער? גרין האָט זיך שטאַרקער צוגעהערט, אָנגעשטרענגט די אויגן אין דער פינצטערניש. אָ, דער יינגל גראָבט! גראָבט דעם קבר. כמעט דאָרטן גלייך אונטער גרינען. מיט וואָס גראָבט ער דאָרטן? די ערד מוז דאָרטן זיין זאַמדיק... גראָבט מיט הוילע הענט... ווי לאַנג האָט עס געדויערט? גרין איז דאַכט זיך איינגעשלאָפן. און דעם יינגלס קול האָט אים אויפגעוועקט. דער יינגל האָט געשלעפּט דעם מת צום קבר און גערעדט:

„דער קבר איז נישט טיף, טאַטע... איך האָב נישט געקאָנט טיפער... וואָלט דיך נישט געקאָנט אַריינלייגן... אָט וועל איך אַריין אין קבר און וועל דיך פֿאַמעלעכדיק אַריינגעמען... די פּיס צוערשט... איצטער דיין קאָפּ... טאַטע, טאַטינקע!" דער יינגל האָט אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן יאָמער. „כאָטש אַ ביסעלע ליכט... כאָטש איין גוטן קוק טאָן אויף דיר!... איך וועל דיר נאָך אַמאָל אַרומטאַפּן דיין פּנים... ווי קליינערהייט... ווען איך פֿלעג זיצן אויף דיינע קני... טאַטינקע! טאַטעלע!..."

ער האָט ביטער געוויינט און נישט געוואוסט, אַז דאָרטן אויבן פּונקט איבער אים ליגט איינער צווישן די הרוגים און וויינט פּונקט אַזוי היסטעריש. אפשר האָבן אַ סך פון די טרערן אַריינגעקאַפּעט אין קבר...

גרין האָט עס דערציילט, און טרערן זיינען אים גערונען אי־בער די באַקן. אויך די אויגן פון באַכראַך און פּינעס זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן. שיפּער האָט אַראָפּגעלאָזן זיינע אויגן, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, פאַרוואָס זיי זיינען געבליבן טרוקן. באַכראַך און פּינעס האָבן אַרויסגענומען זייערע טאַשנ־טיכלעך, אָבער גרין האָט געלאָזן זיינע טרערן רינען און ווייטער דערציילט.

ווען ער האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט ער דערהערט, אַז דער יינגל זאָגט קדיש. איצטער מוז ער אים אַ רוף טאָן. ער האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, אויפגעעפנט דעם מויל, אָבער בלויז בלוט איז אַרויסגעקומען, אַ שטראָם בלוט. ער האָט צו־ריק אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, אַ קרעכץ געטאָן, און געבליבן ליגן אָן כוחות. פאַרפאַלן. ער וועט שוין דאָ שטאַרבן. זאָל ער כאָטש שטאַרבן, איידער די נאַציס קומען צוריק און געפינען אים אַ לעבעדיקן. וואָס איז דאָס? הערט ער נישט שטימען? יאָ שטימען! מענטשן גייען אַרום צווישן די הרוגים. די נאַציס זיינען שוין דאָ! ער האָט זיך צוגעהערט, איינגעהאַלטן דאָס ביסל אָטעם. פּויליש! פּאָליאַקן גייען דאָ אַרום און נישטערן. וואָס זוכן זיי אויף די נאַקעטע קערפּער? מסתמא פאַרגעסענע קידושין־פינגערלעך אויף די פינגער... די שטימען ווערן נעענטער

און נעענטער, און ער כאַפּט זיך: דער יינגל! ווי לאָזט מען אים וויסן, אַז פּאָליאַקן דרייען זיך דאָ אַרום. ער האָט זיך צוגעהערט צום קבר אונטן. דעם יינגלס קול האָט זיך נישט געהערט מער. דער יינגל האָט געוויס געהערט די פּאָליאַקן און איז אַנטלאָפן. גאָט זיי דאַנק! ער אַליין וועט זיך איצטער מאַכן ווי טויט. וועט איינהאַלטן דעם אָטעם...

און אָט זיינען די שטימען איבער אים. אימיצער האָט אים באַטאַפּט, אַ קער געטאָן, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין האַרץ און שטיל אַרויסגעפּליסטערט — אַ פרויענשטים און פריידיק אַזוי:

„דער לעבט!"

זאָל ער זיך בעטן ביי זיי, זיי זאָלן אים נישט טויטן? זאָל ער זיך מאַכן טויט?

זיי האָבן אים אויפגעהויבן און אַוועקגעטראָגן. זייער פּאָר־זיכטיק, ווי דאָס וואָלטן געווען אַמבולאַנס־באַדינער. אפשר זיינען דאָס יידן, וואָס רעדן פּויליש? ניין, דאָס זיינען טאַקע געווען פּאָליאַקן. דער פּוילישער קוויזלינג, זיין פרוי, זיינע דריי עלטערע קינדער... זיי האָבן געזוכט, צו זיינען פאַראַן לעבן־געבליבענע פּאַסאַזשירן פון דעם וואָגן, וועלכן ער האָט געהיט...

גרין האָט ווידער אָנגעשטעלט זיין בליק אויף פינעסן:

„קידוש השם!... ניין? !..."

קיינער האָט נישט געוואָלט וואָס ענטפערן. מען האָט גע־וואַרט, ער זאָל ווייטער דערציילן. ער האָט גאָרנישט מער דער־ציילט.

„דאָס אַלץ", האָט ער אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק אין זיין ווייט־קייט.

די דריי שרייבער האָבן זיך געכאַפּט, אַז וואָס עס איז גע־שען ווייטער, איז טאַקע נישט אַזוי וויכטיק. זיי וועלן אַפילו אַליין קאָנען צושרייבן דעם סוף. די דאַנקבאַרע פּאָליאַקן האָבן אים אַוועקגעטראָגן, אויסבאַהאַלטן, געהיילט, אַוועקגעשטעלט אויף די פיס.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, באַדאַנקט, אָבער

וועדליק פינעס און באַכראַך האָבן זיך נאָך געקווענקלט, האָט שי־פּער אַ קורצן מאַך געטאָן מיטן קאָפּ צו גרינען, אַ פּאָך געטאָן מיט דער האַנט צו די קאָלעגן און אַוועקגעאײַלט. אַ זייער צופרידענער. ער טראָגט מיט זיך עפּעס אַוועק, וואָס זיין צייטונג זוכט ווי מיט ליכט: אַ פּאָליאַק האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיין ווייב און קינדער און געראַטעוועט אַ יידן! ער וועט טאַ־קע אַזוי באַטיטלען זיין „מעשה": „אַ פּאָליאַק שטעלט איין זיין לעבן פאַר אַ יידן!"

פינעס האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער נישט זאָגן גרינען, אַז ער איז נאָך ווייט נישט איבערצייגט. ער גלויבט נאָך אַלץ, אַז ער איז גערעכט און אַז זיין אַרטיקל איז גערעכט. אָבער דאָס וועט ער שוין זאָגן באַכראַכן דרויסן. און ער וועט טאַקע אָנשרייבן אַ צווייטן אַרטיקל...

באַכראַך איז געווען טיף גערירט. ער גייט אַוועק שטאַרק באַרייכערט מיט טעמעס — לידער און לידער! נאָר נאָך איין זאַך האָט ער געוואָלט וויסן, און ער האָט געפרעגט:

„ווייסט איר אפשר, וואָס איז געוואָרן מיט דעם יינגעלע?"

גרין האָט נאָר שווער אַ באַוועג געטאָן דעם קאָפּ: ניין, און שווער אויפגעזיפצט.

די ביידע שרייבער האָבן נאָך אַמאָל באַדאַנקט, געוואונטשן אים אַ גוטן טאָג און געווענדט זיך צו דער טיר. ווען זיי זיינען שוין געווען ביי דער טיר, האָט זיי איבערראַשט זיין צורוף: „איין מאָמענט!" זיי זיינען שטיין געבליבן, אומגעקוקט זיך. ער איז געזעסן אומגעווענדט צו זיי, און דער פריערדיקער נס איז ווי־דער געשען. וואָס ער האָט זיי איצטער געזאָגט, האָט ער ווידער געזאָגט מיט דעם חיתוך הדיבור פון דעם אַדוואָקאַט. דאָס איז געווען דער לאַנג איינגעהאַלטענער ענטפער באַכראַכן, און ער האָט געהאַלטן זיין שווערן בליק אָנגעשטעלט אויף דעם דיכטער.

„רעדט זיך נישט איין", האָט ער געזאָגט אין קענטיקער אויפ־רעגונג, „אַז איר האָט איצטער באַגריפן מאַידאַנעק און טרעבלינ־קע און בוכענוואַלד... איר האָט דאָ גערעדט מאַידאַנעק, געשריבן און געלידלט מאַידאַנעק, און איר וועט ווייטער שרייבן און לידלען

מאידאנעק, אָבער מער ווי אַ וואָרט איז עס נישט געוועזן בײַ אײַך, און אַזוי וועט עס בלײַבן. בײַ אײַך און בײַ אײַערע לייענער. איר וועט אפילו זיפצן מאידאנעק, אָבער אײַער האַרץ וועט עס נישט דערפילן, וועט נישט צוברעכן ווערן. איר זײַט געוועזן פרעמד און וועט בלײַבן פרעמד דער גאַנצער משונהדיקער אומגעהויער־לעכקייט, וואָס הייסט מאידאַנעק, און טרעבלינקע, און אָסוויענטשים און אַלע הונדערטער און הונדערטער שטעט און שטעטלעך, וואו יידן זײַנען אומגעקומען אין די הונדערטער און טויזנטער. שטאָף פֿאַר אַרטיקלען, פֿאַר מעשיות, פֿאַר לידער, אָבער נישט איר און נישט אײַערע לייענער ווערן פֿון דעם אַנדערש. איר זײַט נישט גע־בויגן געוואָרן, נישט געבראָכן געוואָרן, נישט בעסער געוואָרן. איר האָט געהערט פֿון מיר וועגן דעם פֿרומען ייד, איר וועט אים אויך פֿאַרגעסן.״

ער האָט זיך אומגעווענדט און אָנגעשטעלט זײַן בליק צום פֿענצטער אין דער ווײַטקייט אַרײַן.

די אַלטע קראַנקנזיצערין האָט אויפגעעפֿנט די טיר.

## „דיר וועט נישט געלינגען, גאָט!...“

אַן אַלטע מעשה, אַין אַלטע ביכער פאַרשריבן.

און — ניי. ווי זי וואָלט ערשט געשען. פאַר אונזערע אויגן אין אונזערע טעג. דער ווייטיק, וואָס ליגט אין איר, איז געווים פון אונזערע טעג. ווערט ערשט דורכגעווייטיקט.

א מעשה מיט יידן, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון א לאַנד, וואָס איז לאַנג זייער פאָטערלאַנד געוועזן. געבאָרן געוואָרן אין אים, זיי און זייערע עלטערן, און זייערע זיידעס און עלטערזיידעס. דורות און דורות.

זיינען די אַרויסגעטריבענע אַוועק איבער אַלע וועגן פון דער יבשה און איבער אַלע וועגן פון די ימים, אויף קיין וועג נישט זיכער, ערגעץ נישט באַשיצט, אויסגעשטעלט צו הונגער און דורשט און — וואָס נאָך ערגער — צו מענטשלעכער רשעות און רציחה.

אויף איין שיף, וואָס איז געפאָרן נאָך פעץ אין צפון־אַפריקע, זיינען געוועזן א סך אַזעלכע אַרויסגעטריבענע יידן, הונדערט און מער. משפחותווייז, משפחותווייז, האָבן זיי זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן דעק פון שיף, געבראָטן פון זון, גע־שמיסן פון ווינט, אָדער אין בויך פון שיף, געשטיקט פון לופט־לאָזיקייט און געשטאַנק. פינצטערע, טרויעריקע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געקרימט פאַר ווייטיק, ווען א קינד האָט א לאַך גע־טאָן. די בענקעניש נאָך דעם נעכטן איז געוועזן גרויס, און דער מאָרגן איז געוועזן א געדיכטער פינצטערער וואַלד, אין וועלכן זיי וועלן אַריינטרעטן מיט שרעק און מורא ביי יעדן טריט.

זיי האָבן גערעדט פון פעץ, געטראַכט פון פעץ, געחלומט פון פעץ. וואָס זיי וועלן דאָרטן טאָן, ווי זיי וועלן זיך דאָרטן

איינגעסטן, ווי זיי וועלן זיך צופּאַסן צו דער דאָרטיקער אַראָ־ בישער באַפעלקערונג. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז די טויערן פון פּעץ און אירע שטעדט זיינען פאַרשלאָסן פאַר די אומגע־ בעטענע איינוואַנדערער, אויס מורא, אַז דער פּרייז אויף די לעבנס־ מיטלען זאָל נישט אַרויף. און האָבן נישט געוואוסט, אַז זיי וועלן אַהין גאָרנישט דערפאָרן, נישט דערפירט ווערן...

זיי זיינען געפאָרן אַ טאָג און צוויי און דריי, אָבער אויפן פערטן טאָג, ווען זיי זיינען געווען אינמיטן ים, ווייט פון לאַנד און מענטשן, האָבן זיך באַוויזן צווישן זיי מאַטראָסן, וואָס האָבן איינגערוימט זיי אַ שרעקלעכן סוד, אַז זיי מאָגן זיך צוגרייטן צו זייער לעצטער מינוט, ווייל דער קאַפּיטאַן האָט פאַרטראַכט זיי אַלעמען אומצוברענגען.

האַנטבּרעכעניש, געוויין, געיאָמער, טויטשרעק. אַן אויס־ טענהן זיך מיט אימיצן, אַ וועלן פאַרשטיין און באַגרייפן. ווען שטאַרבן, וואָלטן זיי שוין בעסער געשטאָרבן אויף זייערע אַלטע ערטער לעבן די בית־עולמס, וואו עס ליגן באַגראָבן זייערע על־ טערן און אורעלטערן, און טאָקע קינדער אויך. זיי זיינען אַנט־ לאָפן פון דעם טויט אויף די אַלטע ערטער, ווייל זיי האָבן נאָך געוואָלט לעבן, געהאָפט אויף עפּעס אין לעבן... און אָט לויערט אויף זיי דער טויט אינמיטן ים פון אַ גזלנס האַנט. ווי! ווי! וואָס וויל גאָט פון זיי? זיינען זיי אים נישט געבליבן געטריי? האָבן זיי נישט אויסגעקליבן גלות, אַבי צו בלייבן אים געטריי? פאַרוואָס וויל ער זייער טויט? וואָס וועט ער געווינען, ווען זיי וועלן אומקומען אינמיטן ים, און קיינער וועט אפילו נישט וויסן פון זייער טויט?

איז געווען צווישן זיי איינער אַ מיטליעריקער ייד, וואָס האָט געהייסן תם בן אמארא. מיט זיין ווייב הדסה און זיין פערצנ־ יעריקער טאָכטער רינה איז ער דאָרט געווען, און די גאַנצע טעג איז ער געזעסן לעבן זיין פרוי און זיין טאָכטער, און האָט זיי געטרייסט און זיי געשטאַרקט, און גערעדט צו זיי פרומע גאָטס־ פאַרכטיקע ווערטער. גאָט איז שטענדיק געווען מיט אים און וועט ווייטער זיין מיט אים. גאָט וועט אים נישט פאַרלאָזן.

ער וועט אים צוברענגען צו א זיכערן ברעג, און דאָרטן וועלן זיי ווייטער לעבן זייער אַלט לעבן — א לעבן פון אן ערלעכן גאָלדשמיד, וואָס האָט געמאַכט פון זילבער און גאָלד און קו־פּער און מעש מנורות און חנוכה־לעמפּלעך און שבת־לייכטער — און וועלן ווייטער דינען גאָט מיט ליבע און געטריישאַפט. ער איז נישט געזעסן אויפן שיף ווי אן אבל צווישן אבלים, און האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס עס איז אזוי ווייניק מוט אין עולם.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער געיאָמער, האָט ער נישט געוויינט מיט די אַלע וויינער, נאָר איז אויפגעשטאַנען פון זיין זיץ און געווענדט זיך צו די וויינער מיט א שטאַרקער שטים:

„וואָס וויינט איר און וואָס טענהט איר? לאָמיר זיך צו־גרייטן צו אונזער לעצטער מינוט, ווי יידן דאַרפן זיך צוגרייטן צו זייער לעצטער מינוט: מיט ווידוי און תשובה. אָבער ביז צו דער לעצטער מינוט טאָרן מיר נישט פאַרלירן אונזער האָפע־נונג. דער רשע פאַרקלערט און גאָט צעשטערט. לאָמיר אָפּ־זאָגן ווידוי און גיין צום קאַפּיטאַן און בעטן אויף אונזער לעבן."

אזוי האָט ער גערעדט צו די יידן אויבן אויפן דעק, און איז אראָפּ אין בויך פון שיף, און האָט דאָרטן איבערגעחזרט די זעלביקע ווערטער. מען האָט אים אויסגעהערט מיט אומגלויבן, אָבער וואָס האָט מען געקאָנט אַנדערש טאָן? יידן האָבן גע־זאָגט ווידוי, מענער, פרויען און קינדער, די, וואָס זיינען געשטאַ־נען ביים ארויסגאַנג פון לעבן, און די, וואָס זיינען געשטאַנען ביים אריינגאַנג פון לעבן. אַלע האָבן זיי געוויינט מיט ביטערע טרערן, געזעגנט זיך, געקושט זיך, צוגעגרייט זיך צו דער לעצ־טער מינוט, און אַוועק צום קאַפּיטאַן, און תם בן אמארא האָט זיי געפירט.

דער קאַפּיטאַן, א הויכער, שטאַרקער מאַן, מיט גרויע בייזע אויגן, דיקע וואָנצעס און א דריי־פּיר טעג נישט געגאָלטן באָרד, האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ווען ער האָט דערזען די צו־קומענדיקע יידן. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. דאָס האָט

ער א טראַכט געטאָן, צו איז נישט איצטער דער פּאַסיקער מאָמענט צו הייסן די מאַטראָסן אַריינצוטרייבן זיי אין ים אַריין. אָבער ער איז נייגעריק געוואָרן צו הערן, וואָס די יידן ווילן אים זאָגן, און נאָך מער האָט זיך אים פאַרוואָלט שפּילן זיך מיט זיי אַ ביסל, רייצן זיך מיט זיי, שילטן זיי און לעסטערן, זיי און זייער אמונה.

„וואָס קומט איר צו מיר?" האָט ער גראָב אויסגעשריען. „איר'ט זיך דערוואוסט, האַ? דערוואוסט זיך, וואָס איך גיי מיט אייך טאָן? איך גיי אייך טובל זיין אין געזאַלצענעם וואַסער, און אויס מיט אייך. פּטור ווערן פון אייך, די זון זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען, וואָס זי דאַרף אָנקוקן אייערע פּרצופים. זאָלן די פיש הנאה האָבן, אויב זיי קאָנען נאָר הנאה האָבן פון יידן..."

די יידן האָבן אָנגעהויבן צו יאָמערן. אַראָפּגעלאָזן זיך פאַר אים אויף די קני און געהויבן צו אים די הענט און געבעטן פאַר זייער לעבן. אָבער דער קאַפּיטאַן האָט זיי נאָכגעקרימט און געלאַכט און ענדלעך אַרויסגעבייזערט:

„זאָל איינער פון אייך רעדן און לאָמיך הערן!"

זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף תם בן אמארא, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים מיט טרוקענע אויגן, נאָר מיט בעטנדיקע הענט און שעפּטשענדיקע ליפּן, און תם האָט אָנגעהויבן צו ריידן מיט הכנעהדיקן טאָן און מיט אַ האַרציקייט, וואָס האָט געדאַרפט רירן דאָס האַרץ פון דעם גזלן:

„יאָ, מיר האָבן זיך דערוואוסט פון דעם, וואָס דו האָסט פאַרטראַכט צו טאָן מיט אונז, און מיר האָבן געבעטן צו גאָט, ער זאָל דיך פאַרהיטן פון דער זינד..."

„פון וועלכער זינד?!" האָט דער קאַפּיטאַן אַרויסגעדונערט, אַזש די יידן האָבן זיך די קני אונטערגעבויגט. „וואָס רעדסטו צו מיר פון זינד, דו אומריינע לויז!"

„דו זאָלסט נישט פאַרגיסן קיין אומשולדיק בלוט," האָט תם ווייך און באַרואיקנדיק אָפּגעענטפערט.

„עס וועט נישט זיין קיין אומשולדיק בלוט", האָט דער

קאַפּיטאַן אַרויסגעשפּיִיט מיט פאַראַכטונג. „דאָס וועט זיין פאַר דאָס בלוט פון יעזוס, וואָס איר האָט פאַרגאָסן".

„מיר האָבן דאָס בלוט פון יעזוס נישט פאַרגאָסן", האָט תם שטיל געזאָגט, פאַרנאַנדערפּירנדיק מיט די הענט, וועלכע האָבן געדאַרפט דערקלערן די אומשולד־דערקלערונג. „מיר זיינען דאָך אפילו נישט געבאָרן געוועזן..."

„אָבער אייערע פאַרפלוכטע טאַטעס!" האָט דער קאַפּיטאַן אַרויסגעשריען.

תם האָט געענטפערט מיט דעם אויסדרוק פון גרויסער פאַר־וואונדערונג:

„ווי אַזוי איז עס מעגלעך? יעזוס איז געטויט געוואָרן אין ירושלים, און אונזערע טאַטעס האָבן געוואוינט אויף יענער זייט ירדן!"

„און דער הייליקער ירדן איז אין דער הייליקער ירושלים!" האָט דער קאַפּיטאַן אַרויסגעטריאומפירט.

„אָ, ניין, האר..." האָט תם אָנגעהויבן.

„זאָג מיר נישט ניין!" האָט ער אויפגעשטורעמט און אַ גרילציקן פייף געטאָן, די מאַטראָסן זאָלן זיך צונויפקומען.

די יידן, וואָס האָבן געהאַט איינגעהאַלטן זייער געוויין און געבעט און אַט דערבערמלעך צוגעשאָקלט מיט די קעפּ צו אַלץ, וואָס תם בן אמארא האָט געזאָגט, און אַט אויפגעציטערט פאַר דעם בייזן געשריי פון דעם קאַפּיטאַן, האָבן איצטער אויפגעהויבן אַ הימל־שפּאַלטנדיקן וויי־געשריי. נאָר תם האָט זיך נישט פאַר־לאָרן. ער האָט געוואוסט, אַז כל זמן ער קאָן נאָך ריידן, איז פאַראַן האָפענונג. ער האָט אַריבערגעשריען דעם געוויין און געזאָגט צום קאַפּיטאַן:

„צו וואָס זאָלסטו אומברענגען אומשולדיקע מענטשן? דו זעסט אונז אַרום ערגעץ־וואו אויף אַ וויסטן ברעג, ווייט פון שטאָט און מענטשן... קאָנסט אַראָפּזעצן, ווי מיר שטייען און גייען. מיר ווילן דאָך בלויז אונזערע לעבנס. איז וועלן מיר דאָרטן אויסשטאַרבן, וועט עס זיין פון גאָט, און דיין האַנט וועט בלייבן ריין."

דער קאַפּיטאַן האָט בייז געקוקט אויף אים, אָבער גאָרנישט געזאָגט. איבערגעלייגט זיך, איבערגעטראַכט, אַ פּיר געטאָן זיך איבער די וואָנצעס און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די אָנקומענדיקע מאַטראָסן, זיי זאָלן זיך צוגיין. דערנאָך בייז אָפּגעמרוקעט און פּאַראַכטלעך אַרויסגעשריען:

„אַוועק פון מיינע אויגן, שטנס קינדער!"

די יידן זיינען פון אים אַוועק פאַרלאָרענע, דערשלאָגענע. האָבן אַפילו נישט געוואוסט, צו זאָלן זיי זיך פרייען, וואָס זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן. זיינען זיי געראַטעוועט געוואָרן? וועט ער זיי טאַקע אַראָפּזעצן פון שיף? ווער ווייס, וואָס ער קלערט דאָרטן!

תם אליין איז געווען זיכער, אַז די טויט-גזירה איז שוין אָפּגעווענדעט.

„ער וויל דאָך בלויז אונזער האָב און גוטס", האָט ער דערקלערט. „ער האָט נאָר אָפּגעזען אויף אונזער געפּעק, אויף אַלץ, וואָס מיר האָבן אַוועקגענומען מיט זיך פון דער היים."

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָבן די יידן אָנגעהויבן אַרויסצוטאַפּן פון זייער געפּעק פאַרשיידענע ווערטפולע זאַכן און גע־זוכט צו באַהאַלטן זיי אַרום זיך. תם האָט זיי אָפּגעראָטן דער־פון.

„איר קאָנט נאָך חס-ושלום ערגער מאַכן," האָט ער גע־זאָגט. „זיי וועלן אונז געוויס אַרומזוכן, און ווער ווייס, וואָס זיי וועלן טאָן צו די, ביי וועמען זיי וועלן געפינען עפּעס באַ־האַלטנס."

אָבער מען האָט זיך צו אים נישט צוגעהערט און אים נישט געפאָלגט, און ווער עס האָט נאָר געהאַט וואָס צו באַהאַלטן, האָט עס באַהאַלטן. אין בערד האָט מען פאַרשטעקט, און אין לאַנגע פּרויען-האָר, און אין ערטער, וואָס טאָרן נישט אויפגעדעקט ווערן.

אַן אומרואיקע נאַכט געווען. מען איז פאַר מידקייט איינ־געשלאָפן, אָבער אָפט אויפגעכאַפּט זיך מיט ציטער און קאַלטן שווייס. די לופט אַרום די יידן איז געווען פול מיט קרעכצן

און זיפצן און שטילן געוויין און פאַרצווייפלטן געפּליסטער: וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? די נאַכט איז אַריבער, עס איז געוואָרן טאָג, נאָר דער ענטפער איז נאָך נישט געקומען. אָבער ווען די זון איז געשטאַנען אינמיטן הימל, האָבן די יידן דערזען, אַז זיי דערנעענטערן זיך צו לאַנד. אַ לאַנגער דינער פּאַס האָט זיך אינדערוויטנס אַרויסגעטיילט פון דעם וואַסער. האָבן זיי געוואוסט, אַז זיי וועלן באַלד אַרויסגעזעצט ווערן. אָבער וואו איז עס? וואָסער לאַנד איז עס? איז עס באַזעצט? איז עס וויסט? איז עס פעסטלאַנד אָדער אינזל? זיי האָבן זיך געפרעגט די פראַגן, אָבער האָבן די ענטפערס נישט געהאַט. די מאַטראָסן האָבן געשוויגן.

ווען דאָס שיף האָט זיך דערנעענטערט צו דער יבשה, האָבן אַלע, וואָס האָבן נאָר געהאַט גוטע אויגן, געקאָנט זען, אַז זיי ווערן צוגעפירט צו אַ וויסטן ברעג. ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט כאַפּן, האָט מען נישט געזען קיין סימן פון אַ ישוב, אָבער אויך נישט פון אַ בוים און נישט פון גרינעם גראָז. נאָר און גרוי די גאַנצע ערד, שטיינער און זאַמד ... די הערצער האָבן געדריקט, אין די העלדזער האָט זיך געוויין געשפּאַרט, די אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן. וואָס וועט זיין, גאָט דערבאַרעמער? וואָס וועט זיין?

מאַטראָסן האָבן אָנגעהויבן אויסצורופן מיט שווערע הייזעריקע שיכּורע שטימען, אַז די יידן זאָלן זיך צוגרייטן. זיי וועלן באַלד אַריינגעזעצט ווערן אין קליינע שיפלעך און צוגעפירט ווערן צום ברעג. זייער גאַנץ געפּעק זאָלן זיי לאָזן דאָ, גאָרנישט וועלן מיטצונעמען. אויב זיי האָבן אַרום זיך ווערטזאַכן, זאָלן זיי בעסער אָפּגעבן מיט גוטן, ווייל מען וועט זיי שטרענג אַרומזוכן.

האָבן די יידן, וואָס האָבן באַהאַלטן אַרום זיך פאַרשיידענע ווערט־זאַכן, געמאַכט זיך נישט הערנדיק. דאָס גאַנצע געפּעק וועלן זיי דאָ איבערלאָזן, ווייל זיי האָבן קיין ברירה נישט, אָבער וואָס זיי האָבן קונציק באַהאַלטן אַרום זיך, וועלן זיי נישט אַרויס־

געבן. ווען ארומזוכער געפינען, איז פארפאלן, אבער עס קען דאך זיין, אז זיי וועלן נישט געפינען...

איז געוועזן, אז ווען די זוכער האבן אנגעטאפט אין איין לאנגן באַרד באהאלטענע צירונג פון גאלד און דימענטן, האבן זיי דעם באהאלטער געשלאגן, ווי ער וואלט געווען א גנב, ביי וועלכן מען האט געפונען א גנבה. זיי האבן אים אפילו געוואלט אריינווארפן אין ים, אבער דער קאפיטאן האט נישט דערלאזן, כאטש דאס וואלט געווים נישט געווען קיין אומשולדיק בלוט...

ער האט נאר געהייסן אפשערן אים זיין לאנגע באַרד, וואס האט אים דערגרייכט ביז צום גארטל. האבן זיי שוין פאר איינס אפגעשארן אלע בערד — אלע איבער א גרויסן אויסגעשפרייטן ליילעך, און האבן געלאכט, ווען עפעס שווערס איז אראפגעפאלן מיטן באַרד צוזאמען, און באגלייט דעם באהאלטער מיט פעטש און קלעפ און בריק. און ווען זיי האבן געפונען טייערע שטיינער און ווערט־פאפירן אין די געדיכטע האר פון א פרוי, האבן זיי ביי אלע פרויען אפגעשארן די האר פון די קעפ, און גערעדט צו זיי דערביי מיט אזא לשון, וואס האט זייערע פנימער רויטער געמאכט, ווי ווען מען וואלט זיי געפאטשט. און ווען זיי האבן געפונען דימענטן פארנייט אין דעם זוים פון א מאנטל, האבן זיי אראפגענומען פון די יידן אלץ, וואס זיי האבן אויף זיך געטראגן, און געלאזן זיי גאנץ נאקעט, מוטערנאקעט און באַרוועס, מענער, פרויען און קינדער.

איין תם בן אמארא איז געבליבן אומבארירט. זיין באַרד איז נישט אפגעשארן געווארן, זיין קליידונג איז געבליבן אויף אים.

„לאזט אים," האט דער קאפיטאן באפוילן. „דער האט גארנישט ארום זיך באהאלטן."

אבער זיין פרוי און זיין טאכטער האט מען אפגעשארן די האר און אויסגעטאן נאקעט, ווייל דער קאפיטאן האט נישט געוואלט גלויבן, אז תם וויים, וואס זיין פרוי און זיין טאכטער האבן געטאן.

און אזוי האט מען זיי אלעמען ארויסגעזעצט נאקעט און

הייל אויפֿן ברעג פֿון ים, אויף אַן אומבאַוואוינטן אָרט, ווייט פֿון אַ ישוב. אָבער זיי האָבן גאָרנישט געטראַכט וועגן וואו און וואָס ווייטער. זיי זיינען אַלע דורכגענומען געווען פֿון דעם בושה־געפֿיל איבער זייער נאַקעטקייט. זיי האָבן נישט געקאָנט אויפֿהויבן די אויגן, געשעמט זיך אָנצוקוקן איינע די אַנדערע, געשעמט זיך פֿאַר דער זון און דעם הימל און דעם העלן טאָג, געקאָרטשעט זיך, געמאַכט זיך קלענער, צוזעצט זיך אויפֿן זאַמד, געפֿענטעט זיך די פֿיס, די הענט באַגראָבן צווישן די פֿיס, געהאַסט דעם אייגענעם קערפּער און געבעטן, עס זאָל שוין צופֿאַלן די נאַכט און צודעקן זיי מיט איר פֿינצטערניש.

אַ שיפֿל איז צוגעפֿאָרן, אָנגעלאָדן מיט טליתים און אַרבע־כּנפֿותן. די מאַטראָסן האָבן אַרויסגעוואָרפֿן די טליתים און אַרבע־כּנפֿותן אויפֿן ברעג.

„נאַט!" האָבן זיי געשריען. „דער קאַפּיטאַן איז גנעדיק צו אייך. איר קאָנט זיך איצטער, זאָגט ער, לאָזן באַגראָבן."

אָבער ווער וועט צוטראָגן די טליתים, אַז מען קאָן זיך ניט רירן פֿון אָרט? תּם בן אמאַראַ איז שוין געווען אויפֿן וועג. ער און זיין פֿרוי, וועלכע האָט געהאַט אויף זיך זיין לאַנגן ראָק, און זיין טאָכטער, אויף וועלכער ער האָט אָנגעטאָן זיין העמד. און קליינע יינגלעך האָבן גובר געווען אין זיך די בושה, זיינען אויפֿגעשפּרונגען פֿון זייערע ערטער און, מיט איין האַנט פֿאַר־דעקנדיק זיך, געלאָפֿן צו די טליתים און אַרבע כּנפֿותן, און צו־זאַמען מיט די אמאַראַס געבראַכט זיי צוטראָגן. אַ גרויסע צאָל טליתים און אַרבע כּנפֿותן.

יידן האָבן פֿרום געקושט די ציצית מיט פֿאַרטרערטע אויגן, אַרויסגעריסן די ציצית פֿון זייערע לעכער, צעריסן די טליתים און די אַרבע כּנפֿותן און צוטיילט די שטיקער צווישן דעם גאַנצן עולם. און מענער, פֿרויען און קינדער האָבן פֿאַרדעקט די טיילן פֿון דעם קערפּער, וואָס דאַרפֿן פֿאַרדעקט ווערן, מיט שטיקער טלית און אַרבע כּנפֿות. די ציצית האָבן געמוזט דינען פֿאַר שטריקלעך און בענדלעך.

איצטער האָט מען זיך דערפֿילט פֿרייער און אָנגעהויבן

ארומצוקוקן זיך. זיי האָבן געזען פאַר זיך נאָר מדבר, און דער טרוקענער ווינט האָט זיי נישט צוגעטראָגן דעם מינדסטן גערוך פון אַ ישוב.

איז וואוהין גייט מען? אין וועלכער זייט פאַרנעמט מען זיך?

זיי וועלן גיין מיטן ברעג אין דער זייט, וואוהין דאָס שיף איז אוועק. זיי וועלן זיכער אָנשלאָגן זיך אָן דער האַפּנשטאָט, וואו ער האָט זיי געפירט.

אַך, געוויס האָט דער גזלן זיי אַראָפּגעלאָזט נישט צו נאָענט צו דער שטאָט! ווער ווייס, ווי לאַנג זיי וועלן דאַרפן גיין! אפשר טעג און טעג...

און ווי דער געדאַנק וועגן טעג און טעג איז נאָר אויפגע־קומען, האָט מען אַ טראַכט געטאָן וועגן עסן און מען האָט זיך דערפילט שטאַרק הונגעריק. מען האָט פון איבערפרי אָן נאָך גאָרנישט געגעסן, און צו פרישטיק האָט מען געגעסן זייער ווי־ניק, ווייל מען האָט געוואָלט, עס זאָל בלייבן וואָס מערער אין די זעק. זיינען די זעק געבליבן ביים גזלן אין די הענט... איז וואָס וועט מען עסן?

מען האָט זיך צעשפּרייט איבער דער געגנט. אפשר שפּראָצט עפּעס אַרוים פון דער ערד, וואָס וועט זיי כאָטש ווי־פיל עס איז זעטיקן... אפשר האָט גאָט צוגעגרייט דאָ פאַר זיי מן פון הימל... ער וועט דאָך נישט זיין אַזוי שלעכט צו זיי און לאָזן זיי דאָ אויסשטאַרבן, נאָכדעם ווי ער האָט דערוויכט דאָס האַרץ פון דעם גזלן, ער זאָל זיי לאָזן לעבן.

זיי זיינען אוועק אויף זייער זוכעניש מיט האָפענונג און זיינען זיך צונויפגעקומען צוריק מיט פאַרצווייפלונג. ווי ווייט זיי זיינען געגאַנגען, האָבן זיי אפילו אַ גרעזל נישט געפונען! אויפן ברעג פון ים זיינען געלעגן אַרויסגעוואָרפן טויטע פיש און מושל־פישלעך. זיינען זיי אַלע געווען טריף... און ווי קאָן מען זיי עסן רוי און לעבן בלייבן?

איז וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? יאָ, אויב טרערן זעטיקן, וועלן זיי שוין זיין זאַט!

און איינער אַ מיטליעריקער קליינער ייד מיט אַ צוקריפּלטן רויטן בערדל האָט אַ זאָג געטאָן צו בן אמאראַן:

„אַ גוטע עצה האָסטו אים געגעבן, בן אמאראַ, ער זאָל אונז אַראָפּזעצן אויף אַ וויסטן ברעג. האָסט אָפּגעראַטעוועט זיינע הענט, זיי זאָלן נישט פאַרגיסן קיין אומשולדיק בלוט, אָבער אויף אונז האָסטו אָנגעבראַכט אַ לאַנגזאַמען הונגערטויט. און ווער וויים, וואָס פאַר אַ טויט מיר וועלן דאָ נאָך שטאַרבן. זיינען דען ווייניק ווילדע חיות פאַראַן אין דעם מדבר? פּויזען דאָ אַרום ווייניק שלאַנגען?״

און ווען ער האָט עס אַזוי גערעדט, האָבן בייזע אויגן גיפטיק געקוקט אויף תמען, און עס איז אַוועק אַ געמורמל:

„ווער האָט אים געבעטן צו געבן אַזאַ עצה? ווער האָט אים בכלל געבעטן צו ריידן? ווער האָט אים געמאַכט פאַר אונזער מליץ? דאָס האָט ער אַריינגעטאָן אין דעם קאַפּיטאַן דעם געדאַנק וועגן אונזער האָב און גוטס! דאָס האָט ער אים אויפגעטאָן, ער זאָל אונז אַראָפּלאָזן נאַקעט און הייל!... דערפאַר האָט ער אים געלאָזן זיין קליידונג!״

תמס ווייב און טאָכטער האָבן זיך געכאַפּט פאַר די קעפּ פון אַזעלכע רייד און שאַרף דערוווידערט: האָט ער נישט געוואָרנט, אַז מען זאָל נישט זוכן צו באַהאַלטן גאָרנישט אַרום זיך, ווייל מען וועט נאָך ערגער מאַכן? האָבן זיי אַליין נישט געוואוסט, וואָס דער קאַפּיטאַן איז אויסן? ווי קאָן מען אַזוינס ריידן?...

אָבער תם האָט זיי באַרואיקט: „וואָס דאַרפט איר שרייען? גאָט וויים דעם אמת.״ און ער האָט געזאָגט, אַז אַלע זאָלן הערן: „אַלץ קומט פון גאָט. ער האָט אונז אַרויסגעראַטעוועט פון די הענט פון דעם קאַפּיטאַן, און ער וועט אונז אָפּראַטעווען פון הונגער. און אויב מיר וועלן דאָ צושטאַרבן פון הונגער, וויל ער, אַז מיר זאָלן צושטאַרבן פון הונגער. מיר וועלן שטאַרבן מיט דעם טויט, וועלכן ער האָט אָנגעגרייט פאַר אונז, וועלכן ער האָט אונז פאַרשריבן ראש השנה און אָנגעחתמעט יום־כיפור. זיין ווילן וועט געשען.״

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, און זי איז געווען קאַלט און גרויליק. מען האָט געציטערט פאַר קעלט, געזען געשטאַלטן, געהערט ווילדע חיות, געפילט שלאַנגען אַרומפּויזען, דער גערויש פון די כוואַליעס איז געווען ווי דער גערויש פון אַנפאַלנדיקע מחנות. מען האָט פאַרגעסן דעם הונגער, די ציינער האָבן געקלאַפּט פאַר קעלט און שרעק, און מען האָט גאָר מורא געהאַט צו צומאַכן די אויגן.

בן אמארא איז אַרומגעגאַנגען צווישן דעם עולם און באַרואיקט:

„שלאָפט, שלאָפט, איך וועל וואַכן."

מען האָט אָנגענומען זיין אָנבאָט מיט פיינטלעכקייט, זיין שטים האָט אַרויסגערופן בייזקייט, אַ כעסדיקער געמורמל האָט אים אָפּגעענטפערט. אָבער מען האָט זיך דאָך צולייגט שלאָפן.

מען האָט זיך אויסגעלייגט אין אַ קרייז. די מענער דרויסן, די פרויען אינמיטן, און צווישן די מענער און די פרויען דאָס יונגוואַרג — די קינדער צוגעדריקט איינס צום אַנדערן, געוואָרעמט פון ביידע זייטן דורך די עלטערן. מען האָט געקרעכצט, געוויינט, געטרייסלט זיך פאַר קעלט, ענגער געטוליעט זיך איינער צום אַנדערן, און מען איז ענדלעך איינגעשלאָפן.

תם בן אמארא האָט געוואָלט האַלטן וואַרט און געוואַכט. ער איז געזעסן און האָט געזאָגט תהלים אויף אויסווייניק. פאַר זיך און פאַר אַלעמען. תפילה געטאָן און געגאָסן ביטערע טרערן. אָבער לסוף אויך איינגעשלאָפן, אַ צוגעטוליעטער צו זיין פרוי און טאָכטער. וואָס זיינען געלעגן איבערגעדעקט מיט זיין ראָק.

די זון איז אויפגעגאַנגען איבער מידע שלעפער. אירע וואַרעמע שטראַלן האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבער די נאַקעטע מענטשן און אויפוועקן זיי איינעם נאָך דעם אַנדערן. ווען די נאַקעטע האָבן אויפגעעפנט זייערע אויגן, האָבן זיי קודם־כּל דערזען זייער נאַקעטקייט און געשעמט זיך, נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, ווי אויפצושטיין, געצויגן אויף זיך די שטיקלעך טליתים, געוואָלט זיי גרעסער מאַכן. מען האָט זיך אָנגעהויבן צונויפרוקן משפּחותווייז — אין דער אייגענער משפּחה

האָט די נאַקעטקייט נישט אַזוי באַשעמט, — און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אַלע אויגן.

אָבער אַ נייער טאָג — נייע האָפענונגען, און מען איז דאָך עפּעס יידן. מען איז צו צום וואַסער און אָפּגעוואַשן הענט און געזיכט, און אָנגעהויבן צו שעפּטשען ברכות און תפילות. מען האָט זיך זשענירט פאַר דעם הימל און דעם הימל־באַוואוינער, פאַר די פרומע ווערטער פון די תפילות. מען האָט געהויבן צום הימל הענט און אויגן, אַנטשולדיקט זיך פאַר דער נישט־גע־וואָלטער נאַקעטקייט. אָ, זיי האָבן נישט געוואָלט שטיין פאַר אים במעט אָפּגעדעקטערהייט! ער ווייס דאָך, ווי זיי פילן!

דאָך גראָד ביי די תפילות איז אויפגעפאַלן, אַז תם בן אמאַראַ שטייט פאַר גאָט אין הויזן און ארבע כנפות, און זיין פרוי איז אָנגעטאָן אין זיין ראָק, און זיין טאָכטער אין זיין העמד. אויך ביי דער נאַכט זיינען זיי געוועזן צוגעדעקט... אָ, ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו וואַכן, און צו היטן, אַז מען זאָל פון זיי נישט אַראָפּשלעפּן דעם צודעק!...

די פיינטזעליקייט, וואָס האָט זיך באַוויזן צו אים נעכטן פאַרנאַכט, איז אויפגעשטיגן, פאַנאַנדערגעוואַקסן זיך. מען האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצורוקן פון אים און זיין פרוי און טאָכטער, נישט אומקוקן זיך אויף זיי, נישט ריידן מיט זיי. ווען מען האָט באַשלאָסן צו רירן זיך אין וועג, האָט מען זיך מיט אים נישט צונויפגערעדט, זיין עצה נישט געפרעגט, און מען איז געגאַנגען אָפּגעזונדערט פון אים. און אַז זיין פרוי הדסה האָט זיך נאָך אַ פּאָר שעה גאַנג דערפילט זייער שוואַך און נישט געקאָנט ווייטער גיין, האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט און קיינער איז נישט געבליבן שטיין און וואַרטן. מען איז אַוועק, אַוועקגעאיילט און געלאָזן תם, זיין ווייב און זיין טאָכטער אַליין אין דעם איינזאַמען מדבר.

„אַלץ פון גאָט! אַלץ פון גאָט!" האָט ער געטרייסט זיין פרוי, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד און מיט שרעקאויגן נאָכגעקוקט די אַוועקגייענדיקע, און זיין טאָכטער, וואָס האָט באַהאַלטן איר געזיכט אויף דער ליגנדיקער מוטער.

„אפשר געדארפט אוועקגעבן דעם מאנטל," האט הדסה שוואך ארויסגערעדט.

„האבן זיי אים דען געבעטן?" האט תם ווי פארענטפערט זיך. „און דו ביסט פון אלעמען די שוואכסטע."

ער און רינה האבן צונויפגעפלאכטן זייערע הענט ווי א שטול, הדסה האט זיך ארויפגעזעצט, און זיי זיינען לאנגזאם אוועק אין די פוסטריט פון דעם גאנצן עולם. אין זייער נייעם צער האבן זיי זייער הונגער פארגעסן, און דער מוז האט זיי גע־געבן כוח ווייטער צו גיין.

ווען די זון איז אריבער דעם מיטן הימל, האבן זיי דער־הערט הינטער זיך פוס־טריט פון א שווערער חיה. ווען זיי האבן זיך אומגעקוקט, האבן זיי דערזען אן אנקומענדיקן אראבער אויף א קעמל.

„א ישועה!" האט תם פרום ארויסגערעדט און צוגעגעבן שטילער און אומזיכער: „אפשר א ישועה..."

זיי זיינען שטיין געבליבן, אראפגעלאזן הדסהן אויף דער ערד און אפגעווארט דעם אראבער. ווען ער האט זיך אויסגע־גלייכט מיט זיי, איז ער נישט שטיין געבליבן, געוואלט, דאכט זיך, פארבייררייטן. אבער ווען תם און רינה האבן אויפגעהויבן צו אים די הענט מיט בקשה, האט ער זיך גוט איינגעקוקט אין זיי, איז אראפ פון קעמל און ברייט שמייכלענדיק געלאזן זיך גיין צו זיי. צוגעקומען, אנגעקוקט די דריי, לאנג און גיריק אנגע־קוקט די מיידל, און איז אוועק צוריק צום קעמל. מיט פאר־צווייפלונג האבן די דריי אים נאכגעשריען: „האר! האר!" געבעטן זיך, ער זאל זיי דא נישט איבערלאזן, אבער ער האט זיך א מאמענט געעוסקט ארום דעם קעמל און איז באלד צוריק־געקומען מיט א שטריק אין האנט. די דריי האבן אים פאר־וואונדערט אנגעקוקט. וואס זאל די שטריק באדייטן?

ער האט אונטערגעטראגן די שטריק צו רינהן און געזאגט:

„בינד דיין טאטן הענט און פיס!"

רינה האט אויפגעשריען, אנגעכאפט זיך אן טאטן און גע־יאמערט: „ניין! ניין! ניין!"

דער אַראַבער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם א שאַרף מע־סער :

„בינד אים אָדער איך טויט אים !"

„איך טאָר נישט . . . עס איז קעגן כיבוד אָב !" האָט זיך די מיידל געבעטן.

„בינד אָדער . . ."

„בינד מיך, טאָכטער, בינד מיך, די עבירה איז נישט דיינע," האָט תּם ווייך געזאָגט און אויסגעשטרעקט צו איר זיינע הענט.

זי האָט געוויינט און געבונדן. דער אַראַבער האָט צוגעזען, זי זאָל ריכטיק פאַרבינדן. תּם און הדסה האָבן אָן אַן אויפהער געקרעכצט : „רבונו של עולם ! רבונו של עולם ! . . ." זיי האָבן דערוואַרט עפּעס שרעקלעכעס, דאָס שרעקלעכסטע. „רבונו של עולם, דערלאָז עס נישט ! . . ."

ווען רינה איז פאַרטיק געוואָרן מיטן בינדן, האָט דער אַראַ־בער באַהאַלטן דאָס מעסער צוריק אין בוזים, מיט א בריק מיטן פוס אַוועקגעלייגט תּמען, א וואָרף געטאָן זיך צו רינהן מיט תּאווהדיקן געלעכטער, אָנגעכאַפּט זי, אָפּגעשלעפּט זי עטלעכע טריט, א וואָרף געטאָן זי אויף דער ערד. דאָס שרעקלעכסטע איז געקומען. טאָכטער, פאָטער און מוטער האָבן געשריען ווי באַנומענע, גערופן נאָך הילף. הדסה האָט זיך געשטאַרקט, א הייב געטאָן זיך און געפאַלן צוריק, געבליבן ליגן אין חלשות. תּם האָט אומגעוואָרפן מיט זיינע געבונדענע גלידער, געוואָלט אויפטרייסלען א קניפּל, אָפּבינדן זיך. דער אַראַבער האָט תּאווה־דיק געלאַכט, געקנורט, געזעטיקט זיך. ווען ער האָט זי אָפּ־געלאָזן, איז רינה געבליבן ליגן אָן א באַוועגונג, אָן א טאָן אַרויס־געבנדיק פון זיך, אַזוי גוט ווי טויט.

דער אַראַבער איז אַוועק צו זיין קעמל, לאַכנדיק, אונטער־טענצלענדיק. ווען ער האָט זיך געוואָלט אַרויפזעצן אויפן קעמל, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף די דריי, א לאַך געטאָן איבער דעם זיך צאַפּלענדיקן ייד, אָנגעשטעלט זיין בליק אויף דער מיידל, געקוקט לאַנג און פּלוצלונג געלאָזן זיך גיין צו איר. זי איז געלעגן ווי טויט, אָבער זי האָט דערפילט דעם אַראַבער לעבן זיך, אויפ־

געריסן די אויגן מיט גרויסן שרעק און ארויסגעלאָזן אַ מורא־דיקן געשריי, פון וועלכן תם איז געבליבן ליגן גאַנץ פאַרגלי־ווערט. דער אראַבער האָט ארויסגענומען זיין מעסער און דער־שטאָכן זי.

תם האָט ווילד אויפגעשריען:

„גזלן! רוצח! פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? צו וואָס האָסטו דערהרגעט אַ האַלבטויטן מענטשן?!"

דער אראַבער האָט געענטפערט מיט כעס:

„זי וואָלט טראָגעדיק געוואָרן!... אַ קינד געהאַט!... מיין קינד וואָלט אויפגעבראַכט געוואָרן אין אייער פאַרפלוכטער, גאָטלאָזער, פאַלשער אמונה!... טפו!..."

ער האָט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אויסגעשפּיגט מיט האַרץ און בייזקייט, ארויפגעזעצט זיך אויפן קעמל און אַוועק־געריטן, וויגנדיק זיך און זינגענדיק אַ שבח צו אַללאַ, דעם אמתן גאָט, וואָס מחמד איז זיין נביא...

תם האָט זיך צוגערוקט צו זיין פרוי.

„הדסה!... הדסה!..."

ער האָט ארויפגעלייגט זיין געזיכט אויף איר געזיכט, גע־אָטעמט איבער איר, געדריקט איר דעם נאָז, געלאָזן איר פילן זיינע ציינער, און ענדלעך געבראַכט זי צו זיך. זי האָט אויפ־געעפנט די אויגן, אָנגעקוקט אים מיט גרויסן שרעק און אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ צו דער טאָכטער.

„הדסה, מיין ווייב." האָט תם געקרעכצט, „האָסט נאָך אַ ביסל כוח, בינד מיר אויף מיינע הענט."

ער האָט זיך צוגערוקט מיט זיינע הענט צו אירע הענט. זי האָט קוים געקאָנט אַ ריר טאָן מיט אַ פינגער. אָבער זי האָט געוואוסט, אַז זי מוז עס טאָן, און אָנגענומען זיך מיט דעם לעצטן ביסל כוח. צום גליק, איז דער קניפּל, וואָס די טאָכטער האָט פריער געמאַכט, נישט געווען פעסט. גרינג גענוג פאַר איר אָנשטרענגונג. ווען זי האָט אים אָפּגעקניפּלט, איז זי ווי־דער געבליבן ליגן ווי אין חלשות.

מיט באַפרייטע הענט האָט תם שנעל באַפרייט זיינע פיס

און איז צוגעלאָפן צו זיין טאָכטער. זי איז געווען טויט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פאַר איר אויף די קני, מיט די הענט אויפן קאָפּ, און ביטער געיאָמערט:

„רינה! רינה! טאָכטער מיינע! מיין איינציקע! שוואַר־צאַפּל פון מיין אויג!..."

ער האָט דערפילט אַ גרויסע שוואַכקייט אין זיך — אָט־אָט בלייבט ער ליגן. האָט ער זיך אויפגעטרייסלט, אויפגעהערט צו וויינען, אַ פּיר געטאָן מיט די הענט און אַרויסגעקרעכצט:

„מען מוז מקבר זיין..."

אָבער גראָבן אַ קבר איז געווען אוממעגלעך, האָט ער צו־נויפגעשאַרט זאַמד און צוגעדעקט זי, און שטיינער אָנגעלייגט אויפן זאַמד און ביי די זייטן, דער ווינט זאָל נישט פאַנאַנדער־טראָגן דעם זאַמד, און אַ מצבה זאָלן זיי זיין. ווען ער איז פאַר־טיק געוואָרן, האָט ער אָפּגעזאָגט קדיש, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן. ווען ער האָט זיך געווענדט צו גיין צו זיין פרוי, האָט ער זיך געשטאַרקט און אויפגעהערט צוּוויינען. יאָ, איצטער מוז ער שטאַרק זיין, און זי מוז שטאַרק זיין. לעבט זי נאָך?

הדסה האָט נאָך געלעבט. קוים געלעבט. האָט אים נישט געזען, נישט געפילט. אירע אויגן זיינען געווען אָפן, געקוקט ערגעץ אין אַ ווייטקייט, אָבער אין זיי איז נישט געווען מער קיין באַוואוסטזיין. ער האָט צו איר גערעדט, ווי זי וואָלט אים גע־הערט און פאַרשטאַנען.

„אַלץ איז פון גאָט... אַלץ איז פון גאָט... יתגדל ויתקדש שמיה רבא... מיר לעבן נאָך, מוזן מיר לעבן... מוזן מיר ווייטער גיין..."

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער זון. ווי ווייט איז עס אין טאָג? די זון איז נאָך געשטאַנען הויך אין הימל. עס וועט נאָך זיין אַ גוטע פּאָר שעה טאָג. דאַרף מען גיין. אפשר נישט ווייט אַ ישוב. זיצן בלייבן איז טויט, גיין איז האָפענונג...

„הדסה, מיר וועלן גיין," האָט ער גערעדט איבער זיין ווייב. „דו קאָנסט נישט גיין, וועל איך דיך טראָגן... ביזט מיר אַ זיסע משא, הדסה... לייג אַרויף דיינע הענט אַרום מיין נאַקן..."

אָבער זי האָט נישט געמאַכט די קלענסטע באַוועגונג. ער האָט אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט, געבעטן זיך בײַ איר מיט די אויגן, זי זאָל אַרויסווײַזן כאָטש אַ ביסל לעבן, נישט געקאָנט אָננעמען, אַז זי איז שוין אַזוי גוט ווי טויט.

„ניין, דו קאָנסט נישט,‟ האָט ער פאַר איר געענטפערט. „וועל איך אַליין.‟

ער האָט גענומען אירע הענט, געמאַכט זיך נישט וויסנדיק, אַז זיי זײַנען זייער קאַלט, איבערגעלייגט זיי איבער זײַנע פּלייצעס, אַרויפגעצויגן זי אויף זײַן רוקן און אויפגעהויבן זיך מיט איר. שיר נישט געפאַלן, אָבער דאָך אײַנגעהאַלטן זיך אויף די פיס און אָנגעהויבן צו גיין. צוגעגאַנגען צום קבר.

„לאָמיר זיך צוזעגענען מיטן קבר, הדסה,‟ האָט ער געזאָגט. „איך האָב אויפגעשטעלט אַ גוטע מצבה. אַז גאָט וועט אונדז העלפן, וועלן מיר קומען אויפן קבר פון אונזער טאָכטער... רו אין פרידן, טאָכטער... רינה אײַנציקע... הצור תמים פעלו... גאָט, זײַן טאַט איז פולקומען... האָסט זיך געזעגנט, הדסה?‟

ער האָט זיך צוגעהערט, צוגעדרייט צו איר דעם קאָפּ. הדסה האָט נישט געענטפערט, אָבער אים איז געווען, ווי זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און דאַכט זיך אויך אויפגעזיפצט. איז נישט אַ טרער אַראָפּגעפאַלן אויף זײַן קאָפּ פון אירע אויגן? פון זײַנע אויגן האָט אַ כוואַליע געטאָן אַ טרערן־גאָס. דיקע שווערע טראָפּנס זײַנען געפאַלן אויפן זאַמד בײַם קבר־בערגל. ער האָט זיי שנעל אײַנגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן:

„וועלן מיר גיין... וועלן מיר גיין, הדסה... כל־זמן עס איז נאָך טאָג...‟

ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף הינטן, אַרויפגעלייגט זיי אויף הדסהן, עס זאָל זײַן לײַכטער צו טראָגן. די הענט האָבן פאַרבלאָנדזשעט אונטער זײַן ראָק, וואָס איז געווען אויף איר, דערפילט איר נאַקעטן קערפּער. ער איז אַ ביסל מבולבל געוואָרן, אָבער באַלד באַרואיקט זיך מיט דעם, וואָס דער ראָק פאַרדעקט זי און זײַנע הענט, שטאַרקער צוגעדריקט זי צו זיך, אַוועקגע־שפּרייזט און גערעדט, געוואָלט אַרײַנריידן אין הדסהן מוט און שטאַרקונג:

„מען דאַרף בענטשן גאָט פאַר דאָס שלעכטע, ווי פאַר דאָס גוטע... זיין טאַט איז פולקומען, ווייל אַלע זיינע וועגן זיינען גערעכטיקייט... דו הערסט מיך, הדסה?... גאָט איז געוועזן גוט צו אונז אַלע יאָרן... דערמאָנסט זיך אונזער יוגנט, הדסה?... אונזער חתן־כּלה־צייט?... וויפיל גוטסקייט, וויפיל פרייד... האַ, הדסה?... און דערנאָך... דערנאָך.... די אַלע יאָרן... האַ, הדסה?... גוטע יאָרן געוועזן... געליבט איז גאָט פאַר זיי... יאָ, הדסה?... אַזוי פיל רואיקייט און שלום און פרנסה... גוטע, גוטע יאָרן... נישט, הדסה? זאָגסט עפּעס, הדסה?“

ער האָט זיך אַ רגע צוגעהערט, צוגעדריקט זיינע פינגער צו איר נאַקעטקייט, געזוכט אַ סימן פון לעבן. זיין האַרץ איז אים שטיין געבליבן.

„הדסה! הדסה!“

ער האָט זי פאַרזיכטיק אַראָפּגעשטעלט אויף דער ערד, ארומגעכאַפּט זי, אריינגעקוקט זיך אין איר.

זי איז געוועזן טויט. אירע אָפענע אויגן האָבן פאַרגליווערט געקוקט פאַר זיך. אירע שיינע גרויסע ברוינע אויגן — פון זיי האָבן נישט אַרויסגעשיינט די ליבע ליכט, וואָס האָבן דאָרטן שטענדיק געברענט, נאָר די זון האָט אין זיי אריינגעשיינט, גע־שטאָכן זיי מיט אירע שטראַלן־שפּיזן, און זיי האָבן נישט גע־בלינקט. טויטע, נישט־זעענדיקע אויגן. תם האָט זיי צוגע־מאַכט און אַוועקגעלייגט זי אויף דער ערד.

„ברוך דיין האמת!“ זיינע אויגן זיינען געוועזן טרוקן. ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט גע־שען, און האָט שווער געאָטעמט. אויף דאָס האָט ער זיך נישט גערעכנט... ניין!... אוממעגלעך!... ער האָט געטרייסלט דעם טויטן קערפּער, געוואַרעמט אים מיט די הענט, גערעדט, געוועקט... דער קערפּער איז געוואָרן קאַלטער, שטייפער... יאָ,... טויט...

„הדסה! הדסה!...“

ער האָט זיך עפּעס דערמאָנט און אַרומגעקוקט. יאָ, אָן איז דער קבר פון זיין טאָכטער. נאָך נישט ווייט אַוועק פון אים. ער האָט גוט איינגעוויקלט זיין פרוי אין זיין ראָק, אַרויפגעלאָדן זי

אויף זיך און אוועקגעטראָגן צום קבר פון זיין טאָכטער. אראָפּ־געגומען שטיינער, אראָפּגעשארט זאמד, צוגעלייגט די מוטער צו דער טאָכטער. „אזוי... אזוי אָנגעשריבן געוואָרן... נישט געטאָרט צושיידט ווערן..." ער האָט אָנגעטראָגן מער זאמד און שטיינער, פארשאָטן, באשטייניקט, אָפּגעזאָגט קדיש... ווען ער האָט גע־ענדיקט, איז שוין געווען נאכט. א העלע נאכט. אויפן שיף האָבן זיי נאָך מקדש געווען די לבנה. וואָס איצטער?

ער האָט זיך אראָפּגעזעצט אויף דער ערד ביים קבר. ער וועט באטראכטן וואָס איצטער. אָבער ער האָט נישט געקאָנט טראכטן. עפּעס א ריזיקע טרויער־שווערקייט אין אים. א דער־דריקנדיקע טרויער־שווערקייט, און ער קאָן גאָרנישט טראכטן. ער האָט זיך צוגעדריקט צום קבר. עס האָבן זיך א שאָט געטאָן אויף אים שטיינער און זאמד, אָבער עס האָט אים נישט געארט. אפשר טאקע גלייכער אזוי... פארשאָטן ווערן... ער האָט זיך ענגער איינ־געדריקט אין דעם זאמדהויפן. נעכטן האָט ער זיך אזוי צוגע־טוליעט צו ווייב און טאָכטער... ערשט נעכטן ביידערנאכט... און זיי האָבן געלעבט... און איצטער... אָט... זיין הארץ האָט אין אים געוויינט.

זונענשטראַלן האָבן אים אויפגעוועקט. ווען ער האָט אויפ־געעפנט די אויגן, האָט ער זיך פארוואונדערט, וואָס ער זעט אזא העלע וועלט ארום זיך, און שטיל אזוי, און רואיק. נאָר אין אים אליין אזא שווערע טרויער־משא... ער האָט זיך א באוועג־געטאָן, עס האָבן זיך א שאָט געטאָן שטיינער און זאמד.

ער האָט זיך דערמאָנט. ניין, ער איז נישט פארשאָטן גע־וואָרן. גאָט וויל עס נישט. ער איז אויפגעשטאנען, גענומען זיך גוטצומאכן די צושטערונג... און אפשר זאָל ער איצטער נאָך מער אראָפּשיטן און נאָך אמאָל א קוק טאָן אויף ווייב און טאָכ־טער? ניין, ניין!... דאָס טוט מען נישט... וואָס פארשאָטן איז פארשאָטן!... ער האָט געארבעט פיבעריש, צוריק אויפגעשטעלט קבר און מצבה, אָבער די טרויער־משא אין אים האָט ארויסגעפּלאצט אין א יללה.

ווען ער האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט ער אויפגעהויבן

די אויגן צום הימל און מיט געבראָכענער שטימע געזאָגט:

„רבונו של עולם, האָסט אַ סך געטאָן, וואָס האָט מיך געקאָנט אוועקרייסן פון דיר, אָבער איך בין אַ ייד און איך וועל בלייבן אַ ייד אַפילו קעגן דיין ווילן... און אַלע יסורים, וואָס דו האָסט אויף מיר געבראַכט און וועסט נאָך אויף מיר ברענגען, זיינען גאַנץ אומזיסט . . ."

ער האָט אַ קוש געטאָן דעם קבר, צוערשט ביי דער זייט פון זיין פרוי, דערנאָך ביי דער זייט פון זיין טאָכטער, און אוועקגע־לאָזן זיך אין וועג. ער האָט אַנטדעקט די פוס־טריט פון דעם קעמל און איז אוועק נאָך זיי. דער מערדער פון זיין טאָכטער וועט אים ברענגען צו אַ ישוב.

יאָ, ער וועט דערגיין, דערגיין . . . ער האָט קיין הונגער נישט געשפּירט, און עפּעס האָט אים געטריבן, געטריבן. ווען ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג, האָט ער זיך אומגעקוקט אויפן קבר. ווי איינזאַם! ווי אַליין! . . . וועט די מצבה אויסהאַלטן? וואָס, ווען זי וועט צוטראָגן ווערן? ניין, ניין, דאָס טאָר נישט געשען!... דער זאַמד וועט אפשר צוטראָגן ווערן פון ווינט, אָבער די שטיינער וועלן בלייבן... ער האָט אָנגעלייגט זייער אַ סך שטיינער... זיי זיינען גוט פאַרדעקט, זיינע טייערע... אָבער ער וועט נאָך קומען צו זיי, וועט זיי אוועקנעמען פון דאַנען, ברענגען זיי צו קבר ישראל...

„צו קבר ישראל! . . . דו הערסט? . . . איך וועל פון דיר נישט אָפּלאָזן, רבונו של עולם! . . . וועסט מיך פון דיר נישט פאַריאָגן . . . פון דיין פאָלק נישט פאַרטרייבן . . . וועל בלייבן אַ ייד . . . דו הערסט! . . . . דיר וועט נישט געלינגען, גאָט! . . . דיר וועט נישט געלינגען! . . ."

ער איז אוועק מיט גרויסן אימפּעט. ווי געטריבן, ווי געטריבן...

1939.

# פאַרן ברענענדיקן ליכט

דאָס איז געשען אין פראַנקרייך, אין דער שטאָט באָדאָן.
אין וועלכן יאָר?

דער יידישער היסטאָריקער האָט פאַרגעסן אָנצוגעבן דאָס יאָר. פיליכט אויך נישט געהאַלטן עס פאַר נויטיק. וואָרעם אַז מען וואָלט אים געפרעגט: „ווען איז דאָס געשען?" וואָלט ער געוויס געענטפערט מיט אַן איבערפרעג: „און ווען האָט עס נישט געקאָנט געשען?"

ער וואָלט אויף אַזאַ אופן געמאָגט נישט אָנגעבן אויך לאַנד און שטאָט. וואָרעם אַז איר זאָלט מיך פרעגן: „וואו איז דאָס געשען?" וועל איך אייך איבערפרעגן: „און וואו האָט עס נישט געקאָנט געשען?"

די הויפּט־זאַך: דאָס איז געשען. דאָס און נאָך אַנדערע שרעקן, איינער גרעסער פאַרן אַנדערן, אין פאַרשיידענע לענדער און אין אַלע צייטן, ביז אויף היינטיקן טאָג.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז איך וויל אייך וואָס דערציילן פון יידישע צרות, יידישע פאַרפאָלגונגען, פון בייזע צוטראַכטע־נישן, אויף וועלכע טויטלעכע רשעות קאָן נאָר קומען.

איז הערט די מעשה.

אין איין שיינעם טאָג... איז דער טאָג טאַקע געוועזן שיין?... אין פראַנקרייך, זאָגט מען, זיינען אַלע טעג שיין... אָבער פאַר די יידן פון דער שטאָט באָדאָן איז יענער טאָג גאָר קיין שיינער נישט געוועזן. וואָרעם ווי די זון איז אויפגעגאַנגען און האָט פאַנאַנ־דערגעשאָטן אירע שטראַלן איבער די הייזער און די גאַסן פון דער שטאָט, האָבן זיך צושפּרייט באַוואָפנטע מענער איבער דער יידי־שער גאַס, אריין מיט רעש אין די יידישע הייזער און, אין נאָמען

פון דעם גראַף און אַרציבישאָף, דעם באַלעבאָס פון שטאָט, באַ־פוילן די יידן, זיי זאָלן גיין מיט זיי אויפן שטאָט־מאַרק. אַלע — מיט פרוי און קינד. אַפילו מיט קינדער ביי די בריסט פון זייערע מוטערס. און אַפילו די קראַנקע זאָלן זיי מיטנעמען.

די איבערראַשטע יידן האָבן נאַטירלעך געפּרואווט פרעגן: פאַרוואָס? נאָך וואָס? וואָס גייט מען מיט זיי טאָן?

אָבער די באַוואָפנטע מענער האָבן גראָב און בייז געענט־פערט:

„איר וועט שוין אויסגעפינען!"

האָבן די יידן אָנגענומען, אַז מען גייט זיי אַרויסטרייבן פון שטאָט, און געבעטן, מען זאָל זיי געבן צייט איינצופּאַקן זיך, און דערווייל געשטופּט אין די קעשענעס אַלץ, וואָס האָט געקאָנט אַריינקריכן אין זיי. אָבער די באַוואָפנטע מענער האָבן זיי גע־צוואונגען אויסצוליידיקן די קעשענעס, אַפילו אַרויסצולייגן וואָס איז דאָרטן געלעגן פון פריער.

„איר דאַרפט גאָרנישט מיטנעמען ווי נאָר אייערע לייבער," האָבן די מענער געזאָגט.

אַפילו זייערע הויזשליסלעך האָבן זיי געמוזט אַוועקגעבן זייע־רע טרייבער, וועלכע האָבן צוזאַמענגענומען די יידן אין איין הויפן און געטריבן זיי צום מאַרק, ווי פּאַסטוכער טרייבן זייערע סטאַדעס. געטריבן זיי אין איילעניש, פון שפּאַס־וועגן, און גע־לאַכט איבער די, וואָס האָבן זיך ספּאָטיקעט אין שנעלן גאַנג. אַפילו די, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך קינדער און קראַנקע, האָבן געמוזט שנעל שפּרייזן, נישט געטאָרט אָפּשטיין און אָפּשטעלן זיך. אָבער די פרויען, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאַנגזאַמען זייערע שריט צוליב זייערע לאַנגע קליידער, זיינען געוועזן דאָס ציל פון שמוציקע ווערטער, וואָס האָבן זיי פּשוט געוואָרפן פון די פּיס.

נישט קיין גרויסע קהילה געוועזן. אַן אַכציק נפשות. דער עיקר געלט־לייער און סוחרים, וואָס האָבן געפירט געשעפטן אין שטאָט און איר אַרום, ווי אויך אין די דערבייאיקע לענדער, אין איטאַליען, דייטשלאַנד און דער שווייץ. אַ רב, אַ זייער אַלטער מאַן, וואָס איז אויך געוועזן שוחט, מוהל און חזן. דריי לערנער,

וואָס זיינען געקומען פון ערגעץ ווייט, ווייל זיי האָבן געזוכט זייער אויסקום אין די פאַרשיידענע שטעט און לענדער, וואו עס זיינען געוועזן יידן, וועלכע האָבן הנאה געהאַט, וואָס די תורה ווערט געלערנט אין זייער קהילה און גאַטס וואָרט ווערט ביי זיי נישט פאַרגעסן—דריי וואַנדער־באָכרים, וואָס האָבן אויך געהאָפט, אַז ערגעץ־וואו וועלן זיי זיך אָנשלאָגן אויף טאַטעס, וואָס האָבן טעכטער, פאַר וועלכע זיי ווילן לערנער פאַר מענער. עטלעכע בעל־מלאכות: אַ שניידער, צוויי שוסטער, אַ גאָלדשמיד, אַ בלעכער. און אויך אַ פידלשפּילער, וואָס האָט געשפּילט אויף חתונות און אַזוי אויף שמחות און איז דערצו געוועזן אַ שערער, אַ בלוט־אָפּלאָזער, אַן עין־הרע־אָפּשפּרעכער און ציינוויייטיק פאַררייידער. ווען מען האָט אים געטריבן פון זיין שטוב, האָט ער מיטגענומען זיין פידל.

„זי איז אַ לעבעדיק וועזן,״ האָט ער דערקלערט זיינע טרייבער. „זי רעדט ביי מיר, טאַנצט ביי מיר, וויינט ביי מיר.״

און די טרייבער האָבן געהאַט מיט אים איינזעעניש. געלאָזן אים נעמען די פידל.

„אַז עס וועט זיך אונז פאַרוועלן טאַנצן, וועסטו שפּילן,״ האָבן די איינע געזאָגט, און אַנדערע האָבן פילדייטיק אַרויסגעבייזערט: „וועסט שוין דאָרט שפּילן!״

אויפן מאַרק האָט מען זיי צוגעטריבן האַרט צו די טרעפּ פון דער קירך. זיי האָבן שוין געמיינט, אַז מען וויל זיי אַריינטרייבן אין דער קירך, און עס איז אַריין ווידערווילן און עקשנות אין זייערע באַוועגונגען. זיי האָבן געמאַכט שריט פאַראויס, אָבער עס האָט זיי געצווינגן אויף צוריק. דאָס וועלן צוריק איז געלעגן אין יעדן פוס און אין יעדן אַקסל. זייער גאַנג איז געוואָרן אומזיכער, ווי זיי וואָלטן נישט געוואוסט, צו דאַרפן זיי מאַכן דעם טראָט אָדער נישט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן איינער אָן אַנדערן, פּלאָנטערן זיך איינער דעם אַנדערן אונטער די פיס, ווי קיינער פון זיי וואָלט נישט געוואוסט, אין וועלכער זייט ער דאַרף מאַכן זיין טראָט. קיינער האָט נישט געוואָלט גיין אין דער פאָדערשטער שורה, די פאָדערשטע שורה האָט געוואָלט זיין די לעצטע. דער

אַלטער רב, וואָס איז דעם גאַנצן וועג געגאַנגען אינמיטן פון דעם הויפן, איז ווי אַרויסגעשטופּט געוואָרן נאָך פאָרנט, און אפשר האָט ער זיך אַהין אַליין דורכגעשטופּט. ער וועט גיין פאָראויס, ער וועט פירן. ביי די טרעפּ וועט ער שטיין בלייבן. ער וועט בשום אופן אין דער קירך נישט אַריין. דאָ וועט זיין זיין סוף. און ער האָט זיך דערפילט נאָך שטאַרקער, ווען צו אים האָט זיך צוגעשטעלט דער יינגסטער פון די דריי לערנער.

אָבער זיי זיינען אַלע שטיין געבליבן ביי די טרעפּ. מען האָט זיי ווייטער נישט געטריבן. די באַוואָפנטע מענער האָבן זיי אַרומ־גערינגלט פון אַלע זייטן. געוואַרט אויף עפּעס, אויף אימיצן.

די יידן האָבן אָנגעהויבן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און צו פרעגן איינער דעם אַנדערן, וואָס קאָן עס זיין, וואָס דערוואַרט זיי דאָ, וואָס וועט געשען. מען האָט זיך געשטופּט צום רב, געוואָלט הערן פון אים. אפשר וויים ער מיט זיין חכמה?

און דער אַלטער מאַן האָט געענטפערט:

„איר פרעגט מיך, ווי איך וואָלט עפּעס געוואוסט, אָבער איר ווייסט פּונקט ווי איך, אַז קיין גוטס מיינט עס נישט. עס וואַרט אויף אונז אַ שווערע גזירה, און מיר דאַרפן געפאַסט זיין אויף דאָס ערגסטע. איז זאָג איך אייך אָן און פאַרשווער אייך: וועט מען אויף אונז גוזר זיין צו פאַרלאָזן שטאָט און היים, וועלן מיר פאַרלאָזן, ווייל מיר האָבן קיין ברירה נישט. וועט מען אָבער אויף אונז גוזר זיין צו פאַרלאָזן אונזער אמונה, וועלן מיר נישט פאַרלאָזן, און אַז מען וועט דאַרפן מקדש השם זיין, וועלן מיר מיט שמחה מקדש השם זיין."

אַ ציטער ווי פון אַ גרויסער קעלט איז דורכגעגאַנגען דורך דעם עולם, אָבער דער פידלער האָט אַ זאָג געטאָן צו דעם „לע־בעדיקן וועזן" אונטער זיין אָרעם:

„דו הערסט, מיין פידל!"

און עס איז געוועזן עפּעס אין דעם קלאַנג פון זיין שטים, וואָס האָט געמאַכט צו פאַרהאַלטן טרערן און אויסצוגלייכן רוקנס און צוזאַמענצובייסן ציינער און פאַסן אַ פעסטן באַשלוס.

די קירכנטיר האָט זיך אויפגעעפנט, און צוויי מאַנאַכן אַנגעטאָן

אין שוואַרץ האָבן אַרויסגעטראָגן אַ הויכן מעשענעם לייכטער, אין וועלכן עס האָט געשטעקט אַ גרויס נאָך נישט אָנגעצונדן וועקסנ־ליכט, אַוועקגעשטעלט אים אויבן אויף די טרעפּ און צושטעלט זיך פון זיינע ביידע זייטן, פרום צונויפגעלייגנדיק די אָראָפּגעלאָזטע הענט און קוקנדיק שטרענג אויף דעם יידנהויפן צופוסן פון די טרעפּ. באַלד איז אַרויסגעקומען דער פירסט־אַרצבישאָף, אָנגעטאָן אין זיינע עבודה־קליידער, באַגלייט פון אַ סוויטע גלחים און משוררים, אַלע אין זייערע עבודה־קליידער. דער אַרצבישאָף איז מיט לאַנג־זאַמע שריט צוגעגאַנגען צום לייכטער, געבליבן שטיין הינטער אים, מיט בייזן בליק באַקוקט דעם יידנהויפן.

די יידן האָבן זיך צונויפגערוקט, ענגער צוגעדריקט זיך איי־נע צו די אַנדערע. איצטער וועלן זיי שוין אַלץ וויסן. די הער־צער האָבן געצאַפּלט — די האַלטונג פון דעם אַרצבישאָף, וועמען זיי האָבן שטענדיק גערופן „רשע", איז געווען אַ טויט־אורטייל. דער פידלער האָט צוגעדריקט צו זיך זיין פידל און אויפגעזיפצט. עס איז געווען אַלעמענס זיפץ.

דער אַרצבישאָף האָט אָנגעהויבן צו ריידן מיט אַ שטאַרקער שטרענגער שטים:

„הער מיך, יידן־געזינדל! זעט, איך צינד אָן דאָס ליכט און זאָג אייך אָן: איר האָט צייט אָנצונעמען אונזער הייליקן גלויבן, דעם אמתן גלויבן פון אונזער האַר יעזוס קריסטוס, וועמען איר האָט פאַרפייניקט אויפן קרויץ, און ראַטעווען אייערע אומנוצלעכע לעבנס, אַזוי לאַנג ווי דאָס ליכט דאָ וועט ברענען פאַר אייך. וועט עס אויסברענען און איר וועט בלייבן אין אייער עקשנות, פאַר־שלאָסן ווי אַ פינצטערע גרוב פאַר דעם גרויסן ליכט פון אונזער האַר יעזוס קריסטוס, וועל איך דעמאָלט הייסן אָנצינדן אייך. אָט דאָ וואו איר שטייט, וועט איר אַרומגעלייגט ווערן מיט האָלץ און איר וועט אַלע צוזאַמען פאַרברענט ווערן, אָט ווי איר שטייט דאָ פאַר מיר. האָט איר מיך פאַרשטאַנען?"

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. שאַרפער אָנגעקוקט די יידן, צוגעהערט זיך צו זיי. געוואַרט אויף עפּעס אַ וואָרט, אַ באַוועגונג, אימיצער וועט אויפשרייען, צוואויינען זיך, פּלוצעם אַרויסטרעטן

פֿון דעם הויפֿן און צו די טרעפּ. אָבער די יידן האָבן געשוויגן, און קיינער פֿון זיי האָט זיך נישט אַ ריר געטאָן. ווי זיי וואָלטן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט זיי געזאָגט. ער האָט איבערגע־חזרט בייזער, אומגעדולדיקער:

„געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, נעמט זיך עס אַריין אין קאָפּ. ביז דאָס ליכט וועט אויסברענען אינגאַנצן, האָט איר צייט צו ראַטעווען זיך און אייערע נשמות. ווען דאָס ליכט אויס־ברענען, וועט איר זיך נישט קאָנען מער ראַטעווען, און איר אַליין וועט ברענען. ברענען און פֿאַרברענט ווערן, ווי דאָס ליכט, וואָס וועט האָבן אויסגעברענט!"

אַ שוואַרצער מאָנאַך איז אַרויסגעקומען פֿון הינטער דער קירך און האָט אים צוגעטראָגן אַ לאַנגע בײַ איין שפּיץ ברענענ־דיקע שפּאָן. דער אַרציבישאָף האָט אָנגענומען די שפּאָן און גע־ווענדט זיך צו די יידן:

„דאָרטן, פֿון וואַנען די דאָזיקע ברענענדיקע שפּאָן קומט, ווערן איצטער צוגעגרייט אַ סך ברענענדיקע שייטלעך האָלץ. זיי וועלן אַלע אונטערגעלייגט ווערן אונטער אייך, אויב איר וועט אַפֿריער נישט אָנגעצונדן ווערן מיט דעם פֿייער פֿון אונזער הייליקן קריסטלעכן גלויבן. זעט, איך צינד אָן דאָס ליכט!"

ער האָט צוגעטראָגן דעם ברענענדיקן עק פֿון דער שפּאָן צום ליכט, געהאַלטן, ביז דער קנויט האָט זיך אָנגעכאַפּט און צו־ברענט. אַ קליין פֿלעמל האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן, קוים באַמערקבאַר אונטער די שטראַלן פֿון דער זון, וועלכע האָבן אין פֿולער קראַפֿט באַגאָסן דעם גאַנצן מאַרק. אַ קליין ווינטל האָט איינגעבויגן דאָס פֿלעמל צו די יידן צו, ווי צו באַווייזן זיי עס, אָבער דאָס פֿלעמל האָט זיך באַלד ווידער אויסגעגלייכט און איז פֿאַר־שוואונדן אין איר אומקענטיקייט. נאָר אַ דינער ווייסער רויך, וואָס האָט אַרומגעטאַנצט איבער דעם פֿלעמל, און אַ בערגעלע צושמאָלצענער וואַקס, וואָס איז אָנגעוואַקסן אַרום דעם פֿלעמל, האָבן געלאָזט וויסן, אַז דאָס ליכט ברענט... יידישע פּנימער האָבן זיך פֿאַרפֿינצטערט, יידישע הערצער האָבן אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן, יידישע פּיס האָבן דערפֿילט שוואַכקייט, אָבער ווייט

נישט אַלע. און קיינער פון זיי האָט קיין טאָן נישט אַרויסגעגעבן, קיינער האָט זיך נישט אַ באַוועג געטאָן.

דער אַרצבישאָף האָט אַוועקגעגעבן די ברענענדיקע שפּאָן צום מאָנאַך, וועלכער האָט זי געבראַכט, און הויך אַרויסגערעדט צו אים:

„צינד אָן מיט איר נאָך מער שייטלעך!"

דער מאָנאַך איז אַוועק מיט דער שפּאָן, פונוואַנען ער איז געקומען. געגאַנגען לאַנגזאַם און ווירדיק, מיט טריט פון הייליקער עבודה, און געטראָגן די שפּאָן מיט גרויסער וויכטיקייט — די שפּאָן, וואָס האָט אַזוי פיל זוכה געווען.

דער אַרצבישאָף האָט אַרויסגעפּרעפּלט אַ תפילה, געלויבט זון און מוטער און הייליקן גייסט, איבערגעצלמט זיך און דעם גאַנצן מאַרק און דערנאָך שאַרף אַרויסגערעדט צו די באַוואָפנטע מענער:

„איר היט זיי דאָ! לאָזט קיינעם נישט אַוועקקומען. און איך בין אייך מתרה: זיי זיינען פּעאיק צו וועלן אייך אונטער־קויפן, לאָזט זיך פון זיי נישט אונטערקויפן, אויב איר ווילט נישט ברענען מיט זיי צוזאַמען. געדענקט, אַז אַלץ, וואָס איר וועט נעמען בּיי זיי, איז געגנבעט פון מיר און פון דער הייליקער קירך, וועמען זייער האָב און גוטס וועט געהערן. היט זיי גוט! איין וועג נאָר לאָזט זיי פריי — דעם וועג אַהער אַרויף צו דער קירך. וועט ווער פון זיי מאַכן אַ טראַט אַהער אַרויף, זאָלט איר זען, אַז די אַנדערע זאָלן אים נישט פאַרהאַלטן. קאַרגט זיי נישט קיין קלעפּ, אויב זיי וועלן זיך שטעלן קעגן אייך. ווייטער טשעפּעט זיי נישט. לאָזט זיי רואיק שטיין און טאָן דאָ, וואָס זיי ווילן, אַזוי לאַנג ווי דאָס ליכט וועט ברענען."

ער האָט נאָך אַמאָל איבערגעצלמט זיך און דעם מאַרק און איז אַוועק צוריק אין דער קירך אַריין, און זיינע באַגלייטער נאָך אים.

די גרויסע קירכנגלאָק האָט אָפּגעקלונגען. אַ שווערער, דיקער קלונג, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די לופט און אָנגעוואָרפן אַן אימה. מען האָט געוואַרט אויף נאָך אַ קלונג, אָבער ער האָט גע־

לאָזן אויף זיך וואַרטן אַ גאַנצע מינוט. און אַזוי דער דריטער און דער פערטער און אַלע איבעריקע. אַ שווערער קלונג, וואָס האָט אַרויסגעדריקט אַ שווערע שטילקייט.

פון הינטער דער קירך האָבן שוואַרצע מאַנאַכן אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן שייטער האָלץ, בוימערצווייגן, קלעצער, ברעטער. געגאַנגען מיט זיי שווער און פּאַמעלעך, ווי אין טאַקט צום לאַנג־זאַמען גלאָקנקלונג, און לאַנגזאַם אויסגעלייגט זיי אַרום די יידן, אָנגעהויבן אויפצושטעלן די מזבח־ווענט פון דריי זייטן, די קירכנ־זייט געלאָזן אָפן.

אָ, דער גלח־פּירשט האָט נישט געשפּאַסט! יידישע פּנימער זיינען בלייך געוואָרן. אָבער אַלץ נאָך וויט נישט אַלע.

דער שניידער, צום ביישפּיל, האָט אַריינגערוקט זיינע הענט אין די אַרבל פון זיין ברייטן מאַנטל, אַרויפגעדריקט זיי אויף זיין ברוסט און אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם אויסדרוק פון ביטול, וואָס האָט געדאַרפט זאָגן, אַז ער ווערט נישט נתפּעל, און קיינער דאַרף נישט נתפּעל ווערן, ווייל ברענען אויפן פייער איז דאָך ביי יידן די געוויינלעכסטע זאַך... ער האָט חוזקדיק צוגעוואונ־קען צו די, מיט וועמעס אויגן ער האָט זיך אָנגעטראָפן. און צוגע־שאָקלט צו זיי מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיי געזאָגט: וואָס קען דאָ מער זיין? ברענען איז ברענען... און די בליקן פון איין שוסטער, און די בליקן פון דעם בלעכער, ווי אויך די בליקן פון אַ פּאָר סוחרים האָבן אים אָפּגעענטפערט מיט רואיקייט, גלייכ־גילטיקייט, נישט־פאַרלאָרנקייט. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף זיין ווייב, אָבער זי האָט נישט געקוקט אויף אים. זי האָט אַריינ־גענומען זייערע ביידע קינדער — צוויי יינגלעך — צווישן זיך און איר מאַן, צונויפגעדריקט זיך מיט זיי. צוגעגרייט זיך אויפצוגיין מיט זיי אין איין פייער. דער שניידער איז געוועזן צופרידן מיט זיין ווייב. איצטער האָט ער זי ווידער אמת ליב געהאַט, ווי אין איר כלה־צייט. ער האָט זיך נעענטער צוגעדריקט צו די דריי.

אויפן מאַרק אַרום די יידן איז שוין געוועזן אַ גרויסער עולם. אַלט און יונג, מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפלויפן, צו זען, וואָס עס וועט געשען מיט די יידן. אַ קייט

פון באוואָפנטע מענער האָט זיי געהאַלטן וואָס ווייטער פון די יידן: אַ ייד זאָל זיך ניט אַרויסכאַפּן און פאַרשווינדן צווישן זיי, און אַז אויך קיינער פון זיי זאָל ניט געניזוקט ווערן פון דעם גרויסן פייער, וואָס וועט דאָ ברענען אַרום די יידן. זיינען געשטאַנען די אָנגעלאָפענע, פול געשפּאַנטקייט און דערוואַרטונג, אין שווערער שטילקייט, וואָס דער לאַנגזאַמער שווערער גלאָקנקלונג האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי. זיי האָבן נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דעם יידנהויפן, שאַרף צוגעהערט זיך, יעדע רגע דערוואַרט עפּעס, אָט-אָט וועט איינער אָדער איינע פון דעם יידנהויפן אַ באַוועג טאָן זיך און דורכשפּאַרן זיך צו די טרעפּ... וואו איז דער באַוועג? אין וועלכער זייט פון דעם הויפן וועט זיך עס אָנהויבן?... די אויגן ווערן מיד פון קוקן אין פאַרשיידענע זייטן אויף פאַרשיידענע יידן. ווערסטו?... ווען ווערסטו?... פאַרוואָס באַוועגסטו זיך נישט?... פאַרשאָלטענער!... ווי דאָס שטייט און באַוועגט זיך נישט!...

זיי וואָלטן אַריבערגעשריען צו די יידן, אָבער דער שווערער קלונג ליגט זיך ווי אַ שלאָס אויף די ליפּן. די קירך ווייס, וואָס זי טוט. רייד וועט אַרויסרופן קעגנרייד. אָבער דער לאַנגזאַמער לוויה-קלונג וועט מוזן צוברעכן די יידישע עקשנות. נאָר ווען? וואו און ווער איז דער ערשטער?...

שווערע געשפּאַנטקייט. שווער אָטעמענדיקע אומגעדולד. בייזע בליקן.

דער יידנהויפן איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט.

גאַנץ פאָרנט דער אַלטער רב — אַ מיטלוואוקסיקע, געבויגענע גרייז-גרויע געשטאַלט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, די אויגן אונטער לאַנגע ברעמען אַראָפּגעלאָזן אָדער צוגעמאַכט, אום נישט צו קוקן אויף דער תיפלה קעגן אים, זיין פּולם האָט געצייכלט די פלאַקערס פון דעם ברענענדיקן ליכט: נישט קוקנדיק האָט ער געזען, ווי דאָס ווערט קלענער און קלענער, נישט קוקנדיק וועט ער וויסן, ווען עס וועט קומען דער סוף. קוים באַמערקבאַר האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון דער פאָרנסטער שורה. ער האָט געוואָלט האָבן אַלעמען הינטער זיך. שטייענדיק אין פאָראויס, האָט ער זיך גע-

וואָלט מאַכן ברייט, וואָס ברייטער, ווערן אַ וואַנט צווישן דער קירך און זיין עולם. און מיט אַלע זיינע נערוון האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס עס טוט זיך הינטער אים. באַוועגט זיך ווער? זאָגט וואָס ווער? וועט אימיצער חס־ושלום אַרויסקו־מען הינטער אים, פאַרביילויפן פאַרביי אים און אַרויף צו דער קירך? ווער, זאָל גאָט משמר ומציל זיין, וועט עס זיין? ער האָט געקענט יעדן איינעם און יעדע איינע אין דעם עולם הינטער זיך. געוואוסט די שטאַרקע אין גאָט — אָ, זיי וועלן ביישטיין דעם נסיון! און ער האָט געוואוסט די שוואַכע, און זיין האַרץ האָט אין אים געציטערט. צו זיי האָט ער זיך אַמשטאַרקסטן צו־געהערט, כאָטש ער האָט נישט געוואוסט, וואו זיי שטייען. גע־וואָרפן געדאַנקען־פעדים פון זיך צו זיי, גערעדט צו זיי. געבעטן פאַר זיי...

צווישן די סוחרים פאַראַן אַזעלכע... צווישן די יינגערע פון זיי... דער רייכסטער פון אַלעמען דונש בן שלום, אַ געלטלייער און געלטוועקסלער... ער און זיין פרוי... עולם הזהניקעס ביידע... וואָס טראַכטן זיי דאָרטן?... וואָס גייט פאָר צווישן זיי?... וואָס שעפּ־טשען זיי זיך צו? וואָס ווינקען זיי זיך צו?...

און די דאָרטן, די געפּאַרבטע שיינע פרוי יאָלאַנדאַ, וועלכע האָט געהאַט פריינט צווישן די יונגע מענער אין די קריסטנגאַסן...

און דער פידלער... אַך, וואָס מען האָט צורעדט אויפן פיד־לער!... אַ שוואַך ריטל אויפן בוים פון פאָלק ישראל...

אָבער דער פידלער, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן הויפן, האָט גראָד איבערגעריסן די שטילקייט:

„זיי דערוואַרטן דאָך, אַז איך וועל זיך דורכשטופּן צו די טרעפּ און אַרויף און אַריין, וועלן זיי עס ביי מיר נישט דערלעבן!"

ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די סטרונעס פון זיין פידל, אַרויסגעריסן אַ קרעפּטיקן, מוטיקן צו־להכעיס אַקאָרד און אָנגעהויבן דורכצושטופּן זיך נאָך הינטן.

„וואָס ווייטער פון דער קירך," האָט ער געזאָגט. „און אַ פיד־לער דאַרף האָבן פּלאַץ פאַר זיינע עלנבויגנס." און צו די, צווישן וועלכע ער האָט זיך דורכגעשטופּט, האָט ער געשעפּטשעט: „טוט

תשובה... טוט תשובה... כל־זמן דאָס ליכט ברענט, האָט איר צייט."

באוואָפּנטע מענער, וואָס זיינען געשטאַנען הינטן, האָבן באַמערקט, אַז אַ ייד שטופּט זיך דורך נאָך הינטן. זיי האָבן זיך צונויפגערוקט, גרייט איבערצוכאַפּן אים, אויב ער וועט מאַכן אַ פּאַרזוך צו אַנטלויפן. אַרויסקומענדיק אין דער הינטערשטער שורה, האָט ער באַמערקט זייערע בייזע בליקן און זייער גרייטקייט.

„איך אַנטלויף נישט... איך אַנטלויף נישט," האָט ער זיי געזאָגט. „נישט נאָך פאָרנט און נישט נאָך הינטן. איך האָב זיך נאָר פאַרבענקט נאָך אייך... העעע!"

ער האָט עס אַרויסגעגאָרגלט מיט עקל און געוואָלט זיך אומדרייען צו זיי מיטן רוקן, אָבער ער האָט באַמערקט דאָס אָנגעלייגטע האָלץ פאַר זיינע פיס און אַרויסגערעדט:

„הם, גוט ברענהאָלץ!... נאָר איך וואָלט געוואָלט אויף פידלען... אויף אַ סך פידלען... אויף אַ שייטערהויפן פון פידלען, און איך אויבן מיט מיין פידל... נאָר איר וועט דען טאָן, וואָס איך וויל? העע!..."

ער האָט עס אַרויסגעגאָרגלט מיט פאַראַכטונג און אויסגעדרייט זיך מיטן רוקן צו די שומרים. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן ליכט.

„זי ברענט, זי ברענט, די קעריץ," האָט ער געזאָגט. „אַז מען קוקט נישט, איז גלייכער. וואָס דאַרף מען וויסן, ווען?..."

ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, צוגעמאַכט די אויגן, און אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער די סטרונעס פון זיין פידל מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט.

דער רב האָט אויפגעכאַפּט זיינע ערשטע ווערטער, געהערט דעם אויפקלאַנג פון די סטרונעס און פרום אָפּגעדאַנקט גאָט. אַז דער איז אַזוי שטאַרק!

דונש בן שלום איז געשטאַנען אין דער צווייטער שורה, נישט ווייט פון דעם רב, מיט פאַרריסענעם קאָפּ און אויסגעגלאָצטע, דערשראָקענע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויפן ליכט און ערגעץ ווייטער, זיין געזיכט טויט־בלאַס און געעלטערט, די איינצלנע

גרויע האָר אין זיין אַרומגעשאָרענעם שווארצן בערדל זיינען גע־וואָרן קענטיקער און דאכט זיך מער, די הענט אויפגעהויבן ווי אין אַ פאַרגליווערטן פרעגן: ווי איז עס געשען? איז עס מעגלעך?

ער איז אַ סך מאָל אויף זיין שווערן יידישן לעבנסוועג פאַר־כאַפּט געוואָרן פון איבערראַשונגען, אָבער יעדעס מאָל האָט זיין גוטער קאָפּ און שאַרפער שכל אַרויסגעהאָלפן אים אַליין און אויך אַנדערע יידן. אָבער איצטער וואָס קאָן ער טאָן מיט קאָפּ און שכל? אויב אימיצער קוקט אויף אים און דערוואַרט אַן עצה, האָט ער אים גאָרנישט וואָס צו זאָגן. זיין קאָפּ איז פּוסט. נישטאָ אויך וואָס צו טראַכטן, וואָס צו קליגן זיך. עס איז שמדן זיך אָדער ברענען. נישט טראַכטן, נאָר אַנטשליסן זיך. און דער אַנטשלוס איז עפּעס אַזוי ווייט. ער ווייס נישט, ווי קומט מען צו אים צו.

שמדן זיך און לעבן בלייבן... אָבער שמדן זיך דאַרף מען קאָנען. עס איז ווי אַריבערשפּרינגען איבער אַן אָפּגרונט. ניט אַלע קאָנען עס, אפילו ווען פון הינטן לויפט נאָך אַ ווילדע חיה. אַ סך ווערן פאַרברענט אין אַ ברענענדיקן הויז, ווייל זיי האָבן נישט דעם מוט אַרויסצושפּרינגען פון פענצטער...

ער איז נישט געווען פרום. יאָ, ער האָט אַ סך זאַכן נישט אָפּגעהיט. אַ סך זאַכן וויסנדיק און ווילנדיק געטאָן פאַרקערט, ווי אַ ייד דאַרף זיי טאָן. אָבער אויב ער האָט אָפט פאַרפעלט די שול, האָט ער שטענדיק מיט ווידערווילן אַוועקגעקוקט פון אַ קלויסטער. אויב ער האָט צומאָל געגומען ליכט דעם יידישן גאָטס נאָמען, זיינען די נעמען פון די קריסטלעכע גאָטהייטן שטענ־דיק געווען פאַר זיינע אויערן אַ וויטיק און אַ פּיין. און איצטער האָט גאָר אויפגעכוואַליעט אין אים אַן אומרו, און אַ שרעק האָט אין אים אויפגעציטערט איבער דעם, וואָס ער איז נישט גע־ווען גענוג פרום...

איז וואָס וועט זיין?... וועט ער זיך לאָזן פאַרברענען? יונג נאָך, אין די דרייסיקער... און רייך... מיט גוטע אויסזיכטן און פּלענער אויף שטאַרק צו פאַרגרעסערן זיין עשירות. דאָס נייע געשעפט, וואָס האָט זיך אים אָנגעבאָטן אין די לעצטע טעג... אַ

פאַרפּלאָנטערט געשעפט מיט אַ סך ריזיקע, אָבער ווען עס זאָל אים געלינגען דאָס דורכצופירן, יעמאָלט — אָ, יעמאָלט!...

זיין געזיכט איז נישט מער טויט־בלאַס, זיינע אויגן האָבן פאַרלאָרן דעם שרעק. דונאַש בן שלום איז פאַרטאָן געוואָרן אין דעם נייעם געשעפט, האָט גענומען פאַנאַנדערפּלאָנטערן אַלע שווע־ריקייטן, אַריבערקליגן אַלע שטערונגען און געפאַרן...

זיין ווייב, וואָס איז געוועזן קליין אין וואוקס און פאַרגאָסן מיט שמאַלץ, האָט ליב געהאַט צו באַהענגען זיך מיט אַ סך צי־רונג. אויפן קאָפּ און איבערן שטערן, אויפן האַלז און אויף דער ברוסט, אויף די אויערן און אויף די פינגער פון ביידע הענט און אויף ביידע האַנטגעלענק — אַ צירונג־געשעפט, אַ געשעפט פון גאָלד און בריליאַנטן. זי פלעגט אפילו שלאָפן מיט שטיקער צי־רונג אויף זיך. ווען די באַוואָפנטע מענער זיינען אָנגעקומען צו דונאַשן, האָט זי גענומען אָנטאָן אויף זיך איר גאַנצע צירונג. די מענער האָבן זי געצוואונגען אויסצוטאָן פון זיך אפילו איר קדושין־רינג. אויפן וועג צום מאַרק־פּלאַץ האָט זי געפילט, ווי זי וואָלט געוועזן נאַקעט, און געקרעכצט און געיאָמערט אין שרעק איבער איר צירונג. זי האָט זיי אפילו פאַרשלאָסן אין איר מיט אייזן באַשלאָגענעם קאַסטן, און ווען זי האָט געמוזט אָפּגעבן די שליסעלעך, האָט זי דעם קאַסטן־שליסל שנעל און קונציק פאַררוקט צו זיך אין די געדיכטע האָר — אָ, ער ליגט דאָרטן, זי פילט אים!

— אָבער דער הויזשליסל איז דאָך געבליבן אין פרעמדע הענט, און גאָט ווייס, וואָס עס איז דאָרטן געשען מיט דעם קאַסטן און איר צירונג!...

זי האָט קוים באַנומען, וואָס דער אַרצבישאָף האָט גערעדט, און ערשט ווען די מאָנאַכן האָבן אָנגעהויבן אָנצוטראָגן זייער האָלץ, איז איר קלאָר געוואָרן, אַז זי וועט שוין איר צירונג נישט זען צוריק, אפילו ווען זיי ליגן נאָך רואיק אין דעם קאַסטן. איר איז געוואָרן פּוסט און טרויעריק אויפן האַרצן. פאַרברענט ווערן, נישט זען מער די אַלע שיינע ווערטפולקייטן!... אומגעווינטשטע יורשים וועלן זיי טראָגן... פאַרוואָס נישט שמדן זיך?... יאָ, ליבער שמדן זיך!... וואָס ווייס זי פון דער יידישער אמונה? זי הענגט

בלויז אָן איר צירונג!... ווען זי וועט אומקערן זיך אַהיים, וועט זי זיי אָנטאָן און קיינמאָל מער נישט צושיידן זיך מיט זיי... און אויב חס־ושלום איר צירונג איז שוין צוגענבעט, וועט זי איבער־קערן די גאַנצע שטאָט, ביז זי וועט האָבן איר צירונג צוריק. זי וועט שוין זיין אַ קריסטין, און וועט פאַר קיינעם נישט מורא האָבן...

זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן אויף איר מאַן... זיין געזיכט האָט געלויכטן, אין זיינע אויגן איז געלעגן אַ שמייכל... אָ, זי דאַרף אים נישט צוריידן צו שמד! ער טראַכט עס איצטער אַליין... איז טאַקע נאָך גלייכער... זאָל ער עס אַליין באַשליסן... זאָל ער עס נע־מען אויף זיך... זי וועט אים פאָלגן, ווי אַ גוט ווייב... זי האָט צו־גערוקט צו זיך נעענטער אירע ביידע יינגלעך, גרייט צום גאַנג צו די קירכנטרעפּ.

אָבער דער אַלטער רב האָט גראָד תפילה געטאָן, אַז גאָט זאָל שטאַרקן דאָס האַרץ פון דונאַש בן שלום און דאָס האַרץ פון זיין פרוי, ווי אויך דאָס האַרץ פון דער שיינער פרוי יאָלאַנדאַ...

די שיינע פרוי יאָלאַנדאַ איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן איר מאַן, אַ סוחר און געלטוועקסלער, איר געזיכט באַהאַלטן אויף זיין ברוסט, אַ פּאַרלאָרענע, אַ צורודערטע, און געוויינט, געוויינט. נישט אויס מורא פאַרן פייערטויט, נאָר אויס רחמנות אויף זיך אַליין. זי האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, איר ליכטזיניקייט אין לעבן, די פרייהייט, וועלכע זי האָט זיך דערלויבט, דאָס שפּילן זיך מיט דער געפאַר פון זינד. זי האָט געהאַט אַ וואוילן פיינעם מאַן, צו וועלכן זי איז געווען זייער צוגעטאָן, אָבער די געגנבעטע שטונדן מיט דעם אָפיצער שאַרל דיומאָן זיינען געווען הערלעך. זי האָט אויף קיין אַנדער יידישן מאַן נישט אויפגעהויבן אירע אויגן — דאָס וואָלט געווען זינדיקן און זינדיק מאַכן. דאָך אויף דעם גראַפס שיינעם יעגער פאַל לאַקראָא האָט זי אויסגעשפּרייט אירע בליקן ווי אַ נעץ, און געווען גליקלעך, ווען זי האָט אים געפאַנגען. דאָ איז נישט געווען קיין זינדיק מאַכן. מען מאַכט דאָך נישט זינדיק קיין גוי! אָבער זי האָט קוים געהאַט דאָס באַוואוסטזיין פון זינדיקן. אַ שוואַכקייט אַזאַ און נישט מער. ווען זי פלעגט קו־

מען נאָך אַזאַ שוואַכקייט־אָנפאַל אַהיים צו איר. מאַן, פלעגט זי אים קושן לײדנשאַפטלעך און רעשדיק. דאָס איז געווען אויס־קויפעניש, פאַרגיטיקונג, רייניקונג.

און איצטער — אַ סוף! זי וועט דעם טראָט צו די קירכנ־טרעפ נישט מאַכן. אַזוי לײכטזיניק איז זי נישט. שמדן זיך?! אָ, יעמאָלט וועט אַפילו איר פריערדיקע שוואַכקייט ווערן אַ שווערע טויטלעכע זינד! ניין, איר אמונה וועט זי נישט אויסבייטן. זי וועט פאַרברענט ווערן צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידן, וואָס וועלן נישט ראַטעווען זייער לעבן דורך שמד. מיט איר מאַן צוזאַמען, און דאָס וועט זיין איר בעסטער באַצאָל פאַר אַלץ, וואָס זי האָט זיך דערלויבט. אָבער אויב ער וועט מאַכן דעם שריט צו דער קירך, וועט ער אים מאַכן אָן איר. דאָס איז פּעסט באַשלאָסן. דאָך ערגעץ־וואו אין איר האָט זיך געבענקט נאָך דעם לעבן, וואָס זי האָט געלעבט, נאָך דער לײכטזיניקייט און נאָך דער פרייהייט, וועלכע זי האָט זיך דערלויבט, און די טרערן האָבן געגאָסן, געגאָסן.

איר מאַן, אַ יונגער מענטש, אָנהויב די דרייסיקער, האָט זי געהאַלטן פעסט אַרומגענומען. געהאַלטן זי, ווי זי זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן פון אים. ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט וועלן מאַכן דעם שריט צו דער קירך. ער וועט זי נישט לאָזן. אין דער האַנט, מיט וועלכער ער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען, איז געלעגן זיין גרויסע ליבע צו איר און איר טויט־אורטייל. אָבער זי האָט נאָר געפילט די ליבע.

דער רב האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ, געוואָלט אומקוקן זיך, אַ קוק טאָן אויף זיינע יידן הינטער אים. ווי זעען זיי אויס? וואָס טוען זיי? ער האָט זיך פאַרכאַפּט, צוריק אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ, די אויגן נישט אויפגעעפנט. וועט דען זיין אומקוק נישט באַדייטן אומרואיקייט אין אים? וועט ער דען נישט זיין צווייפל און חשד?... דאָך — ער דאַרף זיי זאָגן עפּעס... יאָ, ער וועט זיי וואָס זאָגן... עפּעס, וואָס זאָל זיי שטאַרקן, אַריינגעבן מוט צו שטאַרבן מיט דעם שרעקלעכן פייערטויט, אַריינטאָן אַפילו שמחה אין זיי... ער האָט זיך פאַרטראַכט, געזוכט אין זיך די ריכטיקע ווערטער.

איינער פון די דריי לערנער, וועלכע זיינען געשטאַנען הינ־טער אים, אַ הויכער, אַ דארער, מיט אַ קליינעם שפּיציקן שוואַרצן בערדל, האָט אַ פרעג געטאָן, קוקנדיק אויפן ברענענדיקן ליכט און נישט ווענדנדיק זיך צו קיינעם:

„וואָס וואָלט געווען, ווען די קערץ וואָלט זיך אויסגעלאָשן?"

„וואָלט מען זי צוריק אָנגעצונדן," האָט טרוקן געענטפערט דער צווייטער, אַ קליינער און אַ דארער, מיט אַ רויטן בערדל, ניט אָפּווענדנדיק די אויגן פון ליכט.

„דאָס איז דאָך נישט געזאָגט געוואָרן אין דעם אָנזאָג," האָט דערווידערט דער ערשטער, נישט אומקוקנדיק זיך אויף דעם ענטפער־געבער.

און פונקט אַזוי האָט געענטפערט דער צווייטער:

„אין אָנזאָג איז געווען, אַז זי דאַרף אויסברענען."

„איז ווי, אַז די קערץ זאָל פאַרשווינדן?" האָט געפרעגט דער ערשטער.

„ווי קאָן די קערץ פאַרשווינדן?" האָט איבערגעפרעגט דער צווייטער.

„עס זאָל זיך מאכן אַזאַ נס," האָט לאַנגזאַם גערעדט דער ערשטער, מיט אָנגעשטרענגטן בליק אויפן ליכט, ווי ער וואָלט דאָרטן דערוואַרט אַ נס. „אַזאַ נס, און די קערץ זאָל פּלוצלונג פאַרשווינדן... עס זאָל זיך באַווייזן אַ האַנט פון הימל..."

הערצער האָבן אויפגעקלאַפּט, אויגן האָבן דערוואַרטונגספול איינגעקוקט זיך אין ליכט. פּילייכט... טאָקע!...

אָבער דער צווייטער האָט אומברחמנותדיק צושטערט דעם האָפענונג־אויפשיין.

„וועט מען אוועקשטעלן אַן אַנדער קערץ," האָט ער טרוקן אַרויסגערעדט.

דער עולם האָט אויפגעקרעכצט. אַנטוישט, יאושדיק.

דער ערשטער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. די אויגן אַלץ נישט אָפּגעווענדט פון ליכט, האָט ער רואיק גערעדט:

„ווי אַזוי וועלן זיי עס? דער כומר ימח שמו האָט בפירוש געזאָגט, אַז זי דאַרף אויסברענען."

און דער צווייטער האָט קאַלטבלוטיק דערווידערט:

„וועסטו זיך מיט אים גיין לאָדן."

דער דריטער לערנער, דער יינגסטער, אַ יונג בחורל מיט אַ קוים אַרויסגעשפּראָצטן שוואַרצן בערדל, האָט איצטער געלאָסן אַרויסגערעדט, נישט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון ליכט:

„איר דערוואַרט אַ נס און זעט נישט, וואָס פאַר אַ נס עס קאָן אונז דאָ געשען, אויף וואָס פאַר אַ נס מיר דאַרפן בעטן גאָט."

„דהיינו?" האָט אַ פרעג געטאָן דער צווייטער מיט אַ ביסל איראָניע.

„די קערץ זאָל ברענען און נישט פאַרברענט ווערן," האָט דער נעפרענטער געענטפערט פרום און מיט איבערצייגונג.

אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען דורך די, וועלכע האָבן אויפגע־כאַפּט זיינע ווערטער. יאָ, דאָס איז דער נס! דאָס דאַרף געשען!

און דאָס בחורל האָט ווייטער גערעדט:

„דער סנה, אין וועלכן גאָט האָט זיך באַוויזן צו משהן, האָט געברענט און איז נישט פאַרברענט געוואָרן. דער בוימל, וואָס די חשמונאים האָבן געפונען אין דעם בית־המקדש, איז געווען גענוג בלויז אויף איין טאָג און האָט געברענט אכט טעג. קאָן דאָך דאָס ליכט דאָ..."

זיינע ווערטער זיינען אוועק פון מויל צו מויל. זיי זיינען געוואָרן באַוואונדערונג. זיי זיינען געוואָרן האָפענונג. זיי זיינען געוואָרן האַרץ־געשריי. כּל־זמן דאָס ליכט וועט ברענען, וועלן זיי נישט ברענען, און דער אַרצבישאָף ימח שמו וזכרו וועט סוף כּל סוף מוזן צוריקנעמען זיין גזירה! „אָט־אָ דעם נס, גאָט! רבונו של עולם, אָט־אָ דעם נס!" מען האָט זיך אָנגעהויבן צו רוקן נאָך פאָרנט. זיין נעענטער צום ליכט, נעענטער צום נס. געשטאַנען צונויפגעדריקט, איינגעענגט.

דונאש בן שלום איז איבערגעריסן געוואָרן אין זיינע אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע אויסרעכענונגען, וועלכע האָבן אים אָנגעהויבן צו באַווייזן דעם גליקלעכן אויסוועג פון די פאַרפּלאָנטערנישן פון דעם גראַנדיעזן געשעפט. דער זיך אָנרוקנדיקער עולם האָט אים געשטערט, אָבער אויך דאָס נס־געפיל, וואָס האָט אים אָנגעשטעקט.

אַ וואונדערבאַרע זאַך וואָלט געווען! ... אַ גרויסע זאַך! ... אַ, דו אַלמעכטיקער גאָט! ... די געדאַנקען וועגן דעם נייעם געשעפט האָבן זיך אין אים אַרומגעטראָגן ווי אַ שפּענדל אויף כוואַליעס, אַרויף און אַראָפּ, אָט באַוויזן זיך, אָט פאַרשוואונדן... ער האָט אָנגעשטרענגט די אויגן אויפן ליכט, געוואַרט אויפן נס, געוואָלט דעם נס. דער אויסדרוק פון זיין געזיכט איז געווען קאָנצענטרירטער ווילן, ווי ער וואָלט געוואָלט מיטהעלפן דעם נס און אָפּשטעלן דאָס ליכט אין איר ברענען.

אָבער זיין פרוי האָט געהאַט אַן אומצופרידענע, זויערע מינע. זי איז אומרואיק געוואָרן. אויב מען האָט צוגעגנבעט איר צירונג, וועט זי זיי קיינמאָל נישט קריגן צוריק, ווען זי בלייבט אַ יידישקע. וואָס האָט זיי אָנגעשפּאַרט דער נס ? ! איר מאַן וועט זיך איצטער זיכער נישט שמדן ! ...

די שיינע יאַלאַנדאַ האָט אויפגעהערט צו וויינען, אויפגעהויבן די פאַרווייינטע אויגן צום ליכט. דו טייערע נס־ברענענדיקע קערץ ! מען וועט לעבן בלייבן. זי וועט לעבן בלייבן. וועט צוריק אַהיים. דאָס לעבן וועט זיך ווידער אָנהייבן. און — איר שוואַכקייט. ניין, און איר שוואַכקייט ? ... וועט זי איר ווידער נאָכגעבן ? ... די אומדאַנקבאַרע יענע דאָרטן ! ... זיי שטייען געווים אין דעם צונויפגעלאָפענעם עולם, קוקן אויף איר, לאָזן זיך אָבער נישט בליקן, גיבן איר נישט קיין צייכן פון זיך ... עס וואָלט זיי נישט געאַרט, ווען זי זאָל פאַרברענט ווערן ... וועט זי זיך ווידער גנבענען צו זיי ?

איר מאַן האָט עס שוין פאַר איר באַשלאָסן. ווען דער נס וועט געשען, און זיי וועלן קומען לעבעדיקע אַהיים, וועט ער זיין זייער שטרענג מיט איר, וועט ער איר אָנטאָן אַ צוים ... און אפשר וועט ער גאָר אָוועקציען פון באַדאָן. וועט זיך באַזעצן אין אווויניאָן ... אָדער אין קאַרפּענטראַ ...

דער שניידער האָט נישט פאַרלאָרן זיין ביטול־מינע. אַ נס ? ... מאַכטייסע ... זאָל זיין אַ נס ... אָבער ער יאָגט זיך נישט נאָך אים. ער האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט אַנדערע בליקן, געוואָלט איבערגעבן זיי אויפן וואונק, וואָס ער דענקט זיך. נאָר

אַלע אויגן זיינען געווען אָנגעשטעלט אויפן ליכט, האָט ער אויך געקוקט אַהין. טשיקאַווע איז עס דאָך...

אויך דער פידלער האָט געקוקט אויפן ליכט און נישט געקאָנט ביי זיך אויסמאַכן, צו זאָל ער גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון אַ נס אָדער נישט. ער האָט אַפילו אַראָפּגעקוקט צו זיין פידל: וואָס זאָגט זי צו דעם?

דער אַלטער רב האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויפגעעפנט די אויגן, אויסגעגלייכט זיך און געקוקט אויפן ליכט. אָבער עס האָט אין אים אויפגעלויכטן. ער האָט דערפילט די נויטיקע ווערטער. ער האָט זיך אויסגעדרייט צום עולם, אויפגעזוכט מיט די אויגן די דריי לערנער און אויסגערופן צו זיי, אַז אַלע זאָלן הערן:

„וואָס האָט איר געדאַרפט אויסטראַכטן נסים? צו וואָס אויפוועקן פאַלשע האָפענונגען? איר האָט נאָר מבלבל געווען תשובה־געדאַנקען!"

ער האָט אַריבערגעטראָגן זיין לייכטנדיקן בליק אויף זיין עדה יידן און דערהעכערט זיין קול:

„דערוואַרט נישט קיין נסים, דענקט פון קידוש השם! ניט אַלע זיינען זוכה צו שטאַרבן דעם הייליקן טויט על קידוש השם. גרויסע צדיקים האָבן תפילה געטאָן, אַז גאָט זאָל זיי באַשערן אַזאַ טויט, און נישט אַלעמען פון זיי האָט גאָט דערהערט. אונז דאָ איז ער באַשערט! איר הערט? אונז דאָ איז באַשערט צו שטאַרבן על קידוש השם! עס וועלן מיט אונז קיין נסים נישט געשען, און לאָמיר דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אונז אויסגעוויילט, מיר זאָלן הייליקן זיין נאָמען מיט אונזער טויט. זייט נישט שוואַכהאַרציק, נאָר שוואַכהאַרציקע שאַפן זיך פאַלשע האָפענונגען. לאָמיר זיין מוטיק! לאָמיר זיין שמחהדיק! גרייט זיך צו צום הייליקן טויט! יעדערער פאַר זיך! רייניקט אייערע געדאַנקען! ריינע זאָלן מיר אַרויסשרייען דעם „שמע ישראל!" גערייניקטע זאָל אונז אַרומכאַפּן דער פייער!"

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט באַקוקט דעם עולם, טרויעריק פאַרנאַנדערגעפירט מיט די הענט, אויסגעדרייט זיך צוריק מיטן געזיכט צום ליכט, אַ וואָרף געטאָן צו איר אַ שנעלן בליק, צו זען,

וואו האַלט עס מיט איר, און צוגעמאַכט די אויגן. זיינע באַגייס־טערטע ווערטער זיינען פאַרקלונגען אומזיסט. דער עולם האָט געוואַלט דעם נס.

אַליין דער פידלער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, צוגעדריקט די פידל צו זיך און געלאָזן אַרויסגעברומט:

„מיר וועלן ברענען! מיר וועלן ברענען!"

אַ ייִנגעלע נישט ווייט פון אים האָט זיך געווענדט צו זיין מוטער:

„וועט עס וויי טאָן, ווען איך וועל ברענען?"

אַ שוידערכוואַליע איז אַדורכגעגאַנגען איבער די, וואָס האָבן געהערט דעם ייִנגעלע. זיין מוטער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שרעק־אָנגעפילטן היסטעריִשן „אַי!..." אַ לוויה־געוויין האָט אויס־געבראָכן, פאַרשפּרייט זיך. עס האָבן זיך צעוויינט די מאַמעס, קינדער האָבן אונטערגעכאַפּט, און וואו נישט וואו האָט אויך אַ מאַנסביל צוגאָסן זיך אין טרערן.

דער פידלער האָט אונטערגעלייגט זיין פידל אונטער זיין באָרד, און אין דעם געוויין האָט זיך אַריינגעריסן אַ פרייִלעכער ניגון. אַ ניגון, מיט וועלכן ייִדישע קינדער זיינען געפירט געוואָרן צו דער חופּה און פון דער חופּה, אַ ניגון פון שיכּור־פרייִלעכן טאַנץ און רווישיקער האַנט־פּאַטשעניש. דער געוויין איז עפּעס ווי מבולבל געוואָרן, פאַרלאָרן זיך, צוגעהערט זיך, אָבער באַלד געכאַפּט זיך און ווידער אָנגעשטיגן, ביטערער און פאַרצווייפלטער, און אויך העכער און קרעפטיקער, ווי צו פאַרטומלען און צו פאַר־שטיקן די פידל און איר פרייִלעכן ניגון. אָבער די פידל האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, האָט זיך צולאָזן מיט אַן אַנדער ניגון, נאָך אַ פרייִלעכערן, מער טאַנצעוודיקן, ענערגישער און ווילדער. דער געוויין האָט זיך פאַרלאָרן, אָנגעהויבן איינצוהאַלטן זיך. עס זיינען אַרויסגעפאַלן פון אים די וויינענדיקע מאַנסביל, דערנאָך האָבן די קינדער אָנגעהויבן בלויז צו כניקען, און צולעצט זיינען די פרויען אַריבער אין פאַרחלשטקייט, קוים־הערבאַרקייט, און באַלד אין קרעכצן און האַנטברעכעניש.

דער פידלער האָט איבערגעריסן דאָס שפּילן, זיגעריש אויפ־

געהויבן ביידע הענט, אין איין האנט די פידל אין דער צווייטער דעם סמיטשיק, און אויסגעשריען מיט התלהבות:

„קידוש השם, יידן! קידוש השם!"

און איליק אָנגעהויבן זיין פריילעכן ניגון, ווי צו פאַרכאַפּן דעם געוויין, וועלכער האָט זיך ווידער געוואָלט א ריס טאָן אין דער הויך.

דער פּלאַץ איז איצטער געווען שוואַרץ פון מענטשן. די שומרים איז געווען שווער צוריקצוהאַלטן דעם גרויסן עולם, אָבער אויך די פון עולם, וואָס זיינען געשטאַנען אין די פאָרנטסטע שורות, האָבן געשטופּט צוריק און געשריען:

„וואָס שטופּט איר? איר שטופּט אונז אויף די יידן? ווילט איר, מיר זאָלן אויך ברענען?!"

און עס איז געשטאַנען א רעש און א טומל, אין וועלכן דער מאָנאָטאָנער גלאָקנקלונג איז אינגאַנצן פאַרשריען געוואָרן און האָט פאַרלאָרן זיין מיין. אָבער דער פידלקלאַנג האָט ארויסגערופן דערשטוינונג און איינשטילעניש. ביי די יידן ווערט געשפּילט פידל! וואָס זאָל עס באַדייטן? די שומרים האָבן זיך איבער־געקוקט, איבערגערעדט. מאָגן זיי עס דערלאָזן? די מאָנאַכן, וואָס זיינען אָנגעקומען מיט נאָך געהילץ, שווער און לאַנגזאַם, אין ריטם מיט דעם גלאָקנקלונג, האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ, אָנ־געשטעלט די אויערן, צוגעהערט זיך. איינער פון זיי האָט ארויס־גערעדט: „טייוולשער אָפּשטאַם!" די איבעריקע האָבן זיך אי־בערגעצלמט. אויף זיי קוקנדיק, האָט מען זיך אויך אין עולם געצלמט. אָבער ווען זיי זיינען געגאַנגען צוריק נאָך מער האָלץ, האָבן די מאָנאַכן נישט געקאָנט גיין אזוי שווער און ערנסט, אין דעם באַוואוסטזיין פון זייער הייליקער אַרבעט. זיי זיינען מער געלאָפן, ווי געגאַנגען, געטריבן פון דעם שד, וואָס איז געזעסן אין דעם יידישן פריילעכן ניגון. און אין די פאָרנסטע שורות פון דעם אָנגעלאָפענעם עולם האָבן זיך דאָ און דאָרטן באַוויזן טאַנצנ־דיקע פיגורן פון ביידע געשלעכטער.

דער פידלער האָט ווידער איבערגעריסן זיין שפּילן, אויפ־געהויבן די הענט און אויסגעשריען נאָך התלהבותדיקער:

„קידוש השם. יידן! קידוש השם!"

ער האָט אייליק אונטערגעלייגט די פידל אונטער זיין באָרד, געוואָלט אָנהויבן צו שפּילן, אָבער זיין האַנט איז פאַרהאַלטן גע־וואָרן פון דעם רבס קול.

דער רב איז געשטאַנען מיטן געזיכט צו זיין עדה, די הענט הויך אויפגעהויבן, און מיט מעכטיקער שטים געשריען:

„קידוש השם! גרייט זיך! די קערץ האָט שוין אויסגע־ברענט מער ווי האַלב! לאָמיר זיך צוגרייטן צום אויפשטייג אונ־טער די פליגלען פון דעם אַלמעכטיקן, געבענטשט זאָל ער זיין!"

אַן אויפשווידער, אַ קני־אונטערבויגעניש, אַ געקרעכץ, דאָ און דאָרט אַן אויפגעוויין, אַ היסטערישער אויפגעשריי. מאַמעס האָבן אָנגעהויבן צוצודריקן צו זיך זייערע קליינע קינדער.

דונאַש בן שלום איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין אָנגע־שטרענגטן קוקן אויפן ליכט. יאָ, זי ווערט אַלץ קלענער און קלע־נער. ער וועט איר ברענען נישט אָפּשטעלן. וואָס האָט ער דאָ פריער געטראַכט? ער האָט אָנגעכאַפּט דאָס שפּענדל אויף די כוואַליעס, צוריק אומגעקערט זיך צו די געשעפט־געדאַנקען. אָבער איצטער דאַרף ער שנעל דערטראַכטן וועגן דעם נייעם געשעפט...

זיין פרוי האָט אויפגעהויבן אויף אים אַן אומגעדולדיקן בליק. וואָס שטייט ער נאָך? וואָס מאַכט ער שוין נישט דעם ערשטן שריט צו דער קירך? זאָל זי אים נישט אַ שלעפּ טאָן פאַר זיין מאַנטל?

יאָלאַנדאַ האָט צוריק אַראָפּגעלאָזן איר קאָפּ אויף איר מאַנס ברוסט. האָט זי דאָ נישט ערשט עפּעס שיינס, עפּעס אָנגענעמס געטרוימט? איר מאַן האָט זי נאָך פעסטער אַרומגענומען.

איבערן עולם האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן די יונגע קלינגענ־דיקע שטים פון דעם ייִנגסטן לערנער:

„דער נס קאָן נאָך קומען! ער קאָן נאָך קומען ביים לעצטן פליקער!"

און ווידער אַ האָפנונגכוואַליע, אָבער דער רב האָט זיך גע־שטעלט קעגן איר. די הענט אַלץ נאָך אויפגעהויבן, האָט ער שטרענג אַרויסגעשריען:

„איר וועט פאָלגן אייער רב! טאָן, וואָס איך הייס אייך! הערט! איך וועל זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים, אַ קאַפּיטל פון דעם בוך פון תשובה, טרייסט און שטאַרקונג, און איר וועט מיר נאָכזאָגן פסוק נאָך פסוק. אַלע זאָלט איר מיר נאָכזאָגן, מאַנסבּיל און ווייבּער און די גרעסערע קינדער, און אויף וויפיל זיי קאָנען, אויך די קלענערע. גאָט וועט זיי פאַרשטיין. הערט! איך הייב אָן!"

ער האָט אָנגעהויבּן. מיט פעסטער שטים, קלאָר און דייטלעך יעדעס וואָרט. „משכיל לאסף למה אלהים זנחת לנצח, יעשן אפך בצאן מרעיתך..." דער אַלטער רב האָט זיך דורכגערעדט מיט גאָט מיט די ווערטער פון דעם פיראונזיבּעציקסטן קאַפּיטל תהלים, דערציילט אים, ווי גרויס און מעכטיק ער, דער אַלמעכטיקער, איז, געוואונדערט זיך, וואָס ער זעט צו, וואָס שונאים צוטוען מיט זיין פאָלק, און שווייגט, געפרעגט ביי אים, ביז וואַנען וועט ער עס צולאָזן. נישט פאַר זיך און פאַר זיין עדה האָט דער רב דאָ געבּעטן אין די לעצטע מינוטן, אָבּער פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל, פאַר גאָטס סטאַדע, און פאַר גאָט אַליין האָט ער זיך אָנגענומען, און פאַר דעם דערשלאָגענעם און דעם אָרעמאָן, און גערונערט קעגן אומגערעכטיקייט און אונטערדריקונג.

דער עולם האָט נאָכגעזאָגט פסוק נאָך פסוק. נאָר דונאַש האָט געשוויגן. ער איז געוועזן צו פאַרטאָן, נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. ער האָט אָנגעהויבּן צו זען זיין פולן זיג אין דעם גרויסן געשעפט. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, די אויגן האָבּן זיך אים אָנגעצונדן, ער וועט דאַכט זיך באַלד אויפשרייען פאַר שמחה... אויך זיין ווייבּ האָט נישט נאָכגעזאָגט, זי איז שוין געוועזן אַ געשמדטע. זי האָט נישט געדאַרפט מער פאָלגן דעם רב. זי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דונאַשן, געזען פרייד און אויפלעבּונג אויף זיין געזיכט. אָט־אָט וועט ער זיך מסתמא אַ ריס טאָן צו דער קירך. און איר האַרץ איז געשפּרונגען אין איר. און יאַלאַנדאַ האָט קוים נאָכגעזאָגט. איר קאָפּ איז געלעגן רואיק אויף איר מאַנס ברוסט, און אירע ליפּן האָבּן זיך שוואַך באַוועגט. איר מאַן האָט זי נישט געהערט און אַרויפגע־

לייגט זיין האַנט אויף אירע ליפּן: צו באַוועגן זיי זיך? זי האָט לאַנגזאַם אַ קוש געטאָן זיינע פינגער, און ער האָט שוין זיינע פינגער נישט אַוועקגענומען.

אָבער אויך דער עולם, וואָס האָט נאָכגעזאָגט, איז נישט געווען מיטן האַרצן אין דעם זאָגן. מען האָט געקוקט אויפן ליכט, נישט אויפן רב, און געוואַרט אויפן נס. אָט הערט אויף דער וואַקס צו שמעלצן, די קערץ בלייבט אויף איין הויך און ווערט נישט געמינערט. אָבער די קערץ ווערט אַלץ קלענער... אָ, ווי! — דער נס וועט געשען ביים לעצטן פליקער. די פלאַם וועט בלייבן שטיין און נישט אויסגעלאָשן ווערן, ווי די זון אין דעם טאָג, ווען יהושע האָט צושלאָגן די פינף מלכים פון אמורי. אָט! די קערץ איז שוין ביים ברעג פון דעם לייכטער... דאָס וואונדער וועט זיך באַלד אָנהייבן!... דאָס פלעמל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, אַריין אין לייכטער־לאָך... אָט איצטער! אָט איצטער!... אַ פליקער!... עס ברענט: עס ברענט!... גאָטעניו! גאָט!

„קומה אלהים ריבה ריבך, זכור חרפּתך מני נבל כל היום!" האָט אויסגעשריען דער רב.

די ביידע מאָנאַכן, וואָס זיינען געשטאַנען פון ביידע זייטן פון לייכטער, האָבן אַרויסגעבאַסט מיט קרעפטיקע שטימען:

„אויסגעברענט!"

זיי האָבן אויפגעהויבן דעם לייכטער, אָנגעבויגן אים, באַוויזן אַ שוואַרץ אויסגעלאָשן גריבל.

דער גרויסער עולם אַרום די יידן האָט אויסגעבראָכן אין אַ בייזן יובל־געשריי, די קירכנגלאָקן האָבן זיך צוקלונגען אין שנעלן טעמפּאָ, ווייט און ברייט האָבן זיך צורעשט פאַרשיידענע אינסטרומענטן. דונאַשעם ווייב האָט זיך אַ ריס געטאָן צו די קירכנטרעפּ, שלעפּנדיק די קינדער, און דונאַש נאָך איר, נישט וויסנדיק, וואָס ער טוט. די שומרים האָבן זיי אַריינגעוואָרפן צוריק אין די יידישע שורות, און אָנגעהויבן אָפּשטופּן די יידן וואָס ווייטער פון די טרעפּ. די פרוי פון דונאַש האָט אָנגעהויבן צו שרייען, צו ראַנגלען זיך, אָבער דונאַש איז געבליבן שטיין פאַרשעמט, מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ... שוואַרצע מאָנאַכן האָבן אָנגעהויבן צו

פארלייגן מיט שייטערהאָלץ, מיט צווייגן, ברעטער און קלעצער די זייט אנטקעגן קלויסטער און אריינרוקן געהילץ צווישן די יידן. באַלד זיינען די יידן געשטאַנען אויף האָלץ, און דער רב האָט געשריען:

„יידישע קינדער! לאָמיר שטאַרבן מיט כוונה, מיט פולן רצון, מיט מוט!"

זיינע ווערטער זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם גרויסן רעש פון די קירכנגלאָקן און דעם מאַסנגעשריי, פון דער פויקעריי און טרומייטעריי, אָבער זיי זיינען אויך געווען איבעריק. די יידן זיינען געווען ווי אויסגעפוסטעוועט דורך דער אָנגעשטרענג־טער אָבער אומזיסטער נס־דערוואַרטונג, איצטער האָט זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזן דאָס באַוואוסטזיין פון דער גרויסער אומפאַר־מיידלעכקייט. זיי וועלן זי אויפנעמען, ווי עס דאַרף צו זיין. דער קרעפּטיקער בלעכער האָט צוגעהאַלטן פרוי דונאַש דעם מויל. איצטער וועט זיין שטיל.

איבער יאָלאַנדאַן האָט זיך איבערגעבויגן איר מאַן צו געבן איר דעם לעצטן קוש. אַ קוש, וואָס זאָל זי רייניקן, און פאַראייניקן זיי אויף אייביק. אָבער זי איז געשטאַנען אַ געחלשטע. זאָל ער זי אויפמינטערן? ברענגען צו זיך? ניין, זאָל זי שטיין ווי זי שטייט. ער האָט זי נאָר פעסטער ארומגענומען. זאָל זי שלאָפן. וועט זי ווייניקער ליידן. ער האָט ארויפגעדריקט זיינע ליפּן אויף אירע ליפּן און איז אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן. געוואַרט אויפן פייער.

פון הינטער דער קירך איז ארויסגעקומען אַ פּראָצעסיע פון שוואַרץ־געקליידעטע מאָנאַכן מיט שטורקאַטשן אין די הענט און מיט ברענענדיקע שייטלעך האָלץ. זיי האָבן פייערלעך געזונגען אויף לאַטייניש אַ יידישן הללויה און לאַנגזאַם ארומגעשטעלט זיך ארום די יידן הינטער דעם אָנגעלייגטן האָלץ.

דער פידלער האָט גערעדט צו זיין ארום:

„אַ יידישע לוויה און גלאָקנקלאַנג גאָר! און וואו איז עפּעס מיין פידל? וואו איז עפּעס אַ האַרציקער יידישער תפילה־ניגון? לאָזט מיך נאָר ארויפדראַפּען זיך אויף אייערע פּלייצעס!"

ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף זייערע פּלייצעס, אונטער־געלייגט די פּידל אונטער זיין באָרד, אַ פּיר געטאָן איבער די סטרונעס. אַ גרויסער שטיין, גוט געצילט, האָט אים געטראָפן אין קאָפּ. ער האָט זיך אויסגעצויגן אַ פאַרבלוטיקטער איבער די קעפּ פון די, וואָס האָבן אים געהאַלטן.

אויף די טרעפּ פון דער קירך האָט זיך באַוויזן דער אַרצבי־שאָף מיט זיין באַגלייטונג. ער האָט אַרומגענומען די יידן מיט אַ הארטן בליק און מיט שטעכיקער בייזקייט אויסגערופן:

„צינדט אונטער!"

ברענענדיקע שטורקאַטשן זיינען אונטערגעטראָגן געוואָרן צום אָנגעלייגטן האָלץ, אויף די יידן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן ברע־נענדיקע שייטלעך. די שומרים האָבן אָנגעשטעלט זייערע שפּיזן, שווערדן און העק, גרייט צו באַגעגענען די יידן, וואָס וועלן אַרויס־לויפן פון פייער.

פון די יידן האָט זיך אויפגעהויבן צום הימל שרעקגעשריי און געיאָמער פון פרויען און קינדער, אָבער איבער אַלעמען דונערנ־דיק, הימל־לעבערנדיק דער אייביקער רוף: „שמע ישראל!"

.1940

# פרילינג איז געווען...

נאָך מיט אַ גאַנץ קורצער צייט צוריק, מיט טעג צוריק, איז אין שטאָט געווען שלום צווישן יידן און קריסטן. נישט קיין באַזונדער פריינטשאַפט, און זיכער נישט קיין ליבשאַפט, אָבער אויך נישט קיין אָפענע פיינטשאַפט. איינע די אַנדערע האָבן געגעבן צו פאַרדינען, איינע די אַנדערע האָבן געשפּייזט, איינע די אַנדערע האָבן זיך געזאָגט גוט מאָרגן און גוטן טאָג, און דורכגערעדט זיך אין מאַרק און ביי די טירן פון די קראָמען און געוועלבן, דערציילט זיך נייס און אַפילו צוזאַמען געלאַכט.

אָבער די רשעות־פונקען, וואָס האָבן שטענדיק געטליעט ערגעץ־וואו אין האַרץ פון די קריסטן, האָבן שנעל אויפגעשלאָגן אין מאָרד־פלאַמען, ווען מען האָט אַרויפגעגאָסן אויף זיי דעם ברען־אויל פון אויפרייצונג, און ווען הרגענען יידן איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַ מצווה, פאַר וועלכער מען איז גלייך באַלוינט געוואָרן אויף דער וועלט מיט צונויפגערויבטן יידישן האָב און גוטס.

די טעג זיינען געווען הערלעכע ערב־זומער־טעג. טאָג נאָך טאָג איז די זון געשטאַנען אין קלאָרן הימל, און האָט געוואַרעמט און געפרייט די הערצער, וועלכע האָבן נאָך נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם לאַנגן שווערן ווינטער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט קאַלטע רעגנס אַ שטיק צייט נאָך פסח. הינטער דעם שטאָט־טויער האָבן די פעלדער און די גאָרטנס און די וועלדער אָנגעהויבן אַרויפצוציען אויף זיך זייערע זומער־קליידער און געמאַניעט די איינוואוינער פון דער שטאָט אַרויסצוקומען און לאָבן זיך אין דער פרילינגפּראַכט.

אָבער די יידן פון דער שטאָט האָבן די דאָזיקע שיינע טעג און נאָך הערלעכערע נעכט פאַרבראַכט אין תענית, און געזאָגט

קינות און סליחות בייטאָג און ביינאַכט, און באַגעגנט דעם שבת, אין וועלכן זיי האָבן געבענטשט ראש־חודש סיוון, מיט טויט־שרעק אין הארצן. די „תוכחה", וואָס איז יענעם שבת געלייענט געוואָרן אין שול, האָט געשוועבט איבער זייערע קעפּ. שרעקלעכע בשורות זיינען אָנגעקומען צו זיי פון פאַרשיידענע קהילות: חורבן און פאַרניכטונג און טויט. יידן ווערן אומגעבראַכט אָדער ברענגען זיך אַליין אום, איידער צו פאַרלאָזן דעם גאָט און דעם גלויבן פון זייערע עלטערן און אָנצונעמען דעם גלויבן, וועלכן זיי פאַראַכטן. יעדן טאָג א נייע שרעקלעכע בשורה. און אָט שוין נישט מער בשורה פון א דערבייאיקער קהילה: די „תוכחה" האָט זיך אויס־געגאָסן אויף זיי אַליין. אין שטאָט זיינען אריינגעקומען די קוי־לער און מערדער, וואָס האָבן געטראָגן א צלם אויף זייערע קליי־דער און גערופן זיך וואַלברידער, עולה־רגלניקעס. א גרויסע צאָל פון זיי. און זייער צאָל איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווייל צו איר זיינען צוגעשטאַנען א סך קריסטלעכע איינוואוינער פון שטאָט, שכנים, נעכטיקע גוט־מאָרגן־זאָגער.

די נאַכט אויף זונטיק איז געוועזן אַן אומרואיקע, דער זונטיק איז געוועזן נאָך אומרואיקער. אין די פרומע קירכן האָט מען פרום געפּריידיקט, אַז ווער עס וועט הרגענען א ייד, יענעם וועט מען פון אויבן מוחל זיין אַלע עבירות. האָבן זיך פרומע קריסטן פריידיק געריבן די הענט. ווי הערלעך! אי דאָס פאַר־געניגן צו הרגענען א ייד, אי די גוטע געלעגנהייט אוועקצונעמען דעם יידנס האָב און גאָב, ועל כולם נאָך אָפּגערייניקט ווערן פון אַלע זינד! . . .

איז געווען א שרעק ארויסצוגיין אין גאַס, אָבער אויך א מורא צו זיצן אין שטוב. איינזאַמקייט און פאַרלאָרנקייט האָט ארומ־גענומען אַלע יידישע הייזער. פאַרשלאָסענע טירן און פאַרהאַק־טע לאָדנס האָבן נאָך פאַרגרעסערט די איינזאַמקייט, פאַרשטאַרקט דעם פּחד, אַפילו דאָרטן, וואו די שטובּיקע זיינען געוועזן גרויס אין צאָל. עס האָט זיך געוואָלט זיין מיטן גאַנצן קהל, אונטער די אויגן פון די עלטסטע, דער עיקר אונטער די בליקן פון דעם אַלטן רב רבי יצחק, וואָס זיינען געוועזן די בליקן פון א פּאַסטוך,

וואָס ליבט שטאַרק זיינע שעפּעלעך. שוין זיין נאָנטקייט אַליין האָט געגעבן רו און טרייסט און זיכערקייט.

דער רב האָט געוואוינט אין אַ גרויסער צווייִשטאָקיקער מויער, וואָס איז געשטאַנען אין אַ הויף, אַן אַרומגענומענעם, ווי אַ פעסטונג, מיט אַ הויכער ציגלוואַנט. אין דעם אונטערשטן שטאָק, וואָס איז געווען צוטיילט אויף צוויי גלייכע טיילן דורך אַ לאַנגן און ברייטן קאָרידאָר, לינקס פון דער ברייטער הויזטיר, איז געווען זיין דירה. אין נייען חדרים האָט ער געוואוינט מיט זיין פרוי און זיינע צוויי זין מיט זייערע ווייבער און פינף קינדער, און זיין טאָכטער, אַן אַלמנה מיט צוויי קינדער, און אין אַ צענטן חדר זיינען געשטאַנען דריי וועבשטולן, ווייל ער און זיינע ביידע זין זיינען געווען טלית־וועבער — אַ מלאכה, וועלכע האָט זיי געשפּייזט. אַנטקעגן זיין וואוינונג, אויף דער אַנדער זייט פון דעם קאָרידאָר, אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר איז געווען די שול, וואו זיין קהילה פלעגט זיך צונויפקומען צו דאַווגען דריי מאָל אַ טאָג. אַ טיר אין דער לינקער שולוואַנט האָט געפירט אין דער ישיבה אַריין, וואו ביי אַ לאַנגן טיש זיינען געזעסן צען־צוועלף און אָפט אויך מער לערנער און געשעפּט תורה און חכמה פון רבי יצחק, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט דעם צונאָמען חריף. ביים עק פון קאָרידאָר זיינען, רעכטס און לינקס, געווען טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו די נעדיכט באַפעלקערטע דירות פון דעם צווייטן שטאָק.

ווען די שכנים פון הויז האָבן זונטיק פאַרנאַכט פאַרריגלט דעם שווערן טויער און געוואָלט אים נאָך באַפעסטיקן מיט קלעצער און ברעטער, האָט רבי יצחק זיי אָפּגעשטעלט אין זייער אַרבעט.

די מענער ביים טויער האָבן זיך פאַרוואונדערט:

„ווער וועט איצטער קומען? ווער וועט זיך דערוועגן דורכצוגיין אַ גאַס? און פון אונז דאָ פעלט קיינער נישט."

רבי יצחק האָט דורכגעפירט זיין האַנט דורך דער ברייטער באָרד און זעעריש געענטפערט:

„עס קאָנען אַ סך קומען און עס וועלן מסתמא אַ סך קומען, און דער טויער וועט דאַרפן שנעל געעפנט ווערן."

און אז די מענער ביים טויער האבן זיך נאך אלץ געקווינקלט, האט ער פעסט געזאגט:

„וואס ארט עס אייך? טוט, ווי איך זאג אייך. ווען די סכנה, זאל גאט היטן, וועט זיך דערנעענטערן צו אונזער הויז, וועט איר שטענדיק צייט האבן דעם טויער שטארקער צו פארשפארן."

און עס איז געווען, ווי ער האט פאראויסגעזאגט. ווי מען וואלט זיך צונויפגערעדט, האבן זיך מיט דעם נאכט־צופאל אנגע־הויבן צו פארקלייבן אין דעם רבס הויף די באוואוינער פון די איבעריקע איינאונפופציק יידישע הייזער. מענער, פרויען און קינדער, גבירים און אביונים, געזונטע און קראנקע. דורכגעגנבעט זיך אהער אין דער פינסטערניש פון דער ראש־חודש־נאכט, מיט הארצקלאפעניש ביי יעדן זייטיקן גערויש, מיט שרעק פאר דעם אפקלאנג פון די אייגענע פוסטריט. די אייגענע דירות האט מען פארשלאסן, פארריגלט — זאל די רויבער נישט לייכט אנקומען זייער רויב! אלץ איבערגעלאזן אין די דירות, נאר הייליקע ספרים מיטגענומען, די אומריינע זאלן זיי נישט מטמא זיין, און מזומן געלט און צירונג, טאמער וועט נאט געבן און מען וועט זיך ארויס־ראטעווען מיטן לעבן, זאל זיין מיט וואס ווייטער צו לעבן.

נישט געווען גענוג פלאץ פאר אלעמען אין דעם הויז, האט רבי יצחק באפוילן, אז ווייבער און קינדער און אלטע לייט און קראנקע זאלן ארייגענומען ווערן אינעווייניק: אין שול אריין, און אין דער ישיבה, און אין זיין וועבעריי, און אויבן אויפן בוי־דעם, און אין אלע חדרים פון זיין דירה און די איבעריקע דירות, וואו עס איז נאר געווען פלאץ פאר א מענטש אויסצוציען זיך אויף דער ערד. אלע יונגע און קרעפטיקע מענער זיינען געבליבן אין הויף הינטער דעם פארשלאסענעם און באפעסטיקטן טויער. און צו זיינע תלמידים האט רבי יצחק געזאגט:

„מיר וועלן דאך היינט ניט שלאפן, איז קומט און מיר וועלן לערנען."

זיי זיינען אריין אין דער ישיבה און פריינטלעך געבעטן דעם עולם אפצולייזיקן די ביינק ארום דעם לאנגן טיש. יעדער פון די תלמידים האט פארנומען דעם פלאץ, צו וועלכן ער איז געווען

געווינט, און רבי יצחק האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ביים קאָפּ פון טיש, און די געכתיבעטע גמרא פאַר אים.

„מיר ווען,״ האָט ער געזאָגט, „וויַיטער אָנגיין מיט דער סוגיאָ „כל קבוע״. אַ שווערע סוגיאָ, און איך מיין, אַז איך האָב צו איר אַ צוגאַנג. ווען הקדוש ברוך הוא וועט וועלן און מיר וועלן בלייבן לעבן, וועל איך זיך צונויפשרייבן וועגן איר מיט דעם גאון יצחקי אין טראָיס. פאַר אים זיינען ניטאָ קיין שווערע שטעלן. און איך זאָג, אַז אויב חס ושלום מיר וועלן אַלע אומקו־מען און נאָר איינער פון אונז וועט געראַטעוועט ווערן, זאָל דער איינער אַריבערראַטעווען זיך צו רבי שלמהן אין טראָיס און אים איבערגעבן, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן אין דער סוגיאָ. איז הערט זיך צו מיט קאָפּ, וויַיל איר וועט דאַרפן גוט געדענקען.״

ער האָט אָנגעהויבן די סוגיאָ וועגן „נייען קראָמען פאַר־קויפן שחיטה־פלייש און איין קראָם נבלה־פלייש״, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, אַריינהאַמערנדיק יעדעס וואָרט אין דעם זכרון פון זיינע צוהערער. מיט רואיקער שטים, ווי אַרום אים און אין אים וואָלט רואיק געוועזן און קיין סכנה וואָלט נישט געשוועבט אי־בער די קעפּ פון די אַלע פאַרקליבענע אונטער זיין דאַך און אין זיין הויף.

אָבער די אַלע פאַרקליבענע האָבן די רואיקייט ניט געהאַט. אין אַלע צימערן חושך, און אין הויף חושך, נאָר אין דער ישיבה אַליין האָבן אויפן לאַנגן טיש געברענט אַ פּאָר ליכטלעך און גע־וואָרפן טרויער־שאָטנס אויף דעם אַרום. און אומעטום געוויין. שטילע טרערן פון שרעק און פאַרלאָרנקייט און געבעט. „לאָז אונז פאַלן דורך דיין האַנט, אָבער לאָז אונז נישט פאַלן דורך די הענט פון די שונאים!״

און תהלים, און קינות, און פאַרצווייפלונג־קרעכצן. דער שלאָף, וואָס איז באַפאַלן די מידע, האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. אַ קרעכץ האָט אויפגעוועקט, אַ קליינע באַוועגונג, אָדער דער איי־גענער שרעק, די איינגענע אומרואיקייט. און אַזוי ביז אין טאָג אַריין. יעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן צוצוהערן זיך, וואָס עס

קומט פאַר דרויסן אויף יענער זייט טויער אין דער וואך געוואָרע־נער שטאָט.

רבי יצחק האָט שוין לאַנג געענדיקט די סוגיא, געלאָזן יעדן פון זיינע תלמידים איבערזאָגן פאַר אים וואָרט אין וואָרט, איינגע־חזרט זי מיט יעדן איינציקן. עס איז שוין געווען אַ שטיק אין טאָג, ווען דער לעצטער תלמיד האָט איבערגעזאָגט די סוגיא. רבי יצחק איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט, די אויגן אין דער גמרא. עס זיינען אויפגעשטאַנען אין אים צווייפל, צו זיין דערקלערונג איז ריכטיק, און זיי זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן אין אים מיט יעדן איבערזאָג. קשיות זיינען אין אים געבאָרן געוואָרן, ווידערלייגונגען פון זיין פשט, און ווען דער לעצטער תלמיד האָט גערעדט, איז ער שוין געווען כמעט אומגעדולדיק און האָט געקנייטשט דעם שטערן און געדריקט די ציינער.

„מי'ט מוזן אויסגעפינען, וואָס רבי שלמה האָט צו זאָגן", האָט ער אָפּגעזיפצט. ער האָט צוגעמאַכט די גמרא. „איצטער וועלן מיר גיין דאַוונען שחרית."

אריין אין שול, אָנגעטאָן טלית און תפלין, געשטעלט זיך פאַרן עמוד. שליח צבור מיט געבראָכענעם הארץ, מיט טרערן דורכגעווייקטע תפילות. און די גאַנצע שול האָט מיטגעוויינט, מיטגעיאָמערט.

אָבער נישט בלויז די שול, נאָר אויך דאָס גאַנצע הויז, דער גאַנצער הויף. מען האָט געהויבן די אויגן צום הימל און גע־יאָמערט פאַר גאָט:

„אויב מיר האָבן געזינדיקט פאַר דיר, זיי אונז מוחל, גרויסער גאָט, און לאָז אונז נישט אומקומען אַ שרעקלעכן טויט!"

„שטאַרק אונזער הארץ, דו הייליקער און שרעקאָנוואַרפער, און מיר וועלן שטאַרבן פאַר דיר און הייליקן דיין נאָמען!"

„צוליב די קליינע קינדער האָב אויף אונז רחמנות, דו גאָט פון רחמנות, און ראַטעווע אונזערע קערפּער און ראַטעווע אונ־זערע נשמות!"

אָבער רבי יצחק האָט נאָך געבעטן, אַז גאָט זאָל אים לאָזן

לעבן און צוזאַמענבּרענגען אים מיט רבי שלמה יצחקי. „פון דיין תורה וועגן, פון דיין אמת וועגן!"

אין די תפילות און דעם געוויין פון הויף האָבּן זיך פּלוצלונג אריינגעריסן קולות פון אויף יענער זייט וואַנט. קולות פון אַ סך שטימען, פון אויפגערעגטע, בּייזע, זידלענדיקע און שילטנדיקע שטימען. און גלייך האָבּן זיך דערהערט שווערער געקלאַפּ פון שטיינער, וואָס זיינען געוואָרפן געוואָרן קעגן הייזער־ווענט מיט שטאַרקער האַנט, און רציחה־געשריי פון איינבּרעכער, וואָס האָבּן זיך אַרויפגעוואָרפן מיט כוח אויף פאַרשלאָסענע טיר און טויער.

וואָס איז דאָס? ! אַ הילף־געשריי... אַ טויט־געשריי... אוי ווי! דאָס האָט ווער פון די יידן ניט געוואָלט פאַרלאָזן די היים, באַהאַלטן זיך הינטער אייגענע פאַרשלאָסענע טיר און טויער און איצטער ווערט ער דאָרט דערמאָרדעט. ווער קאָן עס זיין? ווער פעלט דאָ?

און אָט נאָך אַ געשריי!... און ווידער!... יידן ווערן דאָרטן אומגעבּראַכט!... יידישע קינדער קומען אום!....

אין די יונגע און שטאַרקע, וואָס האָבּן זיך געפונען אין הויף, האָט זיך אָנגעצונדן די גבורה. זיי זיינען געוועזן באַוואָפנט מיט שווערע אייזנס, העק, זעגן, שאַרפע מעסער, דיקע שטעקנס, שווערע שטיינער. עטלעכע האָבּן אַפילו געהאַט פייל און בויגן, און עטלעכע זיינען געוועזן באַוואָפנט מיט שווערדן. זיצן דאָ באַוואָפנט הינטער דער מויערוואַנט און הערן ווי דאָרטן ווערן אומגעבּראַכט קרובים, פריינט, בּכלל יידן? ! ניין! זיי וועלן אַרויס דרויסן, שטעלן זיך קעגן די אָנפאַלער, אָפּראַטעווען וועמען מען קאָן אָפּראַטעווען.

זיינען געוועזן וויניקער מוטיקע, וואָס האָבּן געוואָלט צוריקהאַלטן, אָפּריידן. מע טאָר פון הויף נישט אַוועקגיין. דאָ איז דאָך כמעט די גאַנצע קהילה, און דער רב, און די שול. ווי קאָן מען זיי לאָזן אויף הפקר? ווער וועט זיך דאָ שטעלן קעגן די אָנפאַלער?

אָבּער די אַנדערע האָבּן געענטפערט:

„אַז מיר וועלן זיין אינדרויסן, איז דער הויף סיי־ווי באַ־

שיצט. און אַז אונז זאָל געלינגען צו פאַרטרײַבן די טמאים, איז דער הויף געראַטעוועט."

האָבן די אַפּרײַדער געראָטן, אַז אפריער זאָל מען הערן, וואָס רבי יצחק וועט זאָגן.

אָבער די אַנדערע האָבן דערווידערט, אַז רבי יצחק שטייט איצטער פאַרן עמוד און מען קאָן מיט אים נישט ריידן, און דערווײַל ווערן דאָרטן יידן אומגעבראַכט. און נישט אַלץ דאַרף מען פרעגן ביים רב!

זיי האָבן זיך אַפילו נישט צוזעגנט מיט זייערע אָנגעהעריקע אין די פאַרשיידענע טיילן פון דעם הויז. יענע וועלן געווים וועלן זיי פאַרהאַלטן, און עס וועט זיך געווים אָנהייבן אַ יללה, און אומזיסטע איבעררײַידענישן. מען האָט פאָרזיכטיק אויפגעעפנט דעם טויער, און זיי זײַנען אַרויס דרויסן. די איבערגעבליבענע האָבן פאַרנאַנדערגעטראָגן די בשורה פון צימער אין צימער און דערביי זיך אַנטשולדיקט: זיי האָבן אָפּגערעדט, געוואָלט פאַרהאַלטן, אָבער יענע האָבן נישט געוואָלט הערן, ניט געלאָזן זיך פאַרהאַלטן.

אין הויז האָט אויסגעבראָכן אַ יללה, אַ קרעכצעניש, אַ האַנטברעכעניש, אַ באַוויינעניש. פרויען זייערע מענער, מוטערס זייערע זין, מיידלעך זייערע חתנים אָדער ברידער. מען האָט געוואָלט זיין אינאיינעם אין דעם שרעק, אינאיינעם אין דער סכנה, אינאיינעם אין דער לעצטער מינוט, אויב זי וועט קומען. אַ סך האָבן זיך געריסן דרויסן אין גאַס אַריין, אָבער די שומרים האָבן נישט געלאָזן עפענען דעם טויער, עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן, קיין בייז שילטן. „איר וועט נאָר אָפּשוואַכן די הענט פון אונזערע העלדן," האָבן די שומרים געטענהט.

פון עטלעכע פענסטער אין אויבערשטן שטאָק האָט מען געקאָנט זען אַ שטיק גאַס און פון אַ ווינקל אויפן בוידעם האָט מען געקאָנט זען אַפילו דעם מאַרק. האָבן אַלע געוואָלט זיין ביי די עטלעכע פענסטער און אין דעם בוידעם־ווינקל. אַ געדרענג, אַ שטופּעניש. די פאָדערשטע זײַנען שיר נישט דער־

דריקט געוואָרן, האָבן קוים געקאָנט אַרויסקוקן, קוים געקאָנט ענטפערן אויף די פראַגעס, וועלכע האָבן זיך געשאָטן צו זיי.

זעט מען עפּעס? קאָן מען זען? וואָס זעט מען?

א געשלעג. מע זעט אַ געשלעג.

א געשלעג?!... אוי ווי! זעט מען ווער, וואָס? קאָן מען אימיצן דערקענען?

„לאָזט מיך צו, אפשר וועל איך דערקענען!"... איין שטים אַזוי, אַ צווייטע, אַ דריטע...

מען קאָן קיינעם ניט דערקענען, פאַרזיכערן די פּאַרנסטע. מען זעט נאָר הענט אינדערלופטן. אייזנס... שפּיזן...

אייזנס זיינען אונזערע, שפּיזן זיינען זייערע... ווי אַ ווי!...

שטייט דער געשלעג אויף איין אָרט?.... קומט ער צו נענטער אַהער?... דערווייטערט ער זיך?

עס זעט אויס, ווי די טמאים טרעטן אָפּ. דער געשלעג רוקט זיך אָפּ ווייטער צום מאַרק.

א כוואַליע פון האָפנונג האָט זיך צעגאָסן איבערן עולם. די טמאים טרעטן אָפּ!... רבונו של עולם, באַווייז עפּעס אַ נס!

אונטן אין דער ישיבה האָט רבי יצחק ווידער צוזאַמענגענומען זיינע תלמידים ביים ישיבה־טיש און געזאָגט:

„איך ווייס נישט, צו האָבן זיי גוט געטאָן אָדער שלעכט געטאָן, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן דעם הויף. ווען זיי וואָלטן ביי מיר געפרעגט, וואָלט איך נישט געוואוסט, וואָס זיי צו זאָגן. דאָ אומקומען, דאָרט אומקומען. איך ווייס נאָר, אַז זיי זיינען מקדש השם. און מיר וועלן אויך טאָן אונזערס. מיר וועלן לערנען גאָטס תורה. און זאָל אונז באַשערט זיין צו שטאַרבן מיט גאָטס תורה אין אונזער מויל — קאָן דען זיין אַ שענערער טויט? וועלן מיר ווייטער אָנגיין מיט אונזער לערנען. אָנהייבן, וואו מיר האָבן נעכטן געלאָזן. און געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט: ווער עס וועט לעבן בלייבן, זאָל זען אַריבערצוראַטעווען זיך צו רבי שלמהן אין טראָיס און דורכגיין פאַר אים די סוגיא „כל קבוע"..."

די פּאַרנסטע אויבן ביי די פענסטער און אין בוידעם־

ווינקל האָבן פּלוצלונג אַרויסגעאָטעמט מיט שרעק: אוי, וויי!

און אַלע הינטן מיט נאָך גרעסערן שרעק: וואָס איז? וואָס איז? וואָס איז דאָרטן געשען?!

דער געשלעג גייט אויף צוריק! קומט צו נעענטער! אונזערע זיינען גאַנץ אַרומגערינגלט!

אַ געיאָמער האָט אויסגעבראָכן, פאַרשפּרייט זיך איבערן גאַנצן הויז, פון בוידעם ביז צום אונטערשטן שטאָק. פרויען האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן אין חלשות.

אין טויער אַ קלאַפּעריי פול שרעק און אָטעמלאָז: עפנט אויף! עפנט שנעל אויף! מען האָט זייער פאָרזיכטיק אויפגעעפנט דעם טויער, אַ דורכגאַנג גענוג פאַר איינציקווייז דורכצושפּאַרן זיך. אָבער אין גאַס הינטער דעם טויער זיינען געשטאַנען ביי צען מענער, פאַרסאָפּעטע, צעבלוטיקטע, אויף טויט דערשראָקענע. אומגעדולדיק, ווי געיאָגטע האָבן זיי זיך געריסן אין טויער, די הינטערשטע גרייט אָוועקצושטופּן די פאָרנסטע. הינטער זיי אָבער איז קיינער נישט געווען ווי נאָר זייער אייגענער שרעק.

קומט נאָך ווער? זיי האָבן נישט געוואוסט. איז מען אייך נאָכגעלאָפן? זיי האָבן נישט געוואוסט.

וואו זיינען אַלע איבעריקע?

ווער ווייס! זיי זיינען שוין אפשר אַלע אומקומען, אָדער געפאַנגען געוואָרן. און אפשר וועט נאָך ווער אַרויסראַטעווען זיך, ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט. נישט געהאַט מער מיט וואָס צו שלאָגן זיך. פון די הענט אַרויסגעפאַלן אָדער אַרויסגעריסן געוואָרן דאָס געווער, אָוועקגעצילט אין שונא דעם לעצטן שטיין. און די טמאים ווערן אַלץ מער און מער. פון אַלע גאַסן קומען זיי אָן, כוואַליעס גאַנצע, אַ פאַרפלייצונג. נישט געהאַט מער קיין זין צו שלאָגן זיך.

דער הויף איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. די פינסטערניש פון טויט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אים. מען האָט באַוויינט די, וואָס זיינען נישט געקומען צוריק, און מען האָט זיך אַליין באַוויינט. מען האָט זיך צוגעהערט צום דרויסן, גע-

קוקט מיט שרעק צום טויער, געוואַרט אויך מיט קלאַפּנדיקן האַרץ אויף אַ רוף צו עפענען שנעל דעם טויער. מען האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז נאָך אַנדערע האָבן זיך געראַטעוועט, וועלן זיך ראַטעווען. דרויסן האָבן בלוטדורשטיקע געשרייען אָנגעפילט די לופט. אַ סימן, אַז דער געשלעג איז נאָך אָנגעגאַנגען. די אַרומגערינגלטע יידן האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן, נישט אַוועקגעלייגט דאָס געווער, געשלאָגן זיך ביז דעם לעצטן אָטעם.

עס איז שוין געווען אַ שטיק אין טאָג, ווען די בלוט־דורשטע געשרייען האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן און פאַרקליבן זיך הינטערן טויער. די גזלנים זיינען שוין דאָ! זיי האָבן אַ פּרואוו געטאָן דעם טויער און געוואָרפן שטיינער אין צווייטן שטאָק פון הויז.

איצטער קומט דער סוף. אַלעמענס סוף. רבי יצחק האָט לאַנגזאַם צוגעמאַכט די גמרא, נישט געקאָנט אַוועקרייסן פון איר די אויגן, אַ קוש געטאָן זי, אַ לאַנגן וואַרעמען קוש, אויפגעשטאַנען און אַריין אין שול. אין שול איז געווען ענג, ער האָט זיך קוים דורכגעשטופּט צום אָרון־קודש. פון דער בימה פאַרן אָרון־קודש האָט ער גערעדט צום יאָמערנדיקן עולם:

„דער סוף פון דעם מענטש איז צו שטאַרבן, און קיינער שטאַרבט נישט פאַר דער צייט. דער טאָג פון טויט איז יעדן מענטש פאַרויסבאַשטימט פון זיין הייליקן נאָמען, און אויך וואָס פאַר אַ טויט. אָבער די נשמה צעשיידט זיך שווער מיטן גוף, און דער מענטש, וואָס וויים זיין גאַנץ לעבן, אַז ער וועט שטאַרבן, שטאַרבט נישט ווילנדיק, שטאַרבט בעל כרחו, אפילו ווען ער איז זאַט מיט יאָרן. אָבער פאַראַן אַ טויט, וואָס דאַרף פון אונז יידן אויפגענומען ווערן מיט שמחה. דאָס איז דער טויט פאַר אונזער גאָט, פאַר אונזער אמונה, פאַר אונזער הייליקער תורה. וואויל איז די, וואָס זיינען זיך מקריב פאַר זיין הייליקן נאָמען! וואויל איז די, וואָס דערפילן דעם רצון פון דעם אַלמעכטיקן! לאָמיר זיך שטאַרקן און נעמען אויף זיך געטריי, וואָס די מורא פאַר גאָט און די ליבע צו אים לייגן אויף אונז אַרויף! פון אַלע פיר מיתות, וואָס ווערן דערמאָנט אין אונזערע הייליקע ספרים, איז דער

טויט דורך שחיטה דער ליכטסטער. צו מיר וועלן געקוילעט ווערן פון די טמאים אדער פון דער אייגענער האנט, א קליינע רגע וועט עס געדויערן, און בזכות זה וועלן אונזערע נשמות גע־ניסן דאס אייביקע לעבן אין גלאנץ פון ליכטיקן גן־עדן..."

ער האט גערעדט און געפילט, אז זיינע ווערטער, וואס קומען אים ארויס פון הארצן, גייען אויך אריין אין די הערצער פון זיינע צוהערער. ווען ער האט געענדיקט, האט ער דערוואַרט צו הערן אן אויסגעשריי, אז זיי וועלן טאן, ווי ער האט געזאגט. אבער דער עולם האט נאר פארשטארקט דעם געיאָמער, און ער איז געשטאנען אויף דער בימה ווי איבער א יאָמער־ים מיט הויך אויפשטייגנדיקע כוואַליעס.

ער האט צוגעמאכט די אויגן, צוגעהערט זיך א רגע צום גע־יאָמער, און הויך אויסגעשריען:

„וואס וועט איר מיר זאגן, יידן?"

א יאָמער־כוואַליע איז הויך אויפגעשטיגן און פון איר האט זיך ארויסגעריסן א כאר פון שטימען, פארטרונקענע אין טרערן:

„רבי, מיר האבן שוין בודק געווען חלפים!"

ער האט זיך אנגעכאפט אן דעם עמוד, אום נישט אומצו־פאלן, אויפגעעפנט די אויגן — און אין זיי האט געשיינט דאנק־באַרקייט, און עס איז געווען שמחה אין זיין קול, ווען ער האט פעסט ארויסגערעדט:

„מיר וועלן זאגן ווידוי צוזאמען!"

מענער האבן אנגעטאן טליתים, און ער האט געזאגט ווידוי מיטן עולם. נישט געקאנט איינהאלטן זיך: צוואוויינט זיך, גע־גאסן שווערע טרערן אין דעם אויפשטייגנדיקן יאָמער־ים. ווען ער האט אפגעזאגט דעם ווידוי, האט ער פרום ארויסגערעדט, מיט די אויגן נאך אויבן:

„מיר זיינען גרייט, רבונו של עולם!"

אבער די קוילער האבן נאך נישט געמאכט דעם קלענסטן פארזוך איינצוברעכן דעם טויער. עס איז געווען שטיל דרויסן — די טמאים האבן געוואלט נארן די יידן. זיי וועלן זיך האלטן שטיל און וועקן די נייגער, און די נייגער וועט סוף־כל־סוף א

קליין עפּן טאָן דעם שווערן טויער און אָרויסשטעקן דעם קאָפּ. יעמאָלט וועט מען פאַרשפאַרן די טרחה איינצוברעכן דעם שווערן טויער. אָבער ווי שטיל זיי האָבן זיך נישט געהאַלטן, האָבן זיי זיך דאָך נישט געהאַלטן שטיל גענוג, אַז די אָנגעשטרענגטע אויערן פון די זיך צוהערנדיקע יידן זאָלן נישט אויפכאַפּן אַ פאַר־זיכטיקן טראָט, אַן איינגעהאַלטן שעפּטשען. און יעדעס מאָל האָבן די צוהערער צוגערופן צום נייגעריקן עולם אין הויף און הויז:

„זיי זיינען דאָ, זיי זיינען דאָ, די גזלנים!"

ביז וואַנען וואָס, האָט רבי יצחק געלאָזט אויסרופן, אַז מען זאָל דאַווענען מנחה. אָפּגעדאַוונט מנחה, און די שומרים ביים טויער האָבן געלאָזט וויסן, אַז די טמאים זיינען נאָך דאָ. האָט רבי יצחק געהייסן זאָגן תהילים, און ער און דער עולם האָבן געזאָגט תהילים, ביז שטערן האָבן זיך באַוויזן אין הימל. יע־מאָלט האָט מען געדאַוונט מעריב.

„גאָט וויל, אַז מיר זאָלן אים גאָרנישט בלייבן שולדיק," האָט רבי יצחק געזאָגט.

די נייגער האָט שטאַרק געוואָלט אויסגעפינען, וואָס עס טוט זיך דרויסן. כאָטש אַ קליין ביסל אָן עפן טאָן דעם טויער. די קוילער זיינען זיך געוויס צוגאַנגען. מען הערט טאַקע גאָר־נישט מער. אָבער זיי האָבן געוויס איבערגעלאָזן שומרים צו היטן, אַז די יידן זאָלן נישט אַנטלויפן. עך, מען שפּילט זיך נישט מיט נייגעריקייט! טשעפּעט נישט דעם טויער! עפנט אים נישט אויף!

אָבער וואָס קען עס זיין, וואָס זיי זיינען זיך אַזוי שטיל צוגאַנגען?

מען וועט עס שוין מאָרגן אויסגעפינען.

אפשר זיינען זיי טאַקע אַוועק און וועלן נישט קומען צו־ריק?

ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך.

דאַרף מען געבן גאָט, וואָס עס קומט אים. הונגעריקע און מידע האָט מען געטריבן דעם שלאָף פון די אויגן און פאַרבראַכט

די נאַכט מיט קינות און סליחות און תהילים. אָבער רבי יצחק איז ווידער געזעסן מיט זיינע תלמידים אַרום דעם ישיבה־טיש און געלערנט גמרא, און אַרויסגעוויזן חריפות, און עטלעכע מאָל אַרויסגעזאָגט דעם וואונטש, אַז ער וואָלט געוואָלט הערן, וואָס וואָלט אים געזאָגט אויף דעם רבי שלמה יצחקי. אויב גאָט האָט באַוויזן דעם נס און אָפּגערופן די באַלאַגערנדיקע טמאים — און אפשר האָבן זיי דאָרטן אַלע אויסגעפּגרט, איינגענומען אַ מיתה־משונה, ווי דער חייל פון סנחריבן הינטער די ווענט פון ירושלים! — וועט ער בלי־נדר אַזוי שנעל ווי מעגלעך אַריבער־כאַפּן זיך אין טראָיס צו רבי שלמהן, און אַפילו ער זאָל דאַרפן עולה רגל זיין.

און אַזוי איז אַוועק די נאַכט און עס איז אָנגעקומען דער טאָג, דינסטיק דער דריטער סיוון, דער טאָג פון שרעק און טויט. אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין געדעכעניש, קיין שטראָל זאָל אים מער נישט באַשיינען!

פון גאַנץ פרי אָן האָבן זיך די טמאים אָנגעהויבן צו קלייבן דרויסן פאַרן טויער. אַ ווילדע בלוטדורשטיקע מאַסע, פון יעדן עלטער און פון ביידע געשלעכטער — אויך פרויען זיינען געווען אין דעם ווילדן מערדער־עולם. אַלע אָנגעגאָסן מיט וויין און רציחה, און זייערע קולות האָבן געלעכערט דעם הימל: טויט די יידן! נידער מיט די יידן! קרעפּירן זאָלן די יידן!

רבי יצחק איז גראָד געשטאַנען ביים עמוד און געדאַוונט שחרית פאַרן עולם אין שול, ווען די קוילער האָבן אָנגעהויבן צו ברעכן דעם טויער. געשריי און יללה האָבן פאַרהילכט דעם דאַוונען, געשריי און יללה איבערן גאַנצן הויף און הויז.

די שומרים ביים טויער און דער עולם אין הויף האָבן זיך אָנגעהויבן שפּאַרן אין הויז אַריין מיט שרעקגעשריי: „מיר זיינען פאַרפאַלן! שמע ישראל! שמע ישראל!"

רבי יצחק איז אַראָפּ פון עמוד, האָט באַקוקט דעם עולם, אַרויסגעזוכט זיינע ביידע זין און זיינע תלמידים, צוגעוואונקען צו זיי און נאָך עטלעכע אַלטע יידן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט זייער גרויסער פרומקייט, זיי זאָלן נאָכגיין נאָך אים, און איז

ארויס אין הויף. די אַלע אַנדערע האָבן זיך ארויסגעשטופּט נאָך אים. אַ פּאָר מנינים מענטשן.

דער טויער האָט זיך נאָך שטאַרק געהאַלטן, און רבי יצחק האָט זיך געווענדט צו זיינע בײדע זין און צו עטלעכע פון זיינע תלמידים און געזאָגט צו זיי:

„גייט צוריק אַריין אין הויז, פאַרשליסט גוט הינטער זיך די טיר און צעטיילט זיך איבער אַלע חדרים. איר האָט חלפים ביי זיך, און זיי זיינען געבודקט. געפינט אויס, ווער עס האָט נאָך חלפים און גרייט זיי צו. ווען די סכנה וועט צוקומען צו דער הויז־טיר, וועט איר טאָן, וואָס איר דאַרפט טאָן. קיינער זאָל נישט פאַרגעסן צו זאָגן „שמע ישראל" — אויך דאָס קלענס־טע קינד נישט. אויב דאָס קאָן נאָך נישט ריידן, זאָל מען פאַר אים זאָגן. צולעצט זאָלט איר זיך אַליין... אויב די האַנט וועט זיך פאַר מידיקייט נישט קאָנען אויפהויבן צום האַלז, זאָלט איר זיך דעם בויך..."

ער האָט נישט דערענדט, זיין קול איז פאַרשטיקט געוואָרן פון טרערן.

ער האָט זיך געשטעלט ביי דער טיר און מיט קושן צוזעגנט זיך מיט זיי. אויפן האַלז פון צוויי פון זיינע בעסטע תלמידים האָט ער ווי אַריינגערוימט זיי אין אויער: „זו תורה וזו שכרה!" און צו זיינע בײדע זין האָט ער געזאָגט:

„איך פאַרלאָז זיך אויף אייך, זין מיינע. אייער האַנט וועט נישט זיין שוואַך, נישט אויף פרעמדע, נישט אויף די איי־גענע ווייב און קינדער, און נישט אויף זיך אַליין. נאָר די מוטער זאָלט איר נישט. פון וועגן כיבוד אם. זי וועט זיך אַליין, די צדקת..."

ווען די טיר איז פאַרמאַכט געוואָרן הינטער די אַוועקגעגאַנ־גענע, האָט ער נאָך אַ פּרואוו געטאָן זי און דערנאָך געווענדט זיך צו די איבערגעבליבענע:

„מיר זיינען דאָ פּונקט אַ מנין, וועלן מיר ווייטער דאַווענען. צוזעצט זיך אין דריי שורות דאָ פאַר דער טיר, און איך וועל שטיין פאַר אייך — חזן און שליח ציבור ביז דער לעצטער מי־

נוט, און מיר אַלע וועלן זיין די חלוצים, וועלכע קומען פאַר דער מחנה. מיר וועלן די ערשטע קומען פאַרן כסא הכבוד און זאָגן אים, אַז נישט אומזיסט האָט ער אויסגעקליבן דאָס פאָלק ישראל פאַר זיין פאָלק...״

דער טויער האָט אָנגעהויבן אונטערצוגעבן זיך.

„צוזעצט זיך!״ האָט רבי יצחק אויסגערופן. „מיר וועלן אָנגיין מיטן דאַוונען.״

ער האָט זיך צוגעווענדט מיטן פּנים צום טויער, אויפגע־הויבן די אויגן צום הימל, אַרויפגעצויגן דעם טלית אויפן קאָפּ, אויסגעשטרעקט דעם האַלז, גרייט צו דער שחיטה, און אָנגעהויבן אויפן קול די איבערגעריסענע תפילה — חזן און שליח ציבור. די אַנדערע הינטער אים האָבן זיך אויסגעזעצט אין דריי שורות, איינגעוויקלט זיך אין די טליתים. ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט געשטערט ווערן אין זייער דאַוונען. אָדער ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט קוקן דעם טויט אין די אויגן, געוואָלט אויסמיידן דעם לעצטן שרעק. זייערע דאַוונענדיקע שטימען האָבן זיך קוים אַרויסגעהערט.

דער טויער האָט זיך אונטערגעגעבן. די טמאים האָבן זיך מיט טריאומף־געשריי אַריינגעריסן אין הויף, דערזען און דער־הערט דעם שטייענדיקן הויך דאַוונענדיקן רב, דערזען די זיצנ־דיקע איינגעוויקלטע פיגורן, און זיינען געבליבן שטיין איבער־ראַשט, פאַרחידושט. וואָס איז דאָס? עפּעס שטעקט הינטער דעם... עפּעס האָבן די יידן פאַרטראַכט... זיי האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט אין פאָרויס, געשטופּט פון דער אָנשפּאַרנדיקער מאַסע, צושפּרייט זיך אין האַלבקרייז, ווי צו פאַרגנבענען זיך הינטער דעם רב, צוגעוואונקען זיך מוט, געשאָטן מיט ניבול פּה און געשמוצט די יידן, און דאָך ווי מורא געהאַט צו צוגיין צו נאָענט.

רבי יצחק האָט נישט אַראָפּגעלאָזן די אויגן, געקוקט אַלץ אַרויף צום הימל. אָבער ער האָט דעם הימל נישט געזען. ער האָט שוין געזען אַ סך ווייטער. זיין בליק האָט זיך דערנעענ־טערט צום כסא הכבוד, און זיין דאַוונען צו קריאת שמע. זיין שטימע איז געוואָרן שטאַרקער, קרעפטיקער, התלהבותפול.

„שמע ישראל..."

א הויכער באַבאָרדעטער מאַן מיט בלאָנדע האָר און בלאָנדע אויגן האָט זיך פאַנאַנדערגעפּאָכעט מיט זיין שווערד און אָראָפּ־געלאָזן אים מיט פולער קראַפט אויפן אויסגעשטרעקטן זינגענדיקן האַלז. א גוטער שניט געווען, א טויט־שניט. רבי יצחק האָט אָנגעהויבן צו פאַלן, אָבער אַנטקעגנשטייענדיקע טמאים האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אַרויפגעוואָרפן אויף די זיצנדיקע יידן, אונטער טריאומף־געשריי און געלעכטער. די זיצנדיקע זיינען צוערשט מבולבל געוואָרן פון דעם קלאַפּ פון דער שווערער משא, אָבער האָבן גלייך באַגריפן וואָס אויף זיי איז אַרויפגעפאַלן. „רבי יצחק! רבי יצחק!" האָבן זיי געשעפּטשעט מיט פייער־שרעק אין אַלע גלידער. ציטערנדיקע הענט האָבן זיך געהויבן פּאַמעלעכדיק, בגנבה; אומרואיקע פינגער האָבן זיך באַוועגט, אָנגעטאַפּט, אַרומגעטאַפּט. דערפילט דעם טייערן רבי, דערפילט נאַסקייט. זיי האָבן נישט געדאַרפט א קוק טאָן, וואָס פאַר א נאַסקייט דאָס איז. זייערע הערצער זיינען אויסגעגאַנגען אין זיי, טרערן האָבן גענאָסן אין שטראָמען, און די ליפּן האָבן זיך שטיל באַוועגט: „רבי יצחק! רבי יצחק!" אין דער מינוט האָבן זיי זיך איינגאַנצן פאַרגעסן.

די טמאים האָבן געקוקט אויף זיי מיט חשד, נישט געאיילט צו באַפאַלן זיי, זיינען געווען פאָרזיכטיק. זיי האָבן אָנגענומען רבי יצחקן פאַר די פיס, אָראָפּגעשלעפּט אים און ווידער אַרויף־געוואָרפן אויף די זיצנדיקע, מיט מער קראַפט און ווילדקייט. א יאָמער־קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטער די טליתים. דאָס איז געווען א סיגנאַל. די ווילדע מאַסע האָט זיך אַרויפ־געלאָזן אויף די זיצנדיקע מיט שווערדן און שפּיזן און העק. געשניטן, געשטאָכן, געהאַקט. פון די זיצנדיקע איז קיינער נישט אויפגעשפּרונגען, נישט אָפּגעדעקט זיך. און אַזוי האָט קיינער פון זיי נישט געזען דעם טויט פון די אַנדערע און נישט געזען, ווען דער טויט איז געקומען צו אים. עס איז אין זיי נישט געווען קיין שרעק, און כמעט האָבן זיי קיין ווייטיק נישט געפילט. די טמאים האָבן געשריען, געיובלט, געטאַנצט אויף די קערפּער,

שיכור פון בלוט. אָבער די יידן האָבן זיך נישט געקרימט אין וויטיק, נאָר געזען אויסצוגלייכן זיך, און זאָל גאָט זען, ווי זיי שטאַרבן פון זיין נאָמען וועגן.

ווען די טמאים זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט די זיצנדיקע פאַר דער טיר, האָבן זיי זיך צוגעווענדט צו דער טיר. יעמאָלט האָבן זיי באַמערקט, ווי פון אונטער איר ריזלט אַרויס אַ בלוט־שטראָם. זיי האָבן אַרויסגעשריען אַ העסלעכע קללה אויף די יידן. עס איז זיי געבליבן בלויז איינצוברעכן די טיר און רויבן. קיין אַנדער אַרבעט האָבן זיי דאָ נישט געהאַט.

— — — — — — — — — —

**פרילינג איז געווען... די בוימער האָבן געבליט... די בלו־מען אין דער פּראַכט פון אויגן פרייענדיקע קאָלירן האָבן צו־שפּרייט זייערע ריחות ווייט און ברייט... די זון האָט געשיינט.**

**.1941**

מיט דאנק צו הרב ה. קאַרלינסקי, וואָס
האָט ארויסגעראַטעוועט די כראָניק
וועגן קדוש פון דעם ליוצינער פנקס.

# דער קדוש פון ליוצין

גערוידמעט דעם אייביקן אָנדענק
פון יצחק לייבוש פרץ.

די נאַצים האָבן חרוב געמאַכט דאָס שטעדטל ליוצין אין
וויטעבסקער געגנט, אויסגעהרגעט די יידישע באַפעלקערונג
פון איבער צוויי טויזנט נפשות, פאַרברענט אַלע יידישע הייזער,
געמאַכט זיי גלייך מיט דער ערד, און צושטערט אפילו דעם
בית עולם, וואָס איז געלעגן הארט ביי דער ליוצינער אזערע.
א ברעט פון א מצבה איז אריינגעפאַלן אין וואַסער און ארומ־
געשוואומען איבער דער אָזערע מיט אירע העברייאישע אותיות
ארויף צו דער זון, און האָט דערמאָנט א נאָמען און דערציילט
א מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן. — — —

אין שטעדטל ליוצין, וואָס האָט מיט הונדערט און אכטציק
יאָר צוריק געהערט צו פוילן, האָט געלעבט א מאָל א שניידער.
דאָרטן געבאָרן געוואָרן, דאָרטן געוואוינט, אָבער דאָרטן נישט
געאַרבעט. ער איז געווען א דאַרפשניידער און האָט געצויגן זיין
חיונה אין די אַרומיקע דערפער, וואו ער פלעגט אָנבאָטן אין
פריצישע הויפן און אין פויערשע כאַטעס זיין קונסט פון נייען
נייע בגדים און איבערניצעווען אַלטע, אז זיי זאָלן אויסזען ווי
נייע, און צו קירצן די מלבושים פון עלטערע און גרעסערע פאַר
קליינער יונגוואַרג. נאָר אויף שבת פלעגט ער קומען אהיים
אין ליוצין. קיינמאָל נישט אוועקגעגאַנגען צו ווייט, ער זאָל
נישט קאָנען קומען אויף שבת אהיים. זונטיק פלעגט ער אוועק־

גיין מיט נאָדל־פּאָדים און מאָס אין קעשענע און מיט דעם שווערן פּרעסאײַזן אויף דער פּלייצע און קומען צוריק פריייטיק פאַרנאַכט, צייטיק גענוג אַרייַנצוכאַפּן די באָד. שבת האָט ער געמוזט זיין צווישן אידן. כאָטש שבת זאָגן אַ ייִדיש וואָרט הויך אויפן קול, כאָטש שבת מאַכן אַ קדושה און ענטפערן אָמן מיט פולן מויל און פרומען הארץ. און טאַקע הערן צומאָל אַ דרשה, און גלאַט עפּעס — שבת!

געהייסן האָט ער משה, ביי אַן עליה האָט ער געהייסן רב משה ברב דוד, אָבער די פּויערים האָבן אים גערופן מאָשקאָ. אפשר דערפאַר, וואָס אַלע ייִדן האָבן ביי זיי געהייסן מאָשקאָ. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געהייסן מאָשקאָ און מאָשקאָ און האָט זיך געפרייט, וואָס שבת פּלעגט ער זיך אומקערן צוריק צו משה און אַפילו צו רב משה. ווען ער האָט מעביר געווען די סדרה, האָט ער אַרויסגערעדט דעם נאָמען משה מיט ליבע און מיט דעם ציטער פון גרויסן אָפּשיי, ווי ער וואָלט אים באַלוינט און איבערגעבעטן פאַר אַלע די „מאָשקאָס", וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט דורך דער וואָך.

אַ פרומער ייִד געווען און האָט אָפט געקרעכצט, וואָס דורך זיין פּרנסה קאָן ער נישט אָפּהיטן ייִדישקייט, ווי ער וואָלט געוואָלט און ווי אַ פרומער ייִד דאַרף אָפּהיטן. אָבער ער האָט זיך באַמיט גאָרנישט שולדיק צו בלייבן. ער פּלעגט נייען פון אינדערפרי ביז שפּעט פאַרנאַכט. ווען ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אָפּלייגן מנחה־דאַווענען, יעמאָלט פּלעגט ער אוועקלייגן זיין אַרבעט מיט אַנטשלאָסנקייט, געמאָגט אַפילו האַלטן אין מיטן פון אַ נאָט. גענוג! ביז אַהערצו געאַרבעט פאַר מענטשן, איצטער וועט ער גיין אַן אַרבעט טאָן פאַר גאָט. איז אין דאָרף געווען אַ ייִדישע קרעטשמע, איז ער איינגעשטאַנען אין דער קרעטשמע, און אַהינצו פּלעגט ער אוועקאײַלן אָפּדאַווענען מנחה, און טאַקע אויף גיך, ווייל עס ווערט שוין שפּעט! אָפּזאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, ביז נאַכט איז צוגעפאַלן. יעמאָלט פּלעגט ער גלייך דאַווענען מעריב, טאַקע בנעימות, רואיק און געלאַסן און מיט ניגון. איז ער אָבער

איינגעשטאַנען בײַ אַ פּויער אין דאָרף, ווייל קיין יידישע קרעטשמע איז נישט געווען, האָט ער שוין געהאַט אַן אָפּגע־זונדערטן, באַהאַלטענעם ווינקל ערגעץ־וואו איז דרויסן צווישן בוימער אָדער אין אַ פּירהויז, וואו ער האָט זיך געקאָנט פאַר־רוקן, ווייט פון צלמים און איקאָנעס, און דאַוונען און זאָגן תהלים מער אָדער ווייניקער אומגעשטערט.

נאָר זייער שווער איז געוועזן מיט שחרית — דער טלית און תפילין האָבן געריסן די פרעמדע אויגן. זיי פלעגן זיך צונויפ־קומען יונג און אַלט, און קוקן אויף אים ווי אויף אַ בייז וואונ־דער, און געבּרויכן שטערנדיקע ווערטער, און אָפּלאַכן און חייזעק מאַכן. האָט עס געמוזט אויסגיין צו זיין שלאָף. ער פלעגט אויפשטיין נאָך פאַר די הענער, אָפּגיסן נעגל־וואַסער, פאַרקריכן אין זיין אויסגעזוכטן ווינקל און שטעלן זיך דאַוונען אין טלית און תפילין, כאָטש עס איז נאָך געווען פינסטערע נאַכט, און יעדעס מאָל מיט אַ טיפן קרעכץ, ווייל ער פלעגט זאָגן די תפילות שנעל, שנעל, „אָפּכאַפּן זיי".

פרעמד איז אים געווען די דאָזיקע וועלט, פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין חיונה. אַזויפיל יאָרן געאַרבעט און דאָך נישט געקאָנט זיך צוגעוויינען. דאַכט זיך מענטשן — און ער האָט געליבט מענטשן, באַצויגן זיך מיט דרך ארץ צו אַלטע און ליב געהאַט אַ שפּיל צו טאָן זיך מיט קליינוואַרג — און דאָך ווי ער וואָלט זיך געדאַרפט אָנטאָן אַ כח, ווי ער וואָלט געדאַרפט אָוועקשאַרן מיט דער האַנט עפּעס, וואָס איז געשטאַנען צווישן אים און זיי, פאַרנאַנדעררייסן אַ פאָרהאַנג.

געוואָלט צוגעוויינען זיך און נישט געקאָנט. ווי ער האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוויינען צו די הייליקע בילדער אויף די ווענט. ער האָט זעלטן אויפגעהויבן די אויגן פון דער אַרבעט, ווייל ווען ער האָט זיי אויפגעהויבן, האָט ער געמוזט זיך באַגעגענען מיט דעם אָנבליק פון אַ „גאָט", וואָס איז געהאַנגען איינגעראַמט אויף דער וואַנט. האָט ער שטענדיק אויסגעזוכט צו זיצן מיטן רוקן צו דער וואַנט מיט די בילדער, אָבער דאָס האָט אים נישט פאַרהיט צו פילן די טשאַדעניש פון דעם ברענענדיקן אויל אונטער דעם בכבודיקסטן

„גאָט” אָדער „גאָטיכע” אין חשובסטן ווינקל פון צימער. און וויפיל האָט אים געקאָסט געזונט זייער כסדרדיק צולמען זיך? ער האָט נאָר געקאָנט אָפּקרעכצן: גאָט זאָל אים נישט שטראָפן, פאַרוואָס ער מוז עס צוזען, און זאָל אים טאַקע אויסלייזן פון זיין ביטערער פּרנסה.

אָבער אויך זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צוגעוויינען צו זיין הילוך און זיינע דרכים. ער פלעגט זיצן ביי זיין אַרבעט מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אָן דעם לאַפּסאַרדאַק נאָר מיט'ן אַרבע כנפות איבערן העמד. האָבן זיי זיך געחידושט. אָבער ווערליק ער האָט געזען, וואָס ער האָט געזען, און נאָר אָפּגעקרעכצט, האָבן זיי אים פאַרשאָטן מיט פראַגן, אין וועלכע עס איז געלעגן נישט נייגעריקייט, נאָר שפּאָט און אָפּלאַך, אָפט אויך בייזקייט און פאַראַכטונג.

„וואָס טראָגסטו די יאַרמולקע? האָסט אַ פאַרך?”

זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז ער האָט נישט קיין פאַרך. די יאַרמולקע האָט פאַרדעקט אַ קרוין געדיכט־געקרייזלטע האָר, אין וועלכע עס זיינען שוין געווען אַ היבש ביסל גרויע. זיי האָבן דאָס געקאָנט זען, דער עיקר, ווען ער פלעגט אַראָפּשאַרן די יאַר־מולקע נאָך הינטן, ווען ער האָט געדאַרפט עפּעס באַטראַכטן און אויסמאַרקירן אין זיין אַרבעט. אָבער זיי האָבן געדאַרפט רייצן זיך מיט אים.

און ער האָט געענטפערט, פאַרטאָן אין זיין אַרבעט, אַ מסיח לפי תומו:

„פאַרוואָס טראָגט אַ קסיאָנדז אַ יאַרמולקע?”

דאָס איז געווען אַ רייצנדיקער ענטפער. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, וואָס ער פאַרגלייכט זיך צו אַ קסיאָנדז, און ער האָט גלייך באַרואיקט מיט אַן אויפזיפץ:

„אַזוי איז עס שוין. אַ ייד טאָר נישט גיין מיט אַן אָפּגע־דעקטן קאָפּ.”

אָבער דאָס האָט נישט באַרואיקט און רוגזהדיק איז ווייטער געפרעגט געוואָרן:

„פאַרוואָס מאָגן מיר יאָ און אַ ייד טאָר נישט?”

אויף דעם האָט ער זייער באַרואיגנדיק געענטפערט:

„אייער גאָט האָט אייך געהייסן אָראָפּנעמען די היטלען, נעמט איר אַראָפּ; אונזער גאָט האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט גיין מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, גייען מיר נישט."

ער האָט אָבער נישט באַרואיקט. ער האָט געמוזט אויס־הערן, ווי זיינע פרעגער האָבן זיך דורכגערעדט צווישן זיך און באַשלאָסן, אַז יידן מוזן טאָן אַלץ פאַרקערט און זיינען פון טייוולס אָפּשטאַם, און אַ בייזע קריינק מאָג זיי אַלעמען אויסקייקלען. ער האָט נאָר טיפער אָפּגעקרעכצט. און געריכט זיך, אַז באַלד וועלן זיך אָנהייבן שיטן קשיות וועגן דעם אַרבע כנפות. זיי האָבן שטענדיק געוואָלט וויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין שטיק קליידונג און צוליב וואָס טראָגט ער עס. איז וואָס ענטפערט מען זיי, וואָס פאַר אַ מין שטיק קליידונג דאָס איז? זיי זעען דאָך: אַ קליידונג! אַ מין העמדל. אָבער צוליב וואָס טראָגט ער עס? האָט ער איינמאָל געענטפערט:

„איר טראָגט אַ צולם, מיר טראָגן אַן אַרבע כנפות."

נאָר דאָס איין מאָל געענטפערט, מער נישט. די גוים זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן. די העזה! צו פאַרגלייכן אַ צולם מיט דעם שטיק שמאַטע מיט די פיר עקלעך! איינער האָט געהאַט אויפגע־הויבן אויף אים די האַנט: ער וועט אים אַזוי פאַרפאַרן אין מאָרדע, אַז ער וועט עס שוין מער נישט זאָגן! אָבער נאָכמער האָט ער זיך אַליין שיר נישט אויפגעגעסן. ווי קומט ער גאָר אַרויסצורעדן אַזאַ זאַך אַן אַ להבדיל אפילו?! פון יעמאָלט אָן פלעגט ער זיך שוין פאַררופן אויף גאָט: „גאָט האָט אונז געהייסן טראָגן עס, טראָגן מיר!" האָבן זיי געלאַכט: אָט וואָס פאַר אַ באַפעל! און באַשלאָסן, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַ מין יידישע באַוואָרעניש. ווער ווייס זיי, וואָס אין דעם קאָן שטעקן! ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, וואָס זיי קאָנען פאַרטראַכטן!

וואָס האָבן זיי נישט פאַרטראַכט, פאַרוואָס ער וויל נישט עסן פון זייערן אַ טעפּל! ער האָט זיי געזאָגט: טריף. האָט זיך אָנגעהויבן אַ חתונה. וואָס הייסט טריף? איז עס סם? איז עס עיפּוש? איז עס ווערמדיק? איז עס עפּעס, מיט וואָס מען דאַרף

זיך מיאוסן? און אויף צולהכעים פלעגט מען אים איינלאדן צו צוקומען צום טיש און נישט זיין קיין גראָבער יונג. אז מען לאדט איין, טאָר מען זיך נישט אָפּזאָגן. ער פלעגט זיך נישט אָפּזאָגן פון אַ ביסל שנאַפּס, פון אַ שטיקל רעטאַך, אַ ציבלקע. אָבער זיי דווקא: פאַרוואָס זאָל ער נישט נעמען אַ שטיקל חזיר? עס איז געשמאַק, און עס איז געזונט, און די גאַנצע וועלט פּאַסמאַקעוועט זיך. און אים ווערט איבל פון זייער רעדן אַליין. און וואָס האָט ער געקאָנט ענטפערן? געדאַנקט פאַר פריינטלעכקייט און אָפּגעוויצלט זיך. אַן אומגליק! דווקא ווייל עס איז געשמאַק און עס איז געזונט און די גאַנצע וועלט פּאַסמאַקעוועט זיך, טאָר עס אַ ייד נישט. מיילא, ער וועט שוין אָפּקומען אַזוי זיין לעבן. ער האָט אָפּגעלעבט ביז איצטער אָן חזיר, וועט ער ווייטער לעבן. און געזונט איז ער גאָט צו דאַנקען סאַיווויסאַי, הלואי ווייטער! אָבער זיינע גאַסטפריינטלעכע באַלאַבאָטים זיינען געווען העכסט צופרידן, וואָס זיי זיינען נישט געבאָרן געוואָרן קיין יידן.

איז געווען דאָס ערגסטע, ווען זיי פלעגן באַדויערן, וואָס ער איז געבאָרן געוואָרן אַ ייד, און אָנהייבן אריינצורעדן אין אים, ער זאָל זיך טויפן. ער דאַרף אָננעמען די אמתע רעליגיע, באַקערן זיך צו יעזוס קריסטוס, וועלכער האָט גענומען אויף זיך אַלע זינד פון דער וועלט. יידן האָבן אים געפּייניקט, אָנגעטאָן אַלערליי יסורים און לסוף געקרייציקט — אויב ער, מאַשקאָ, וויל נישט גערעכנט ווערן פאַר אַ גאָט־מערדער, דאַרף ער זיך טויפן.

אַזוי אין יעדן פויערשן הויז. יעדער פויער און אפילו יעדע פויערטע האָט געוואָלט פאַרדינען די מצוה, צו באַקערן דעם ייד צום אמתן גלויבן. און פאַר אים איז דאָס געווען חיבוט הקבר. די רעד זיינען געפאַלן שווער אויף זיינע אויערן און געשטאָכן אים אין האַרצן ווי שפּילקעס. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם נאָמען יעזוס קריסטוס, פאַר וועלכן ער האָט געהאַט אַן אַנדער נוסח, און טיף אין זיך געשווידערט און געקרימט זיך יעדעסמאָל, ווען דער נאָמען איז געזאָגט געוואָרן. ווען ער וואָלט געקאָנט רעדן, וואָלט ער זיי דערציילט גאַנץ אַנדערע מעשות! אָבער ער האָט געמוזט שווייגן, אפילו ווען זיי האָבן אָנגערופן זייער רעליגיע

די אמתע רעליגיע. וואָס זיי ווייסן שוין פון אמת! אָבער גיי ענטפער זיי, אַז עס איז אַ סכנה אַרויסצורעדן אַ וואָרט און אפילו צו מאַכן אַ קרומע מינע. ער האָט געמוזט רואיק צוהערן, כמעט מאַכע אַ מינע, אַז ער הערט זיך גוט צו. זאָל עס אים נאָר גאָט מוחל זיין! אָבער אינדעראמתן האָט ער געטריבן פון זיך די טומאה־ווערטער, געזוכט נישט צוצולאָזן זיי צו זיינע אויערן. די רעד האָבן זיך געשאָטן, און ער האָט אונטערגעזונגען אין זיך אַ שטיקל חזנות: אַ „יקום פורקן”, אַ „מפני חטאינו”. אָדער געזאָגט אין זיך אַ קאַפּיטל תהלים, וועלכן ער האָט געקאָנט אויף אויסווייניק.

גאָר שלעכט איז געווען, ווען דער ריידער איז געווען אַ גלח. דער האָט נישט געלאָזן אָפּשווייגן זיך און איז באַשטאַנען אויף אַן ענטפער. „וואָס זאָגסטו, מאָשקאָ?” און „וואָס דענקסטו?” און „וואָס ענטפערסטו נישט?”

„איך בין אַן אָרעמער שניידער,” האָט ער ענדלעך איינמאָל געענטפערט. „האָב נישט געלערנט. וואָס קאָן איך ענטפערן אַ געלערנטן גלח, ווי דו ביזט. דו רעד זיך דורך מיט דעם ליוציינער רב. אויב ער וועט מיט דיר מסכים זיין, וועל איך ווייסן, וואָס איך האָב צו טאָן.”

און געטראַכט האָט ער בשעת מעשה: „נישט דערלעבן וועסטו! גיכער וועסטו איינגעמען אַ כפרה!”

אָבער באַלד האָט ער חרטה געהאַט, וואָס ער האָט דערמאָנט דעם רב, ווייל דער גלח האָט אָנגעהויבן צו שיטן פעך און שוועבל אויף דעם רב און אויף אַלע רבנים און אויף אַלע יידישע תלמידי חכמים. און ער האָט געמוזט הערן און שווייגן, און נישט אַרויס־ווייזן, ווי עס קאָכט אין אים. אַ פאַרגניגן וואָלט געווען כאָטש גוט אויסשפייען זיך! אָבער אפילו ווען ער וואָלט געדאַרפט אין דעם מאָמענט אויסשפייען, וואָלט ער געמוזט אַראָפּשלינגען דעם שפּיי, מען זאָל אים חלילה נישט אָננעמען אויף דעם חשבון פון דעם גלח און זיין תורה. ער האָט זיך געפּרואווט פאַרהוסטן און דערנאָך אויסגעשפּייט, אָבער ער האָט קיין הנאה נישט געהאַט. עס איז אין דעם שפּיי נישט געווען עקל און בייזקייט. דער

אַנשטעל פון פאַרהוסטן זיך האָט געמוזט דורכגעפירט ווערן זייער עכט, און דער אויסשפּיי איז געמאַכט געוואָרן זייער פאָרזיכטיק, וואָס ווייטער פון דעם גלח, און עס איז געווען אַ סכנה איבער־צוחזרן נאָך אַ מאָל דעם הוסט און דעם שפּיי.

די גליכסטע זאַך איז געווען, וואָס ווייניקער צו רעדן. ער וועט נישט רעדן, וועלן זיי אויף אים פאַרגעסן. דו זאָגסט אַ וואָרט, און זיי האָבן שוין אָן וואָס אָנצוכאַפּן זיך. איז בעסער שווייגן. ווי שטייט דאָרטן אין פּרק? שתיקה! שווייגן איז אַ קלוגע זאַך. אי, אי, דער פּרק!

האָט ער געשוויגן. געטאָן זיין אַרבעט, גענייט, געפּרעסט, און אונטערגעזונגען, אין זיך אָדער זייער שטיל, אונטער דער נאָז. אַ פּאָפּורי פון ניגונים. די גאַנצע חזנות איבערגעגאַנגען. געווען אין דער פּאָפּורי אי ראש השנה אי יום כיפּור, אי סליחות, אי טל, אי גשם, און אַ פּשוטער שבתדיקער דאַווענען, און דער ניגון פון דער סדרה און דער ניגון פון הפטרה. און אַזוי זיך ניגונים — ניגונים פון שטוב און גאַס, פון לידער מיט יידישע ווערטער. ער איז אַריבער פון ניגון צו ניגון נישט באַמערקנדיק. עס האָבן זיך געקייטלט ניגונים, און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער האָט געזונגען. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז עפּעס צושטרויען זיי אין אים, אַז עפּעס לאָזן זיי צו אים נישט צו, באַשיצן אים פון עפּעס.

אָבער די גוים אַרום האָבן נישט אָפּגעלאָזן. פון צייט צו צייט פאַדפירט מיט אים אַ געשפּרעך. שטענדיק געפרעגט עפּעס און אָפט אַרויפגעפירט דעם געשפּרעך אויף ייד־זיין און געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער זאָל זיך נישט טויפן.

האָט ער געפונען אַ וועג ווי נישט צו ענטפערן: מאַכן זיך שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט. ווען מען האָט אים עפּעס גע־פרעגט, אויף וואָס ער האָט נישט געוואָלט ענטפערן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט ענטפערן, וואָס ער האָט געוואָלט, פלעגט ער איינקנייטשן דעם שטערן, מאַכן אַן אָנגעשטריינגטן, פאַרזאָרגטן פּנים — עפּעס אַ שווערע הלכה אין דער אַרבעט. ער פלעגט קוקן באַזאָרגט אויף דער אַרבעט, גלייך ער האָט געמאַכט עפּעס אַ טעות

אָדער דאַרף גוט באַקלערן, וואָס ער האָט דאָ צו טאָן. אָדער די נאָדל פּלעגט פּלוצים בלייבן שטעקן, צי זי און צי זי, און זי וויל נישט פון אָרט, כאָטש שפּאַן איין אימיצן אין איר. די שער האָט פּלוצלונג פאַרלאָרן איר שאַרפקייט, און ער האָט געדאַרפט זי באַטראַכטן און דורכרעדן זיך מיט איר: וואָס פאַר אַ כוואַראָבע איז אין איר אַריין! און וואָס פאַר אַ צרה מיט דעם פּרעסאייזן, אַ פייער אויף אים! וויל עפּעס נישט היים ווערן ווי עס דאַרף צו זיין, ברענען זאָל ער!

איז עס געווען איינמאָל אַ פּאָר טעג פאַר שבועות, און ער האָט געאַרבעט ביי אַ רייכן פּויער אין אַ דאָרף ביים אָזערע פּונקט אַקעגן ליוצין, און איז געווען גוט אויפגעלייגט. אָט איז שבועות, און ער וועט זיין יום טוב אין דער היים — ער האָט שוין איימיצן, דעם אַלטן לוציאַן, דעם שליסלהאַלטער פון דער קאָזע אין דעם פּריץ'עס הויף, וואָס וועט אים אַריבערשיפן איבער דער אָזערע. אַ גוטער גוי, געבענטשט זאָל ער זיין! דאָס אַריבערשיפן איבער דער גרויסער אָזערע וועט נעמען אַ שעה און מער, און ער וועט קומען אהיים אַן אָפּגערוטער און קאָנען אויף זיין די נאַכט און נישט מורא האָבן, אַז ער וועט איינשלאָפן איבערן תיקון. האָט ער געאַרבעט און אונטערגעזונגען דעם אקדמות־ניגון. ער האָט געוואוסט אויף אויסווייניק די ערשטע עטליכע שורות, און דערנאָך איינצלנע ווערטער, דאָ אַ וואָרט, דאָ אַ פּאָר ווערטער, האָט ער אַרויסגעזונגען אונטער דער נאָז די שורות, וועלכע ער האָט געקאָנט, דערנאָך אונטערגעפּאָנפּעט דעם ניגון, ביז ער איז צוגעקומען צום וואָרט, וואָס ער האָט געוואוסט, אַרויסגעזונגען עס אונטערן נאָז און ווידער אונטערגעפּאָנפּעט ביז צום צווייטן באַקאַנטן וואָרט. אַזוי דורכגעזונגען דאָס גאַנצע אקדמות, אין פאַרויסגעפיל פון דעם גרויסן נחת פון דעם הייליקן יום טוב אין דער היים מיט ווייב און קינדער און צווישן אַ סך יידן.

ער האָט געניייט אַ לאַנגן בגד פון שווערן שוואַרצן שטאָף פאַר דעם רייכן פּויער, וואָס וועט פאָרן אין אים אין שטאָדט אויף זייער כמו־שבועות יום טוב, און ווייל ער האָט געדאַרפט האָבן

א סך ליכטיגקייט, איז ער געזעסן אויף א באַנק ביי דער לייַנג פון א לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען ביי דער אויבן־אָן וואַנט, וועלכע האָט געהאַט צוויי פענסטער. צווישן די ביידע פענסטער איז געהאַנגען א תלוי מיט א פאַרוואָרפענעם קאָפּ און פאַרקרימטן פּנים; רעכטס פון דעם תלוי אין ווינקל איז געהאַנגען דאָס בילד פון דער הייליקער מאַמען, אונטער וועלכן עס האָט געטשאַדיעט א ברענענדיק אויל־לעמפּל, און לינקס אין ווינקל איז געהאַנגען עפּעס א גאַנצע הייליקע פאַמיליע. איז משה געזעסן מיטן רוקן צו דער וואַנט, געהיט זיך, וואָס ווייניקער אַנצוטרעפן זיך מיט דעם אָנבליק פון די „געטשקעס".

און ווייל דאָס איז געווען א בגד, וואָס וועט צוערשט גע־טראָגן ווערן אין א הייליקער פּראָצעסיע, איז אָפּט די גאַנצע פאַמיליע — דער פּויער, די פּויערטע און זייערע זעקס קינדער — געשטאַנען ביים טיש און האָט צוגעקוקט און באַוואונדערט דעם נס, ווי דער בגד וואַרט פון מינוט צו מינוט אַלץ מער פאַרטיק. אָט איז געלעגן א שטיק געוואַנט, און אָט איז דאָס געוואַנט צו־שניטן געוואָרן אויף שטיקער און שטיקלעך, און אָט ווערן די שטיקער צוזאַמענגענייט און עס וואַקסט א בגד, וועלכן דער טאַטע פון דער פאַמיליע, א פּויער, וועמען גאָט האָט געבענטשט מיט אַלדאָס גוטס, וועט אָנטאָן און פאָרן אין אים אין ליוזשין און גיין מיט אים אין א הייליקער פּראָצעסיע צוזאַמען מיט א סך פון די חשובסטע באַלאַבאַטים פון דעם אָרט.

ווען משה האָט געהאַלטן ביים אַריינניייען די אַרבל, איז שוין די נייגער געשטילט געוואָרן. זיי האָבן שוין אַלץ געזען, וואָס זיי האָבן געוואָלט זען. ער האָט געקאָנט דערנייען דעם בגד אומגע־שטערט, נישט פאַרוואָרפן ווערן מיט קשיות און געבן ענטפערס, וועלכע האָבן אים געשטערט זיינע יום־טוב־רעיונות און אָפּגע־ריסן פון זיין געזאַנג. אָבער ווען ער האָט געהאַלטן ביים לעצטן אַרבל, איז אַריינגעקומען די פּויערטע, א לאַנגע דאַרע נקבה מיט א בייזן געזיכט, א דריי געטאָן זיך איבערן חדר, געבליבן שטיין ביים טיש, צוגעקוקט א ווײַלע, ווי משה נייט אַריין דעם אַרבל, און א זאָג געטאָן:

„ביזטו נישט שטאָלץ, וואָס דיין בגד וועט זיין אין דער פּראָצעסיע?"

„וועט נישט זיין דאָרטן מיין איינציקער," האָט משה גע־ענטפערט.

„דו אַליין האָסט אויך געדאַרפט זיין אין דער פּראָצעסיע," האָט די פויערטע געזאָגט און איבערגעצוקמט זיך.

„איך?" האָט ער זיך געוואונדערט. „ווי קום איך? איך בין אַ ייד."

„אַז דו נייסט בגדים, וואָס גייען אין דער הייליקער פּראָ־צעסיע, האָסטו דאָרטן אויך געדאַרפט זיין," האָט די פויערטע האַרט אַרויסגערעדט.

„און אַז איך ניי פאַר אַ פּריץ, דאַרף איך ביי אים זיין אויף זיין שמחה?" האָט משה גוטמוטיק געפרעגט.

„אַ הייליקע פּראָצעסיע איז ביי דיר נישט קיין פּריצישע שמחה!" האָט די פויערטע בייז אָפּגעשניטן. „גיין אין אַ הייליקער פּראָצעסיע אין אַ בגד, וואָס אַ ייד האָט גענייט, איז אפשר אַ גרוי־סע עברה."

„האָסט עס פריער געדאַרפט וויסען," האָט ער געזאָגט.

„עס האָט דיך אונטערגעטראָגן!" האָט זי שוין זייער בייז אַרויסגעשיפּעט.

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן. צו זוכט זי נישט צומאָל עפּעס אַ פּאָרטל, ווי נישט צו באַצאָלן אים פאַר דער אַרבעט און צוואָרפן אים דעם בגד.

„קיינער צווינגט דיך נישט אָנצונעמען דעם בגד," האָט ער שטיל אַרויסגערעדט. „ווילסט אים נישט, דאַרפסטו נישט. איך וועל קריגן אויף אים אַ קויפער."

„אַזאַ קלוגער ביזטו!" האָט זי אויסגעשריען. „שוין אָט דער הייליקער יום טוב און די פּראָצעסיע! און דאָס געוואַנט איז אונזערס!"

„איז וואָס ווילסטו?"

עס איז העכסטע צייט געוועזן איינצוקנייטשן דעם שטערן, אָנצוהייבן נישט צו קאָנען אַרויסשלעפּן די נאָדל, מאַכן זייער

אַנגעשטריינגטע מינעס, אויפהערן צו רעדן און זי זאָל זען, אַז ער קאָן איצטער נישט געשטערט ווערן. אָבער די פויערטע האָט נישט אויפגעהערט. ווען ער נייט בגדים, אין וועלכע מען גייט אין הייליקע פּראָצעסיעס, דאַרף ער אַליין ווערן אַ קריסט. און זי זעט נישט איין, פאַרוואָס ער זאָל נישט ווערן קיין קריסט. ער ווייס דאָך, אַז זיין אמונה איז אַ פאַרשאָלטענע, און די יידן זיינען פאַר־שאָלטענע.

די נאָדל האָט זיך איינגעעקשנט, נישט געוואָלט זיך רירן פון אָרט. איינמאָל אַ שלעפּ מיט אַלע כחות, אַ צווייטן מאָל אַ שלעפּ. ער האָט צוזאַמענגעביסן די ציינער, פאַרקרימט דאָס גע־זיכט, געמאַכט די גרעסטע אָנשטריינגונג. ענדליך אַ שלעפּ מיט מיט אַלע כחות. ארויסגעשלעפּט די נאָדל! אָבער די האַנט האָט אַ זעץ געטאָן אין בילד פון דעם תלוי. עפּעס האָט אַ פּלאַץ געטאָן. ביידע האָבן ארויפגעקוקט מיט שרעק. יעזוס איז געהאַנגען מיט אַ ריס אין בויך. עס איז געוועזן קאָמיש צו זען דעם גאָט מיט אַ צוריסענעם בויך. ווען ער זעט עס ערגעץ־וואו צופעליק, וואָלט ער זיך צולאַכט. אָבער איצטער האָט ער געמוזט דערשטיקן אין זיך דעם קיצל. ער האָט דערפילט, אַז אַן אומגליק איז געשען.

די פויערטע האָט אויפגעהויבן אַ געשריי: „אָך, דו פאַר־שאָלטענער ייד!" זי האָט זיך געכאַפּט פאַר דער שער, אויפ־געהויבן די האַנט, אַ צי געטאָן זיך צום ייד, און גלייך אַוועק־געוואָרפן די שער און ארויסגעלאָפן אויפן גאַס מיט געשריי.

ער איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרענער און געקוקט אויפן תלוי. צו קאָן ער נישט עפּעס פאַריכטן, פאַרנייען, לייגן אַ לאַפּיק פון הינטן? און ער הערט, ווי די פויערטע שרייט דרויסן, אַז דער פאַר־שאָלטענער ייד, דער שניידער, האָט איר צוריסן אַן איקאָנע, מיט דער פויסט געמאַכט דעם פּאַן יעזוס אַ לאָך אין בויך... אָט באַלד וועלן זיי זיך צוזאַמענלויפן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער צוריסענער איקאָנע, אַ פאַרלאָרענער, אַ בלייכער, מיט פאַרנאַנדער־געפירטע הענט, אויף וועלכע עס איז געלעגן שרעק און בייזע דערוואַרטונג. אַליין איצטער דער תלוי, מיט דעם שוואַרצן באַזיל־בערטן בערדל און צוכראַסטשעטער ברוסט, דורכגענומען פון פיין

און יסורים, דערוואַרטנדיק דעם אַנלויף פון אויפגערעגטע פויערים און פויערטעס. ווען זיי זיינען אָנגעלאָפן מיט בעסדיקן רעש, האָט ער זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס, און מיט ציטערדיקן קול האָט ער אָנגעהויבן צו דערקלערן, ווי דאָס איז געשען. אָבער זיי האָבן נאָר געזען דאָס לאָך אין יעזוסעס בויך, געצולמט זיך און אַרויפגעוואָרפן זיך אויף דעם שניידער מיט קללות און קולאַקעס.

אַן אַלטער פויער האָט אָפּגעשטעלט די אָנפאַלער:

„טשעפּעט אים נישט! מיר וועלן אים נעמען צום פּריץ. דער פּריץ וועט אים אויסהערן און משפּטן. איר טוט אים גאָרנישט אָן משפּט. אויף דערויף איז דאָ דער פּריץ."

מען האָט משהן אַוועקגעפירט צום פּריץ. מיט קלעפּ, און קניפּ און בריק. מען האָט פון אים אַראָפּגעריסן דעם לאַפּסערדאַק, צוריסן אויף אים דעם אַרבע כנפות, וואַרפנדיק די שטיקלעך אין דער לופט, און געטריבן, געטריבן. אַ נייער יסורים־וועג. ער איז געגאַנגען האַסטיק, פול מיט ווייטיק פון די קלעפּ און די קניפּ און די בריק, און געפילט, אַז עס קומט נאָך און נאָך, און עס איז נישטאָ קיין אַנטלויף. ער האָט שוין געוואָלט אָנקומען צום פּריץ. וועלן די קלעפּ און די קניפּ אויפהערן, און ער וועט דערציילן דעם פּריץ, ווי עס איז געשען. זאָל גאָט אים נאָר געבן לשון, פירן מיט זיין צונג און געבן אים חן אין די אויגן פון דעם פּריץ.

אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ האָט אים צוטומלט. ער האָט פאַרגעסן דעם פּריץ און וואָס ער וועט אים זאָגן. ער האָט אַ הייב געטאָן די האַנט, געכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. געפילט בלוט אונטער די פינגער. אָבער געוואָר געוואָרן, אַז די יאַרמולקע איז נישטאָ מער אויפן קאָפּ, און אַז ער גייט מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ. ער האָט מיט שרעק אָפּגעקרעכצט. אַי! און געיאָגט, געיאָגט. וואָס קאָן ער טאָן... וואָס קאָן ער מאַכן... דער ווייטיק אין קאָפּ איז געווען זייער גרויס. פאַר די אויגן האָט געשווינדלט. אָט וועט ער פאַלן.

מען האָט אים אַריינגעשלעפּט צום פּריץ. גיין האָט ער שוין נישט געקאָנט. ווען מען האָט אים אַוועקגעשטעלט פאַרן פּריץ, האָט ער נישט געקאָנט שטיין. עס איז אים געווען פינסטער פאַר

די אויגן, אַז ער האָט דעם פּריץ קוים געקאָנט זען, און ער האָט נישט געקאָנט עפענען דעם מויל. ער האָט געהערט, ווי די פּויערטע פאַרמסרט אים, ווי אַנדערע פּויערים זאָגן עדות, אַז זיי האָבן געזען דעם ריס, און אַז ער איז געשטאַנען פאַר דער איקאָנע מיט אויפגעהויבענע הענט. ער האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, און נישט געקאָנט.

ווען דער פּריץ האָט אים געפרעגט, וואָס האָט ער צו זאָגן, האָט ער זיך אָנגעשטריינגט און אויפגעהויבן אויף אים די פאַר־טונקלטע אויגן. דער פּריץ, אַ מאַן פון אַ יאָר זעכציק, אַ הויכער, אַ דיקער, מיט גרויסע וואָנצעס און אַן אָרומגעשאָרענעם בערדל, וואו די האָר האָבן אויסגעזען ווי שפּילקעס, האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ שרעק. ווען ער וואָלט געהאַט זיינע הענט פריי, וואָלטן זיינע הענט געריידט און געבעטן רחמים, אָבער מען האָט אים גע־האַלטן פאַר די הענט פון ביידע זייטן, און זיין צונג האָט זיך נישט באַוועגט, און נאָר אין די בעטנדיקע קוים אָפענע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

זיין שווייגן האָט צורייצט דעם פּריץ. אין די טרערן איז גע־לעגן שולד. און דער פּריץ האָט אויסגעשריען:

„גיט אים פופציק שמיץ!"

דער פּסק דין האָט אים ניט דערשראָקן. אפילו באַרואיקונג איז אַריין אין אים. גאָט זיי דאַנק! פופציק שמיץ... ער האָט געפילט באַפרייאונג און היים הינטער דער צאָל פופציק. פופציק שמיץ און פּטור! ווען ער וועט אָנציילן פופציק, וועט ער וויסן, אַז דאָס איז דער סוף, און אַז ער איז איבערגעקומען און וועט געשיקט ווערן אַהיים.

ער איז געוועזן רואיק, ווען מען האָט אים אָפּגעדעקט און אוועקגעלייגט; מיט געדולד געוואַרט אויפן ערשטן שמיץ. עס האָט אים אַ בּרי געטאָן, ביים האַרצן פאַרכאַפּט. ער האָט אַרויס־געאָטעמט: איינס. און ווידער אַ בּרי. „אַי! צוויי!" ער האָט אָנגעציילט ביז אַכט, און מער נישט געהערט די שמיץ. דער נייענ־טער און צענטער שמיץ זיינען שוין געפאַלן אויף אַ באַוואוסט־לאָזן קערפּער.

דער פריץ האָט אויפגעהערט צו ציילן און אָפּגעשטעלט דאָס שמייסן.

ווען משה איז געקומען צו זיך און האָט געעפנט די אויגן, האָט ער אַריינגעקוקט אין טיפער פינסטערניש. טיפע נאַכט, און ער האָט זיך נישט פאַרוואונדערט. ווען ער איז געשטאַנען פאַרן פריץ, איז געווען האַלבער טאָג. ער האָט עס נישט געדענקט, אָבער ער האָט אויך דעם פריץ נישט געדענקט. ער האָט נאָר גע־פילט שרעקלעכע ווייטיקן אין גאַנצן קערפּער. ער קאָן זיך קוים אַ ריר טאָן. און אַ שוואַכקייט אין אים, אַ מוראַדיקע שוואַכקייט. אָט וועט זיך עפּעס ענדיקן, צו עפּעס וועט נעמען אַ סוף. ער האָט אָנגעהויבן צו קרעכצן, עפּעס צו מורמלען. ער האָט גערופן זיין ווייב, זיין עלטערע טאָכטער, זיין עלטערן זון און אָפּגעשטעלט זיך ביי גאָט: „גאָטוניו!... דערבאַרעמדיקער!... שמע ישראל!...” זיינע אויפקרעכץ האָבן דערשראָקן עטלעכע מייז און רעץ. זיי זיינען פון ערגעץ אַראָפּגעשפּרונגען, קוים אַ גלעטן פון זייערע פיסלעך איבער דער נאַקעטער ערד. אָבער ער האָט גאָרנישט פאַרנומען. ער האָט געבעטן אַ טרונק וואַסער און צו־געהערט זיך, צו ברייננגט מען עס אים נישט. ערשט איצטער איז אים אויפגעקומען, ווי שטיל און פינסטער עס איז אַרום אים.

ער האָט זיך אַ הייב געטאָן און אויפגעשריען: „אָי!”...

אַזאַ שרעקלעכער ווייטיק, ער איז געקומען צו פולן באַוואוסטזיין. ער האָט זיך דערמאָנט אויף די שמיץ, דעם פריץ, דעם גאַנג צום פריץ, אויף די געשרייען און דעם געליאַרם פון די פויערים, אויף דער פויערטע, אויף דעם צוריסענעם גאָט. דוקא ביי אים איז ער ליינגער שטיין געבליבן. דער לאַנגער, נאַקעטער קערפּער פון דעם תּלוי, און דער ריס אין מיטן בויך. „אַ גאָט, הא! אַ גאָט!” האָט ער געמורמלט מיט חייזעק און געקרעכצט אין גרויסן ווייטיק. „אַ גאָט!” אָבער וואָס איז די פּעולה? זיי געהערט די וועלט! דער ריס אין דעם תּלוי איז טאַקע גאָרנישט מיט גאָרנישט, אָבער ער ליגט אין געהאַקטע וואונדן. וואו ליגט ער דאָס? ער האָט אָנגעהויבן אַרומשאַרן מיט די הענט. הוילע ערד אונטער אים.

א שטיינערנע וואנט לעבן אים... אַי, ווײ! ער איז אין דער קאַזע... אין קעלער פון דער קאַזע... אין גרוב... ווי אַזוי קומט ער אַהער? ווען? ער האָט זיך דערמאָנט. ער האָט געוואָלט מקבל באַהבה זיין די פופציק שמיץ. געריכט זיך, אַז נאָך די שמיץ וועט מען אים אָפּלאָזן אַהיים. אָבער ער האָט נישט געקראָגן קיין פופציק שמיץ. ער האָט אָנגעציילש ביז אַכט, און מער גערענקט ער נישט. ליגט ער איצטער אין דער קאַזע־גרוב, און ווען ער וועט זיך דערפילן שטאַרקער, וועט מען אים אַריינציילן די איבעריקע. אַז דער פריץ האָט געזאָגט פופציק, וועט עס זיין פופציק.

ער האָט זיך צעוויינט.

„רבונו של עולם, גיב מיר כח אריבערצוטראָגן אַלע איבעריקע שמיץ און לאָז מיך גיין אַהיים!"

ער האָט זיך דאָך געפרייט אַזוי מיט זיין אויף שבועות אין דער היים און פאַרברענגען דעם הייליקן יום טוב צוזאַמען מיטן גאַנצן הויזגעזינט, אויף זיין די נאַכט און זאָגן דעם תיקון... איז עס היינטיקע נאַכט? ניין, מאָרגן... מאָרגן ביי דער נאַכט... איבערמאָרגן איז שבועות... „אַך!" איז וואָס וועט איצטער זיין? וועט ער גאָר פינסטערן אין גרוב? „גאָט דערבאַרימינקער!" ער וועט זאָגן, אַז ער פילט זיך שטאַרק, און זאָל מען אים דערגעבן די שמיץ, וועלכע ער איז שולדיק געבליבן, און אַוועקלאָזן אים אַהיים. ער וועט צונויפביסן די ציינער און אויסהאַלטן. גאָט וועט אים געבן כח אריבערצוטראָגן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן א ביסל, ווידער ארויסגעשריען „אַי!", אָבער נישט אַוועקגעלייגט זיך צוריק נאָר אָנגעהויבן ארויסצוקרעכצן: „פּאַניע! פּאַנאָוויע!" איימיצער וועט דאָך דערהערן. איימיצער וועט זיך דאָך אָפּרופן. אָבער אין קול ואין עונה. ער האָט זיך אַליין געענטפערט: „שטיל... קיינער רופט זיך נישט אָפּ... מוז זיין שפּעט ביי נאַכט..." ער האָט זיך צוריק אויסגעצויגן. שפּעט ביי נאַכט — איז ער עס אַזוי לאַנג געלעגן א געחלשטער? געוועזן האַלבער טאָג, ווען מען האָט אים געבראַכט צום פריץ. און איצטער — שטאָק פינסטער. ער האָט זיך געכאַפּט: אין דער קאַזע־גרוב איז שטענדיק שטאָק פינסטער.

פינסטערער ווי די פינסטערסטע נאכט. עס קאָן זיין, אז דרויסן איז נאָך גרויסער טאָג, העכסטנס מנחה־צייט. מנחה... ער וועט דאַווענען מנחה... און אפשר טאקע דארף ער גאָר דאַווענען מעריב? ניין, ער וועט גאָט גאָרנישט שולדיק בלייבן. ער וועט דאַווענען מנחה. א ווײַלע שפּעטער וועט ער דאַווענען מעריב. וועט ער נאָר וויסן, ווען צו דאַווענען שחרית? אַך, זיין טלית און תפלין און זיין סידור זיינען געבליבן אין זיין זאַק ביי דער פויערטע. וואָס זיי וועלן שוין צומאכן פון דעם! ער וועט שוין מוזן דאַווענען שחרית אָן תפלין און אָן א טלית... ער זאָל נאָר וויסן, ווען. נו, גאָטוניו!... מסתמא וועט מען אים דאָ נישט פארגעסן... א טיר וועט גע־עפנט ווערן... איימיצער וועט זיך דאָך באַווייזן... ער האָט זיך דערמאָנט אויף דעם אַלטן לוציאַן, דעם שליסלהאַלטער פון דער קאָזע. ווי אַזוי האָט ער גאָר פארגעסן אויף אים? מיט אַזעלכע ווייטיקן קאָן מען דעם אייגענעם טאַטן פארגעסן. דער אַלטער לוציאַן האָט אים געזאָלט אריבערשיקן איבער דער אָזערע. ווײ, ווײ... א זייער אַלטער מאַן, אַוואדע א בן שמונים, א בעלאָראָס, און איז אים געוועזן זייער צוגעטאָן. ווען ער האָט וואָס געבייט פאר אים, האָט ער געבייט מיט אמתער ליבשאַפט. לעצטן ווינטער האָט ער אים אויפגעבייט א פּעלצל, האָבן זיך אַלע אין אים געשפּיגלט. און נישט ווייל ער האָט דעם זייער אַלטן גוי כמעט טאקע ליב געהאַט, נאָר ווייל ער האָט אויך גערעכנט, אז עס איז גוט צו האָבן אָט דעם אַלטן גוי מיט זיך. דאָס קאָן צוניץ קומען. א מאָל וועט מען קאָנען טאָן א טובה א יידן, וואָס וועט אריינ־פאַלן אין קאָזע. האָט זיך אויסגעלאָזן, אז ער אַליין איז גאָר אריינגעפאַלן אין קאָזע... מילא, גאָט האָט מסתמא אַזוי גע־וואָלט!...

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקרעכצן: „פּאַניע לוציאַניע! פּאַניע לוציאַניע!" נישט געקומען קיין ענטפער. וועט ער דער־ווײַלע דאַווענען מנחה. געדאַרפט וואַשן די הענט... ער האָט זיי א ריב געטאָן אָן דער פייכטער ערד. וועט ער דאַווענען ליגנדיק? ער וועט זיך אויפזעצן צו אשרי און וועט זען, צו וועט ער נישט קאָנען אויפשטיין צו שמונה עשרה. ער האָט זיך אָנגעהויבן אויפ־

זעצן און שרייען פאר ווייטיק. אָבער ער איז דאָך געבליבן זיצן און אָנגעהויבן אשרי מיט קרעכצן און אָכצן. ביים סוף פון ערשטן פסוק האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיין קאָפּ איז אָפּגעדעקט. ער וועט צודעקן דעם קאָפּ מיט זיין לאַפּסאַרדאַק. ער האָט אָנגעהויבן אַרומ־צוטאַפּן אויף זיך און אַרום זיך. נישטאָ דער לאַפּסאַרדאַק. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווען מען האָט אויסגעטאָן פון אים דעם לאַפּסאַרדאַק. ער האָט אים געהאַט אויף זיך, ווען ער איז געזעסן און גענייט. ער האָט נישט געוואָלט זיצן אין דעם אַרבע כנפות אַליין. מען האָט זיכער אַראָפּגעשלעפּט פון אים דעם לאַפּסאַרדאַק. אפשר ווען מען האָט אים אַוועקגעלייגט שמייסן. וועט ער צודעקן דעם קאָפּ מיט דעם אַרבע כנפות. ער האָט זיך ווידער אַרומגעטאַפּט. אַ שרעק האָט אים אַרומגענומען. נישטאָ! נישטאָ אויף אים דער אַרבע כנפות! טרערן האָבן אַ פליי‌ץ געטאָן. אָן אַן אַרבע כנפות! ווי מוז ער עפּעס אויסזען? אַ ייד מיט אַ הייל‌ן קאָפּ, אָן אַן אַרבע כנפות... מאָג ער גאָר דאַווענען? ער וועט צודעקן דעם קאָפּ מיט זיין העמד... זיין העמד איז נאָך אויף אים. ער וועט זי אויפהייבן פון הינטן און אַריבערוואַרפן איבערן קאָפּ. ער האָט אָנגעהויבן צו שלעפּן זיין העמד און נישט געקאָנט באַוועגן זי, שרעקליכע ווייטיקן האָבן אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם, פאַרקוועטשט דאָס האַרץ. זיין העמד איז געוועזן צוגע־קלעפּט צום לייב. און ער זיצט אויף איר. ער וועט מוזן גוט אַ הייב טאָן זיך. עס איז אים אונטערגעגאַנגען טויט־חלשות. אָבער ער האָט זיינס אויסגעפירט: ער האָט אויפגעהויבן די העמד און אַרויפגעשאַרט אויפן קאָפּ. קלעפּיק געוועזן די העמד און נאַס, און ער האָט דערשפּירט דעם גערוך פון בלוט. אָט אַזוי וועט ער דאַווענען מנחה. און זאָל גאָט, פאַר וועמען עס איז נישטאָ קיין פינסטערניש, זען זיינע וואונדן, זיין פאַרבלוטיקטע העמד, זיין צוקאַטעוועטן לייב. מיט דער העמד ווי אַ טלית איבערן קאָפּ האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן אשרי, אַרויסקרעכצנדיק די ווערטער, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, זוכנדיק פאַרגעסנקייט פון די גרויסע ברענענדיקע ווייטיקן.

און איצטער שמונה עשרה. וועט ער דאַווענען שמונה עשרה

זיצנדיקערהייט? גאָט האָט אים געהאָלפן, ער זאָל זאָגן אַשרי זיצנדיק, וועט ער אים העלפן אויפשטעלן זיך אויף די פיס און שטיין די גאַנצע שמונה עשרה. „העלף מיר, גאָטעניו!" ער האָט אָנגעטאַפּט די שטיינערנע וואַנט, אָנגעשפּאַרט זיך אָן איר, גע־דראַפּעט זיך אויף איר. געקרעכצט, געאָכצט, געשריען פאַר ווייטיק, געמוזט פאַררוען זיך אַ פּאָר מאָל, געפילט, אַז עס גייט אים אויס דאָס חיות, אָבער אויפגעהויבן זיך, געשטעלט זיך אויף די פיס, צונויפגעגאָסן זיך מיט דער וואַנט. אָנגעהויבן שמונה עשרה. ביי „מגן אברהם" האָט ער אַ טראַכט געטאָן, צו שטייט ער שמונה עשרה מיטן פּנים צו מזרח. ער האָט אויפגעקרעכצט. ווער קאָן אים געבן אַ תשובה אויף דעם? גאָט וועט עס אים נישט נעמען פאַר אומגוט! ער האָט נאָך דערפאַר פרימער אַרויסגערעדט די ווער־טער. אָבער דוקא ביי די ווערטער „רפאינו ונרפא", אין וועלכע ער האָט געוואָלט אַריינטאָן זיין גאַנץ האַרץ פול מיט רחמים־געבעט און תחנונים, האָט ער דערפילט, אַז די ווערטער זיינען פאַרשוואונדן פון קאָפּ, און ער האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן, אַראָפּלאָזן און אַראָפּגעקייקלט זיך אויף דער ערד באַוואוסטלאָז.

ווען ער האָט אָנגעהויבן ווידער וואָס צו באַנעמען, האָט ער דערהערט זיינע אייגענע קרעכצן און דערפילט דעם שיין פון ליכט. פּיליייכט האָט אים דאָס פּלעמל אַ ברען געטאָן און אָפּגעמינטערט. ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער דערזען איימיצן איבער זיך. צוערשט איז דאָס געווען סתם אַ גוי, און ער האָט אָפּגעקרעכצט מיט שרעק. אָבער גלייך האָט ער דערקאָנט דאָס זייער אַלטע געזיכט פון דעם אַלטן לוציאַן מיט די לאַנגע געדיכטע ברעמען און דעם קליינעם שיטערן בערדל, און ער האָט אויפגע־קרעכצט רחמנותדיק.

„דו לעבסט נאָך?" האָט לוציאַן האַרט געפרעגט. „וואָלט געווען גלייכער, ווען דו שטאַרבסט."

משה האָט נאָר געקאָנט קרעכצן, וויינענדיק, טרערנפול.

„ווילסט אַ טרונק?" האָט לוציאַן געפרעגט. „דו דאַרפסט שוין וואָס עסן, אויב דו קאָנסט."

„אַ טרונק... אַ טרונק..." האָט משה אַרויסגעקרעכצט.

לוציאן האָט אים צוגעטראָגן צו די ליפּן אַ קענדל וואַסער, באַגלייטנדיק מיט די ווערטער:

„האָב נישט געדאַרפט זיין גוט צו דיר, ייד. איך האָב געזען דעם ריס אין דער איקאָנע. אַ גאַנצער קולאַק איז דורך..."

משה האָט זיך דערמאָנט אויף דעם ריס, געזען אים פאַר זיך. ער האָט שווער געאָטעמט און געקרעכצט:

„אומגערן... די נאָדל... נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן... אַ שטאַרקן צי געטאָן און..."

„פּאַנאַ טרעמבאָווסקאַ זאָגט, אַז דו מיט אַ בכיוון. ווייל זי האָט דיר געזאָגט, אַז דו דאַרפסט זיך טויפן..."

„כיזוב!" האָט ער אַרויסגעקרעכצט. „איך שווער דיר... אומגערן... נאָר אומגערן... דו קענסט'דאָך מיך, פּאַניע לוציאַניע..."

„איך קאָן דיר גלויבן, אָבער דער פּריץ גלויבט איר. און דאָס איז שלעכט... איך האָב דיר געבראַכט אַ שטיקל ברויט."

„וואַסער... וואַסער... נאָך אַ טרונק," האָט משה אַרויסגעקרעכצט.

לוציאַן האָט אים ווידער אונטערגעטראָגן דאָס קענדל צו די ליפּן.

„וואו ליג איך?" האָט משה אַרויסגעכריפּעט.

„וואו זאָלסטו ליגן? אין דער פינסטערער קאָזע."

„אַזוי פינסטער. איז עס שפּעט ביי נאַכט?"

„די זון זעצט זיך ערשט."

„בין איך נישט לאַנג דאָ?"

„ביי צוויי שעה."

„ביי צוויי שעה ערשט!"

„און וואָס האָסטו געמיינט?"

„ד'וויים... אַן אייביגקייט עפּעס."

„נו, קיין אייביגקייט וועסטו דאָ נישט זיין," האָט לוציאַן געזאָגט צווייריייטיק.

„נאָך שמיץ," האָט משה דערקלערט די צווייריייטיקייט.

„ביז פּופּציק."

„דו בעסער טראַכט, אַז דו דאַרפסט זיך טויפן," האָט לוציאַן געזאָגט. „דער פריץ וועט צוזאַמענרופן די אַרומיקע גלחים, און דו וועסט געמשפּט ווערן."

משה האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו אָטעמען, אַן אויף טויט דערשראָקענער:

„וואָס נאָך משפּטן? פּופּציק שמיץ דאַך!"

„איך דערצייל דיר, וואָס דער פריץ גייט טאָן."

„גאַטוניו, דערבאַרמדיקער!" האָט משה אַרויסגעקרעכצט מיט שרעק.

„דו בעסער בעט צו אונזער גאָט, און דו וועסט געהאָלפן ווערן," האָט לוציאַן געזאָגט, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען משה׳ס געקרעכץ.

„פּאַניע לוציאַניע, דו ביזט אַ גוטער... זייער אַ גוטער... ביזט שטענדיק... וועל אַרויס פון דאַנען, וועל דיר גוט אָפּדינען... לאָז ווייסן מיין ווייב..."

„וואווינסט צו ווייט."

„אַריבערן אָזערע... פּונקט..."

„איך וויים דאַך..."

„ד׳וויל נישט אומזיסט... וועסט טאָן אַ גוטע זאַך..."

„איז גוט. ד׳וועל. אַ טייערע בשורה!"

„גאָט האָט אַזוי געוואָלט."

„דו טראַכט, טראַכט גוט, אַז דו וועסט זיך מוזן טויפן."

„טו מיר נאָך אַ טובה. ברייננג מיר מיין זאַק... ביי דער טרעמבאָווסקאַ..."

„אויב זי האָט אים נאָך און אויב זי וועט אים געבן."

„אַז נישט... זאָג מיין ווייב... זי זאָל מיר ברייננגען טלית און תפילין... ווייסט׳אָך... יידן טוען אָן... ביים דאַוונען."

„גוט. וועל איר זאָגן. אָבער איך זאָג דיר..."

משה האָט אים איבערגעריסן:

„פּאַניע לוציאַניע, ביזט שטענדיק... געוועזן גוט צו מיר..."

„נו, נו... איך בין גוט אפילו צו אַ קראַנקן פאַרלאָפענעם הונט."

„נעם מיך אַרויס פון דאַנען... פון גרוב..."

„אַ באַפעל פון פּריץ."

„איך וועל דאָ שטאַרבן... וועל אויסגיין... איך ווער דערשטיקט."

„נו, נו... וועל אים פּרואוון זאָגן, אַז דו וועסט זיך טויפן."

„איך האָב פאַרלאָרן... מיין יאַרמולקע... אפשר וועסטו זי געפינען... ביי דער טרעמבאָווסקאַ איז מיין הוט..."

„דו זאָלסט נאָר האָבן אַ קאָפּ אויף אָנצוטאָן דעם הוט."

„ווי גאָט וויל," האָט ער אַרויסגעקרעכצט. „כל זמן ער היט מיין קאָפּ... וועל איך אים היטן מיין הוט..."

לוציאַן האָט עס נישט פאַרשטאַנען. אָנגענומען עס פאַר פּוסטע ווערטער פון אַ קראַנקן געפייניקטן מענטש. ער האָט אמת רחמנות געקראָגן.

„מאָרגן אין דער פרי וועל איך דיך אַרויפנעמען אַרויף, און איצטער וועל איך גיין. עס דיין ברויט, אַז נישט וועלן מייז אויפּ־עסן."

און משה האָט קוים אַרויסגעאָטעמט:

„לאָז מיר נאָר ס'קענדל מיט וואַסער... טרינקען... וועל נישט קאָנען עסן..."

„גוט." לוציאַן האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קענדל ביי זיין האַנט. „איך וועל נאָך אַריינלאָזן צו דיר די קאַץ, וועלן די מייז דיך לאָזן צורו."

ער איז אַוועק מיטן ליכט. משה איז געבליבן אין דער דיקער פינסטערניש מיט זיינע ווייטיקן. עס האָט זיך אים געוואָלט וויי־נען, תחנונימדיק זיך דורכרעדן מיט גאָט, איז אים אויפגעגאַנגען, אַז ער האָט נישט פאַרענדיקט די שמונה עשרה. גאָט האָט נישט געוואָלט זיין תפילה, איבערגעריסן זי אינמיטן. „פאַרוואָס, גאָ־טעניו? מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? רבונו של עולם, דו נעמסט זיך אויך אָן, חלילה, פאַר דעם רים אין דעם תלוי?" ער האָט אָפּגעקרעכצט: נישט געטאָרט גאָר דאָס אפילו אַ טראַכט טאָן. אַי, וויי! ער וועט איצטער דאַוונען מעריב. אַלץ, וואָס ער

האָט צו רעדן מיט גאָט, וועט ער אַרויסזאָגן אין מעריב. איצטער האָט ער אַ ביסל וואַסער, וועט ער וואַשן די הענט.

ער האָט באַנעצט די הענט, אָפּגעווישט זיי מיטן העמד און אָנגעהויבן מיט געוויין: „והוא רחום יכפר עון..." אָבער ביים האַרץ איז אים געווען אַזוי שוואַך, אַז ער האָט נאָר געקאָנט שעפּטשען, קוים באַוועגן מיט די ליפּן.

אַ שיין האָט זיך באַוויזן, דערנענטערט זיך. לוציאַן האָט אַריינגעוואָרפן די קאַץ.

„דאָ איז די קאַץ. וועט דיר זיין פריילעכער. און איך וועל דאָ ביי דער טיר אויפהיינגען אַ קאַגאַניעץ, וועט דיר נישט זיין אַזוי סומנע... פּאַרוואָס ביזטו דאָרטן אַזוי שטיל? האָסט שוין ווידער געחלשט?"

משה האָט אָפּגעקרעכצט.

„נו איז גוט," האָט לוציאַן צופרידן געזאָגט און צוגעגעבן: „איך לאָז די טיר נישט פאַרשלאָסן. וועסט נישט אַנטלויפן. וועסט וועלן אַ ביסל לופט, גיב אַ קליין ביסל אָן עפן די טיר. אָבער מאַך זי צוריק צו."

ווען ער איז אַוועק, איז די קאַץ געוואָרן אומרואיק און האָט אָנגעהויבן צו מיאַוקען. געשטאַנען ביי דער טיר און געבעטן זיך אַרויס מיט אַזויפיל טרויער און רחמנות. זי האָט אים געשטערט אין דאַוונען. ער וואָלט אָנגעשריען אויף איר, זי זאָל זיין שטיל, אָבער ער האָט נישט געטאָרט איבעררייסן: ער האָט געהאַלטן אינמיטן קריאת שמע. דאַרף מען פאַרטרייבן פון זיך איר מיאַוקען, נישט הערן גאָר, אַריינטאָן זיך איינגאַנצן אין דאַוונען. ווען ער וועט דאַוונען אויפן קול, וועט ער אפשר ניט הערן די קאַץ. אָבער ער האָט קיין כוח נישט געהאַט אויפצוהייבן זיין קול, און די קאַץ האָט אַזוי ביטערליך געמיאַוקעט, אַז זי איז אים מבלבל געווען די תפילות, און אָט וועט ער דאַכט זיך פאַרגעסן דאָס דאַוונען. נו, אַ! וואָס טוט מען? ער האָט זיך אויפגעזעצט, אויפגעקרעכצט, אַ געשריי געטאָן צו דער קאַץ. די קאַץ איז נישט נתפעל געוואָרן. זי איז בלויז אָפּגעטראָטן פון דער טיר און געלאָזט זיך גיין צו אים און געמיאַוקעט.

„זי וויל ארויס,״ האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן, „זי וויל דאָ אין קאַטוך נישט זיין.״

ער האָט אָנגעטאַפּט די וואַנט, אָנגעשפּאַרט זיך מיט אַ האַנט און איז אויפגעשטאַנען. אָנגעהאַלטן זיך אָן דער וואַנט און איז אַוועק צו דער טיר, מיט קליינע טריט, קוים באַוועגנדיק די פיס, מיט אונטערדריקטע, איינגעהאַלטענע קרעכץ. ער האָט אויפגע־עפנט די טיר, ארויסגעלאָזט די קאַץ. ער האָט גאָרנישט געזען פאַר זיך הינטער דער אויפגעעפנטער טיר. פון ערגעץ־וואו האָט געבלאָזט אַ ווינט. מוז זיין ערגעץ־וואו אַ טיר אָדער אַ פענסטער אין דרויסן ארויס. אָבער דאָס איז איצטער נישט וויכטיק געווען. ער האָט צוריק צוגעמאַכט די טיר. איצטער וועט ער דאַווענען מעריב. וועט אָנהייבן פון אָנהייב. אַ שאָד, וואָס ער האָט פריער נישט אויסגעפונען ביי לוציאַנען, וואו איז מזרח.

„רבונו של עולם,״ האָט ער ארויסגעקרעכצט, „איך האָב דערהערט דער קאַץ׳ס בקשה און ארויסגעלאָזט זי. דערהער דו מיין בקשה און נעם מיך ארויס פונדאַנען.״

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט דאָרט, וואו ער איז געשטאַנען און אָנגעהויבן ווידער והוא רחום, מיט דער העמד אריבערגעצויגן איבערן קאָפּ.

אויף מאָרגן האָט לוציאַן אים אָנגעטאָן קייטן אויף די פיס — אַזוי האָט דער פריץ באַפוילן! — און אריינגעזעצט אים אין אַ קליין שטייגל, וואו עס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט אַ שמאָלע באַנק — דאָס איינציקע שטיקל מעבל. אַ קליין פענסטערל אויבן ביים באַלקן האָט אריינגעלאָזט אַ ביסל לופט און ליכט.

„פאַרוואָס, פאַרווען?״ האָט משה געקרעכצט, ווען לוציאַן האָט אים אָנגעטאָן די קייטן. „פאַרוואָס? פאַרוועןּ?״ האָט ער גע־קרעכצט, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, און דער גאַנצער קערפּער האָט אים געברענט פאַר ווייטיק.

לוציאַן האָט נישט געהאַט פאַר אים קיין ענטפער. ער האָט אַוועקגעשטעלט לעבן אים אַ קענדל וואַסער, אַוועקגעלייגט אַ שטיקל ברויט, און געטרייסט אים, אַז ווי נאָר ער וועט האָבן צייט, וועט

ער אַריבערררודערן איבער דער אַזערע קיין ליוצין און אָנזאָגן זיין ווייב די גוטע בשורה. ער וועט איר אויך נישט פאַרגעסן צו זאָגן, אַז זי זאָל אים ברייינגען דאָס, וואָס ער דאַרף צו זיין דאַוונען, ווייל די טרעמבאָווסקאַ האָט אַלץ צוריסן — אויף שטיק שטיק־לעך אַלץ צוריסן און אַריינגעוואָרפן אין פייער, פאַרברענט, אַז קיין סימן איז פון דעם נישט געבליבן.

ליוציאַן האָט אָבער נישט געדאַרפט אָנזאָגן די גוטע בשורה. די ידיעה, אַז מאַשקאַ דער שניידער האָט געמאַכט אַ לאָך אין דעם אויסלייזערס בילד און איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם פריץ׳ס קאָזע, האָט זיך שנעל פאַרשפרייט איבער די דערפער און דערגרייכט אויך ליוצין. אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף אַלע יידן אין ליוצין און דעם אַרום. „ווייסט איר, מיט וואָס דאָס קאָן זיך אויסלאָזן?״ האָט איינער דעם אַנדערן געפרעגט, און איינער האָט דעם אַנדערן געענטפערט מיט שרעק אין אַקסלצוקן און פאַר־נאַנדערגעוואָרפענע הענט און מיט אַ פאַרצווייפלטן „אַ!״ מען האָט געזען קומען גזרות פון גירוש, פון שחיטות און טויט.

אין ליוצין זיינען יידן, און דוקאַ די חשובסטע פון שטעדטל, באַפאַלן דעם שניידערס הייזל און געוואָלט וויסן פון זיין ווייב, ווי אַזוי איז דאָס געשען און ווי אַזוי האָט ער עס אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך. אָבער זי איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע, האָט געבראָכן זיך די הענט און געריסן זיך די האָר און ענדליך אַרויסגעשריען:

„וואָס פרעגט איר ביי מיר? פונוואַנען זאָל איך וויסן? איך ווייס אַזוי ווי איר. ער האָט זיך דען מיישב געווען מיט מיר? גע־זאָגט מיר, אַז ער וועט עס טאָן און ווי ער וועט עס טאָן?״

אירע טענות זיינען געווען גערעכטע, אָבער אים האָט מען געזידלט און געשאָלטן, גערופן שניידערוק און עוכר ישראל, און אַז „נאָר אַ משוגענער האָט עס געקאָנט טאָן״ און נאָר „איינער אַזוינער, וועמען עס אַרט נישט אומצוברייינגען כל ישראל״. אָבער ווען מען האָט זיך אויסגעשאָלטן און אויסגעזידלט, איז מען פאַר־צווייפלט געקומען צום באַשלוס, אַז מסתמא איז עס אים אומגערן געשען און צופעליק, אַז די איקאָנעס, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, זיינען פול און פיל ביי „זיי״ אויף די ווענט, און ער איז

נישט געווען פאַרזיכטיק און איז טאַקע גאַנץ בשוגג אַריין מיט דער האַנט אין דעם תלוי, און וויפיל דאַרף עס פּאַפּיר ?! האָט ער דערוויילן געקראַגן פּופּציק שמיץ און פינסטערט אין דער גרוב פון דעם פּריץ'ס קאָזע, און די פּויערים זיינען אויפגערו־דערט, און גאָט ווייס, מיט וואָס דאָס קאָן זיך ענדיקן פאַר אים און פאַר כל ישראל.

זיין ווייב איז נישט אָנגעגאַנגען כל ישראל. זי האָט זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ און געיאָמערט:

„פּופּציק שמיץ, ווי איז מיר געשען! צו לעבט ער נאָך גאָר? פּופּציק שמיץ, ווי האָט ער עס גאָר געקאָנט אַריבערטראָגן? הויט און ביינער נעביך! און אין דער פינסטערער גרוב! ווי מיר נישט געשען, וואָס טו איך? וואָס הייב איך אָן צו טאָן?"

עס איז געבליבן, אַז זי זאָל גלייך אַוועק צום פּריץ אין סאַמע ערב יום טוב און פאַלן פאַר זיינע פיס און בעטן ביי אים רחמים. זי מאָג אים גאַנץ רואיק דערקלערן, אַז איר מאַן האָט עס געטאָן בשוגג און קיינמאָל נישט געהאַט בכוונה צו מאַכן אַ לאָך אין דער איקאָנע. און אויב זי וועט חס ושלום גאָרנישט פּועלן, זאָל די קהילה גלייך נאָך יום טוב שיקן צום פּריץ דעם רב און אַ פּאָר פון די אָנגעזעענסטע בעלי־הבתים, וואָס האָבן אַ צוטריט צום פּריץ. אויך די אַרומיקע קהילות זאָלן מיטשיקן, ווען זיי וועלן געפינען פאַר נויטיק און ראַוי, וואָרום דאָס קאָן זיין אַ צרה נישט בלויז פאַר ליוצין, נאָר אויף אַלע אַרומיקע שטעדטלעך קאָן זיך אויסגיסן די פּורעניות. און מען וועט דאַרפן גוזר תענית זיין און נעמען זיך צום תהלים, טאַקע אין דעם טאָג, ווען די שלוחים וועלן אַוועק צום פּריץ.

אַ פישער האָט אַריבערגעפירט די שניידערקע איבער דער אָזערע, אָבער מען האָט זי נישט צוגעלאָזן צום פּריץ. זי איז אַרומ־געגאַנגען פאַרן הויף, געשריען, געיאָמערט, געוואַרט, דער פּריץ וועט אַרויספאָרן און זי וועט זיך וואַרפן פאַר זיינע פערד. פּויערים און פּויערטעס האָבן זי געשאָלטן, געשפּייט אויף איר; קליינ־וואַרג האָט זי געשלעפּט פאַרן קלייד, נאָכגעקרימט איר. אָבער זי האָט גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט, אָדער געמאַכט זיך

נישט הערנדיק און נישט זעענדיק, און געבראָכן זיך די הענט, געקלאפּט זיך אין קאָפּ און געיאָמערט.

צו איר איז צוגעקומען לוציאַן.

„דו ביזט מאָשקאָס ווייב? דעם שניידערס?"

„איך... איך..." האָט זי אַרויסגעראָוועט.

„קום, איך וועל דיך צופירן צו אים."

„ער לעבט נאָך?"

„ער לעבט, ווי דען."

זי האָט אָנגעהויבן נאָכגיין נאָך אים, געמאַכט אַ פּאָר שריט און איז שטיין געבליבן.

„וואָס ביזטו שטיין געבליבן?" האָט לוציאַן פאַרוואונדערט געפרעגט. „ווילסט נישט זען דיין מאַן?"

„דו ווילסט מיך אוועקנעמען פון טויער," האָט זי געזאָגט דורך טרערן. „דער פּריץ וועט באַלד אַרויספאָרן."

„אָט וואָס זי האָט פאַרקלערט!" האָט לוציאַן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. „איך ווייס נישט, צו דער פּריץ וועט אַרויספאָרן אָדער נישט אַרויספאָרן. אָבער אים קאָנסטו אָפּוואַרטן צו יעדער צייט און דיין מאַן וועסטו נישט קאָנען זען צו יעדער צייט. אפשר וועסטו אים גאָר נישט קאָנען זען."

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט.

„אַי, ער גוססט שוין מסתמא!"

„פיליייכט גוססעט ער שוין," האָט לוציאַן רואיק געזאָגט. „איך האָב אים נישט געזען גוססען. ער האָט זיך אפילו נישט צוגעקליבן גוססען. ער האָט געבעטן, איך זאָל דיר אָנזאָגן די גוטע בשורה. נו, האָט שוין איימיצער אַנדערש, אַ פלינקערער ווי איך, האָט דער אָנזאָגער דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט ברייננגען... נו, האָב איך שוין פאַרגעסן, ווי אָנצורופן... אָט וואָס ער דאַרף אַרויספּאַקן אויף זיך, ווען ער מאַליעט זיך..."

ווען זי האָט דערזען משהן אַ צושלאָגענעם, אַ פאַרבלוטיקטן, מיט די קייטן אויף די פיס, האָט זי אויסגעשריען און איז גע־פאַלן אין חלשות. משה האָט זיך צוואוויינט מיט זיין ביטערסטן געוויין.

ליוציאן האָט זיך געעוסקט מיט דער געחלשטער און גע־בורטשעט:

„הייב זיך אָן מיט ווייבער... וואָס נאָר עפּעס — גע־חלשט!... אַז זי חלשט נאָר, וואָס איז זי געקומען?... געזאָלט בלייבן אין דערהיים... און דו," האָט ער זיך געווענדט צו משהן, „הער אויף צו ראַווען... וועסט נאָך האָבן צייט!..."

ווען ער האָט זי אָפּגעמינטערט, האָט ער זי געמוסרט:

„ביזט געקומען העלפן און נעמסט און חלשסט."

ער האָט זי אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק לעבן משהן. זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ — אָט חלשט זי ווידער! — און פון דער זייט דערזען משה'ס צופּאַסעוועטן רוקן. זי האָט אויפגעשריען, געכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ.

„פּופּציק שמיץ!" האָט זי אַרויסגעקרעכצט.

„איך האָב נאָר אָנגעציילט אכט", האָט ער קוים אַרויסגע־רעדט. „מער גאַרנישט געפּילט."

זי האָט ווידער געבראָכן די הענט און געאָיקעט.

„אויב דו האָסט אים עפּעס וואָס צו זאָגן, זאָג," האָט ליוציאן איר געזאָגט. „איך וועל דיך באַלד מוזן אַרויסטרייבן. אַזוי אויך צופיל גענומען אויף זיך."

„האָסט מיר געבראַכט טלית און תפלין?" האָט משה אַ פרעג געטאָן.

ליוציאן האָט זיך אָנגעכאַפּט.

„אָט דאָס־אָ האָב איך דיר געדאַרפט זאָגן, זאָלסט אים בריינגען," האָט ער געזאָגט צו איר און גלייך זיך געווענדט צו משהן: „איך האָב נאָך קיין צייט נישט געהאַט אַריבערצושיקן זיך. זי איז אַליין געקומען. אָבער איך האָב דיר געבראַכט דיין יאַר־מולקע... געפונען זי." ער האָט אַרויסגענומען די יאַרמולקע פון קעשענע. „אָט האָסטו זי."

משה האָט אָנגעכאַפּט די יאַרמולקע מיט ביידע הענט און גלייך אַרויפגעזעצט זי אויפן קאָפּ. דאָס זיצן מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ איז געווען פאַר אים אַ שווערע משא. ער האָט איצטער ווי אויפגעאָטעמט. אין די אויגן האָט אויפגעשיינט עפּעס פון שמחה.

און זיין ווייב האָט אים דערוויילע געענטפערט, אַז זי האָט נישט געוואוסט, אַז זי האָט געדאַרפט אים ברייננען טלית און תפלין, אַז זי האָט גאָר אַפילו נישט געוואוסט, צו זי וועט אים געפינען אַ לעבעדיקן. ווי איז עס געשען? געוואַלט, ווי איז עס געשען? משה האָט איר דערציילט ווי דאָס איז געשען. באַוויזן מיט באַוועגונגען, ווי די נאָדל איז שטעקן געבליבן און ער האָט זי גע־שלעפּט, געשלעפּט, אַנגענומען זיך מיטן גאַנצן כוח... און אָט!... „אַז עס איז באַשערט אַן אומגליק!"

„אַז מיט דיר דאַרף זיך אַלץ מאַכן!" האָט זי ביטער אַרויס־געוויינט.

„וואָס מיט מיר?" האָט ער איר גוטמוטיק דערווידערט.

„וואָס אַלץ? וואָס נאָך האָט זיך מיט מיר געמאַכט? איך בין אַ שניידער מיין גאַנץ לעבן, גיי שוין אַרום איבער די דערפער מכמה שנים..."

לוציאַן האָט זיך צוגעהערט און צוגעקוקט. ער האָט פאַר־שטאַנען דעם שניידערס באַוועגונגען, פאַרשטאַנען, אַז ער דער־ציילט, ווי דאָס איז געשען, און אַרויסגעהערט פון זיין קול, אַז ער דערציילט דעם אמת. ער האָט רחמנותדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

„און דו ביזט פונדעסטוועגן פאַרפאַלן. וואָס דו זאָלסט נישט זאָגן, מ'ט גלויבן דער פּויערטע."

„זאָל ער זיך בעסער אָפּבייסן דעם צונג!" האָט די שניי־דערקע אַרויסגעקרעכצט.

„אַ גוטער ערל", האָט משה איר געזאָגט. „מסתמא וויים ער, וואָס ער זאָגט." ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט, ווי אין געבעט.

זי האָט אים דערציילט, וואָס עס טוט זיך אין ליוצין און אין אַלע אַרומיקע שטעדטלעך. דערציילט אים פון די שילוחים, וואָס וועלן גיין צום פּריץ. מען האָט גוזר תענית געווען — זי פאַסט שוין סאַיוויסאַי. באַלד נאָך שבועות וועלן אַלע פאַסטן. און דערווייל זיצן יידן און זאָגן תהלים...

„לאָמיר האָפן," האָט ער אויפגעזיפצט. „אפשר וועט גאָט

זיך מרחם זיין... דו ברייננג מיר טלית און תפלין און א סידור מיט א תהלים. מיינע געבליבן אין זאק ביי דער פויערטע, ביי דער טרעמבבאָווסקאַ. א מיתה משונה אויף איר!... האָט צוריסן, פאַרברענט... למען השם, א טלית און תפלין!... איך בין דאָך עפּעם דער הויפּט־מחותן, דאַרף איך דאָך אוואדע מתפלל זיין.... פאַסטן וועל איך שוין מער ווי איין תענית... יאָ, און אן ארבע כנפות!..."

זי האָט אים גאָרנישט געבראַכט, ווייל זי האָט אים שוין מער נישט געזען. דאָס איז געוועזן דער פּועל יוצא פון דער דעפּור־טאַציע ביים פּריץ.

די שניידערקע האָט דעם פּריץ נישט געקאָנט זען, בשום אופן נישט, אָבער די דעפּוטאַציע האָט אים געזען. א גרויסע דעפּוטאַציע. פון יעדן שטעטל צוויי־דריי יידן, די רבנים און די שענסטע בעלי־הבתים. דער פּריץ האָט זיי אויפגענומען בייז און פול פאַראַכטונג. זיי זיינען געשטאַנען פאַר אים פרום־הכנעהדיק, און דער ליוצינער רב, א זקן מיט א הדרת פּנים פון תורה און יאָרן, האָט דערציילט, ווי דאָס איז געשען, ווי אזוי דער שניידער האָט צוריסן די איקאָנע — זיי האָבן עס שוין געוואוסט פון דער שניידערקע. אָבער דער פּריץ האָט אים אויסגעהערט מיט אומגעדולד און צום סוף אויסגעשריען צו אלעמען:

„פונוואַנען ווייסט איר, ווי דאָס איז געשען? איר זייט געשטאַנען דערביי? איר האָט מיט אים גערעדט?"

דער רב האָט ווייטער דערקלערט. ניין, זיי האָבן אים נישט געזען און מיט אים נישט גערעדט. אָבער זיין ווייב איז ביי אים געוועזן, און ער האָט איר דערציילט.

אָבער דער פּריץ האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אז ביי א שניידער זאָל זיך אזוי פאַר־האַקן די נאָדל און ער זאָל זי אזוי א שלעפּ טאָן, אז זיין האַנט זאָל ווערן א קולאַק, און דער קולאַק זאָל מאַכן א גרויס לאָך

אין א הייליקער איקאָנע. ער האָט זיך צושריען מיט העלישן כעס:

„איר ליגט אַלע צוזאַמען! איר האָט עס זיך אָפּגעטראַכט! איר זאָלט בעסער שווייגן, אַז נישט וועל איך זיך נעמען צו אייך און אויסגעפינען, צו האָט איר אים נישט צוגערעדט, ער זאָל צוריסן דאָס יעזוס־בילד! איר טראָגט זיך בעסער אָפּ — איך זאָל אייך נישט איינשפּאַרן, וואו ער זיצט!"

ער האָט נישט געוואַרט, ביז זיי וועלן זיך רירן פון אָרט, ווייל זיי האָבן נאָך געוואָלט עפּיס זאָגן, און איינער פון די שענסטע בעלי־הבתים, א מקורב צום פּריץ, האָט געהאַט שוין אָנגעהויבן צו רעדן. ער האָט אַריינגערופן די דינער און געהייסן אַרויסטרייבן די יידן. ווען זיי זיינען שוין געווען ביי דער טיר, האָט ער זיי צוגעשריען:

„אויב אייער שניידער וויל לעבן, וועט ער זיך מוזן טויפן."

א שוידער איז דורך דורך אַלע יידן. דער אַלטער רב פון ליוצין האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, געוועזן גרייט א וואַרף טאָן זיך צו די פיס פון דעם פּריץ, אָבער די דינער האָבן זיי אַלעמען אַרויסגעשטופּט.

דער פּריץ האָט געקאָזט רופן צו זיך לוציאַנען און אָנגעזאָגט אים, ער זאָל קיינעם פון די יידן נישט צולאָזן צום שניידער.

„דו ביזט געוועזן דאָרטן, ווען זיין ווייב איז ביי אים געוועזן?"

„יאָ, האר."

„וואָס האָבן זיי גערעדט?"

„האָב נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן גערעדט אויף זייער לשון. אָבער ער האָט איר וויזט אויס דערציילט, ווי דאָס איז געשען."
און לוציאַן האָט אָנגעהויבן איבערצוגעבן די באַוועגונגען פון דעם שניידער.

„און דו וואָס?" האָט דער פּריץ שאַרף אַרויסגערעדט מיט אָנגערוקטע שרעק־אָנוואַרפנדיקע ברעמען איבער בייזע אויגן. „דו האָסט געגלויבט?"

„און איך האָב אים געזאָגט, אַז מען וועט גלויבן דער פּויערטע, נישט אים. און ער איז פאַרפאַלן."

„אויב ער וועט זיך טויפן, איז ער נישט פארפאלן. זאג עס אים!"

„וועל זאגן."

„האט ער וואס אנגעזאגט זיין מאשקיכע?"

„זי זאל אים ברייגגען... נו, האב ווידער פארגעסן... וואס זיי טראגן, ווען זיי מאליען זיך... אזעלכע קעסטעלעך... און דאס וואס זיי טראגן ווי א שאל... א יא, א טלית!..."

„לאז זי מער נישט צו צו אים. און ווען זי וועט עס ברייגגען, נעם צו און ווארף עס אריין אין פייער... אבער נאך בעסער אין נוזשניק!"

ליוציאן האט זיך דערמאנט אויף דער יארמולקע. געווארן א ביסל אומרואיק. דער פריץ האט אויפגעכאפט די אומרואיקייט.

„באהאלטסט וואס פון מיר?!" האט ער שטרענג ארויס־גערעדט.

„איך האב געפונען זיין פארדריפעטע יארמולקע און אים אפגעגעבן. זאל ער זי ווייטער דריפען."

ער האט שטארק געוואלט, אז דער פריץ זאל זי לאזן „ווייטער דריפען." אבער דער פריץ האט בייז אויסגעשריען: „נעם זי ביי אים אוועק!" און ווען ליוציאן האט געמאכט א באוועגונג אוועקצוגיין, האט דער פריץ אים א זאג געטאן:

„זאג פאטער אנדזשעי, ער זאל אים באזוכן."

ליוציאן איז געוועזן טרויעריק, ווען ער האט אוועקגענומען ביי משהן די יארמולקע. ער האט מיט רחמנות צוגעזען, ווי דער שניידער האט נאכגעקוקט דער יארמולקע, וואס איז פארשוואונדן אין זיין הויזנקעשענע, מיט טרערן אין די אויגן, פארצווייפלט פארנאנדערגעפירט מיט די הענט און צוגעשאקלט מיטן קאפ. ווי צו לאזן אים פאראייננוועגס שוין אויסטרינקען די גאנצע בי־טערקייט, האט ער דערציילט דעם ייד, וואס עס וועט געשען מיט דעם טלית און תפילין, אויב זיין ווייב וועט זיי אים ברענגען.

משה האט אויסגעשריען „אוי!" און פארבראכן די הענט.

„ער וויל, דו זאלסט זיך טויפן," האט ליוציאן ווייטער געזאגט. „קאנסט זיך ריכטן אויפן קסיאנדז."

ווען דער קסיאַנדז איז געקומען, האָט זיך משה שוין גע־ריכט אויף אים און נישט אויפגעהויבן די אויגן.

דער קסיאַנדז האָט געזאָגט אַ פרומען האַרציקן „גוטן טאָג" און פריינטלעך נאָכגעפרעגט זיך, ווי עס גייט אים. משה האָט געשוויגן, און דער קסיאַנדז האָט אים דערקלערט, אַז מען מוז זיין העפלעך צו אַלעמען, און ווען איינער זאָגט „גוטן טאָג" און פרעגט זיך נאָך, ווי עס גייט, דאַרף מען אים ענטפערן, און ער מאָג אויפהייבן די אויגן און אַ קוק טאָן אויף דעם, וואָס רעדט צו אים.

משה האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין חלשות אויף דער באַנק. דער קסיאַנדז האָט אַריינגערופן לוציאַנען.

„מינטער אים אָפּ. אָבער איך גלויב, אַז ער מאַכט זיך גע־חלשט."

„פּאַטערל מאָג אים גלויבן," האָט לוציאַן געזאָגט. „שוין דער וויפלטער טאָג, אַז ער האָט נאַרנישט געגעסן. ער רירט זיך אַפילו נישט צו צום ברויט."

דער קסיאַנדז האָט דאָס דערציילט דעם פּריץ און צוגעגעבן, אַז דער שניידער מוז וואָס שנעלער דערוויסן זיך זיין אורטייל. אפשר וועט דער פּסק־דין האָבן אַ ווירקונג אויף דעם שניידער און אַרויסטרייבן פון אים זיין יידישע עקשנות. דער פּריץ האָט געפּאָלגט די עצה און אַרויסגעשיקט אַן איינלאַדונג צו די אַרו־מיקע גלחים, זיי זאָלן זיך צונויפקומען און משפּטן דעם ייד, וואָס האָט געמאַכט אַ לאָך אין מיטן לייב פון יעזוס־בילד. ער האָט אַפילו געשיקט זיינע פערד און קאַרעטעס צוזאַמענצוברענגען זיי.

לוציאַן האָט שטאַרק געוואָלט ראַטעווען דעם מאָשקאָ. ער האָט אים געגלויבט, כאָטש ער איז אַ ייד. ער וואָלט אַליין גע־שוואָרן, אַז וואָס מאָשקאָ זאָגט איז אמת. ער איז אַוועק צו דער פּויערטע טרעמבאָווסקאַ ווידער אַ קוק צו טאָן אויף דאָס צורי־סענע הייליקע בילד. אָנגעקוקט זיך, געפרעגט, וואו איז געזעסן דער שניידער, אַוועקגעזעצט זיך אויף יענעם אָרט און נאָכגעמאַכט די באַוועגונגען, ווי משה האָט זיי פאַרגעמאַכט פאַר זיין פרוי.

די שטוביקע האָבן אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, און די פויערטע האָט בייז אַ פרעג געטאָן:

„דו ווילסט מאַכן אַ צווייטן רים?"

לוציאַן האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין בערדל און אַרויסגע־טשאַמקעט ווי פאַר זיך:

„און אפשר טאַקע אומגערן... אומגערן צו שטאַרק אַ רים געטאָן די האַנט..."

„און וואו זיינען מיינע אויגן געוועזן? האָב איך נישט גע־זען?" האָט זי שוין געשריען.

„האָסט געזען... געזען... געווים געזען," האָט לוציאַן זי באַרואיקט. „אָבער עס קאָן דאָך אַלץ זיין אומגערן."

„איך האָב נישט נאָר די האַנט געזען," האָט די פויערטע האַרט געזאָגט. „איך האָב אויך זיין פנים געזען, אַ גאָט־מערדע־ריש פנים, און האָב זיינע גזלנישע אויגן געזען..."

לוציאַן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

„פאַרפאַלן דער מענטש!"

משה האָט פאַר זיין גאַנג צום משפט דורכגערעדט זיך מיט גאָט, מיט זיין העמד איבערן קאָפּ, און אויסגעקוועטשט פאַר אים דאָס לעצטע ביסל טרערן, וואָס איז געבליבן אין זיינע אויסגע־וויינטע אויגן. ער זאָל געפינען חן אין די אויגן פון זיינע שופטים, האָט ער געבעטן, און זיי זאָלן גלויבן, וואָס ער וועט זיי זאָגן. און ער וועט זיי דאָך זאָגן דעם אמת. ער האָט דאָך נישט אַנ־דערש וואָס צו זאָגן. אפילו זיי זאָלן אים פייניקן און מאַטערן, האָט ער נישט אַנדערש וואָס צו זאָגן. גאָט ווייס עס דאָך. איז זאָל ער אַריינטאָן אין די שופטים, זיי זאָלן גלויבן זיין אמת און נישט דעם ליגן פון דער גויה.

גאָט האָט זיין תפילה נישט אָנגענומען, פון זיינע טרערן נישט אויסגעמאַכט זיך. די שופטים האָבן משהס אמת נישט געגלויבט, בעסער דעם ליגן פון דער גויה.

„זיין גאָדל האָט זיך אַ סך מאָל פאַרהאַקט," האָט זי געטענהט, „און פונדעסטוועגן האָט ער קיינמאָל קיין איקאָנע נישט אָנגערירט.

אָבער דאָס מאָל האָט ער מיט אַ בכיוון, ווייל איך האָב צו אים גערעדט, אַז ער מוז זיך טויפן. דער בגד, וועלכן ער פאַרענדיקט, וועט געטראָגן ווערן אין אַ הייליקער פּראָצעסיע, און ווי קאָן גע־טראָגן ווערן אין אַ הייליקער פּראָצעסיע אַ בגד פון אַ נישט־גע־טויפטן ייד? האָט ער מיט אַ כיוון אַ הייב געטאָן די האַנט און געמאַכט דאָס לאָך... אַ ריס אין מיטן בויך..."

דאָס בילד פון יעזוס מיט דעם ריס אין מיטן בויך איז גע־לעגן פאַר די ריכטער. ווען די פּויערטע האָט אָנגעוויזן אויפן בילד און דערביי זיך איבערגעצלמט, האָבן זיך איבערגעצלמט אַלע שופטים, און דער פּסק־דין זייערער איז געווען:

„אַזוי ווי דער דאָרפשניידער מאָשקאָ האָט מיט אַ כיוון צוריסן דאָס הייליקע בילד פון אונזער האַר יעזוס און דערמיט געמאַכט צו שפּאָט דעם הייליקן קריסטלעכן גלויבן, פאַרמשפּטן מיר אים צום טויט דורך פאַרברענען. אויב אָבער ער וועט וועלן פאַרריכטן זיין גרויסן פאַרברעך און וועט זיך טויפן און וועט אַריינגיין אין די פאַלדן פון דעם געבענטשטן קריסטנטום, וועט אים זיין חטא פאַרגעבן ווערן און זיין לעבן וועט אים געשענקט ווערן. כּדי צו געבן אים גענוג צייט אויף איבערצולייגן זיך און צו צוגרייטן זיך צו דער הייליקער טויפע, ווערט די אויספירונג פון דעם פּסק אָפּגעלייגט ביז דעם טאָג פון דעם גרויסן יריד אין ליוצין."

דער פּסק־דין איז פאַרגעלייענט געוואָרן פון דעם פּריץ אַליין, און ער האָט אים געלייענט אַזוי, אַז קיין איין וואָרט זאָל נישט פאַרבייגיין מאָשקאָס אויערן. די ווערטער „צום טויט דורך פאַר־ברענען" האָט ער אפילו איבערגעלייענט צוויי מאָל, צום ערשטן מאָל פון פּאַפּיר און צום צווייטן מאָל אויסווייניק, קוקנדיק אויפן שניידער, ביי וועמען עס האָבן זיך אונטערגעבויגן די פיס, און ווען שומרים וואָלטן אים נישט אונטערגעהאַלטן, וואָלט ער געוויס געפאַלן אויף דער ערד. דערפאַר האָט דער פּריץ צוויי מאָל אי־בערגעחזרט די ווערטער „וועט זיך טויפן" און „זיין לעבן וועט אים געשענקט ווערן". און ווידער האָט ער צום ערשטן מאָל אַרויס־געלייענט זיי פון פּאַפּיר און צום צווייטן מאָל איבערגעחזרט אויף אויסווייניק און געקוקט אויפן שניידער, וואָס איז געהאַנגען אויף

די הענט פון די שומרים און נישט ארויסגעוויזן קיין שום פאר־שטייעניש פאר דעם, וואס עס איז אים דא אנגעבאטן געווארן. דער פריץ האט דערפאר די לעצטע שורה פון דעם פסק־דין איבער־געלייענט מיט באזונדער וואגיקייט, דער שניידער זאל זיי גוט אריינגעמען זיך אין קאפ. אבער עס איז נישט געוועזן צו מערקן, אז ער האט וואס געהערט, און עס איז ארויסגעלייגט געווארן אויף דעם פאטער אנדזשעי, ער זאל קומען צום ייד יעדן טאג און פאר־לייענען פאר אים דעם פסק־דין, אזוי אז דער ייד וועט יעדן טאג הערן, וואס פאר א שרעקלעכע שטראף עס דערווארט אים און ווי ער קאן זיך פון איר אפראטעווען.

ווען מען האט געבראכט משהן צוריק אין זיין שטייג, האט מען אים געמוזט אוועקלייגן. ווייל שטיין האט ער נישט געקאנט און אויך זיצן נישט.

„ער וועט נישט דערלעבן ביז דעם יריד־טאג,״ האט איינער פון די שומרים געזאגט. „אויב פארברענען, האט מען אים גע־דארפט וואס שנעלער.״

אבער לוציאן האט יענעם פארזיכערט, אז ער וועט שוין שמעקן געבראטנס. „דער דא,״ האט ער געזאגט, „האט אין זיך א סך לעבן. ער וועט מיט א כיוון דערציען צו יענעם טאג.״

דער אלטער לוציאן האט אליין נישט געוואוסט, ווי ריכ־טיק איז דאס, וואס ער האט געזאגט. משה דער דארפשניידער האט די פרומע קריסטן נישט אנטוישט און נישט בארויבט זיי פון דעם הערלעכן ספעקטאקל און פון דעם גרויסן פארגעניגן צו צוזען, ווי עס ווערט פארברענט א ייד.

דער פסק־דין האט אים פריטשמעליעט, און משה איז א גאנצע צייט געלעגן אויף זיין געפענגעניש־באנק אן דעם קלענסטן געדאנק אין קאפ. ער האט נאר געדענקט דאס ווארט פארברענען, און דאס ווארט איז פון אים נישט אפגעטראטן, האט אויסגעפילט זיין גאנץ וועזן. אבער ווען ער איז ארויסגעקומען פון זיין בא־נומענקייט, זיינען וואך געווארן אין אים די איבעריקע ווערטער, ארויסגעשוואומען פאר אים פון ערגעץ־וואו, אבער ער איז נישט

געוועזן זיכער, צו האָט ער זיי געהערט אָדער נישט. אויב ער וועט זיך שמדן, וועט אים זיין לעבן געשענקט ווערן — ער האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז מען האָט אים געמאַכט אַזאַ אָנבאָט, און געוואונדערט זיך, ווי עס קומען גאָר צו אים אַזעלכע ווערטער און אַזאַ געדאַנק. זאָל גאָט אים נאָר מוחל זיין פאַר זיי! אָבער „צום טויט דורך פאַרברענען" — דאָס געדענקט ער גוט, דאָס איז געוויס. עס איז אים שוואַך געוואָרן ביים האַרצן, ער האָט רחמנות געקראָגן אויף זיך אַליין און זיך צעוויינט. „רבונו של עולם, גאָט אין הימל!" פאַרברענען... ברענען... שטאַרבן... נישט זען מער זיין ווייב, נישט זען מער זיינע קינדער, נישט זען די ליכטיקע וועלט, נישט קאָנען מער דאַוונען, טאָן מצוות, אָפּהיטן גאָטס געבאָטן... ווי אַזוי און פאַרוואָס? אַזוי פּלוצלונג, אַ מענטש אין זיינע יאָרן, קוים פערציק יאָר געוואָרן. ער וועט דאָך שטאַרבן אָפילו אָן ווידוי! וועט מען דען צולאָזן צו אים אימיצן צו זאָגן מיט אים ווידוי? אַז קיין סידור אָפילו לאָזט מען צו אים נישט צו. ער האָט געוויינט שווער און ביטערלעך אין גרויסער רחמנות אויף זיך, שיר נישט פאַרגעסן מנחה.

„רבונו של עולם, גאָטוניו פאָטער, וואָס האָסטו צו מיר? מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? פאַרוואָס האָט זיך אויסגעלאָזן אויף מיר אַזאַ שטראָף? פאַרוואָס האָבן די סאָנדזשעס מיר נישט געגלויבט? איך האָב דאָך געזאָגט דעם אמת, רבונו של עולם, עפן אויף זייערע אויגן! זאָלן זיי דערזען, אַז איך בין אומשולדיק. גאָטוניו פאָטער, דו ביסט דאָך אַ דיין אמת, וועסט דאָך נישט צולאָזן קיין פאַלשן משפט."

דאָס זיינען געוועזן שטאַרקנדיקע טענות צו גאָט, איצטער האָט ער אָנגעהויבן דאַוונען מנחה. און אַזוי האָט ער אָפּגערעדט מיט גאָט פון מנחה ביז מעריב און פאַרענדיקט זיינע טענות מיט מעריב. ווען לוציאַן איז אַריינגעקומען ביידערנאַכט אַ קוק צו טאָן, וואָס זיין געפאַנגענער מאַכט, האָט ער אים געפונען שטייענדיק ביי דער וואַנט, אַריבערגעדעקט אַריבערן קאָפּ מיט זיין העמד, שאָקלענדיק זיך און מורמלענדיק. „דער וועט זיך נישט אונטערגעבן," האָט לוציאַן אַרויסגעטשאַמקעט.

אויף מאָרגן איז געקומען דער גלח אַנדזשעי און האָט אי־בערגעלייענט פאַר אים דעם פּסק־דין. נאָכגעטאָן דעם פּריץ און איבערגעלייענט די וויכטיקע שטעלן צוויי מאָל מיט באַזונדערער באַטאָנונג. איצטער האָט משה קלאָר געהערט, אַז די ווערטער וועגן שמדן זיך האָבן זיך אים נישט אויסגעדוכט, און ער האָט זיך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: הייסט עס, עס איז אים טאַקע אָנ־געבאָטן געוואָרן, ער זאָל זיך שמדן!

דער גלח איז נישט יוצא געווען מיט איבערלייענען דעם פּסק־דין. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן משהן און אָנגעהויבן צו באַשרייבן אים אַ פייערטויט און וועלכע יסורים עס שטייט זיך אויס אַ מענטש, וואָס ברענט. דערפאַר ברענט מען דאָך די רשעים אין גיהינום. דאָך ער קאָן זיך אָפּראַטעווען פון דער שרעקלעכ־קייט דורך טויפן זיך. אָבער ווען ער וועט זיך טויפן און אָנ־נעמען קריסטנטום, וועט עס אים נישט בלויז ראַטעווען פון טויט, נאָר ער וועט געפינען די אמתע רעליגיע און די אמתע גליקזעלי־קייט.

משה איז געזעסן און געשאָקלט מיטן קאָפּ. עס האָט געקאָנט אויסזען, אַז ער הערט זיך גוט צו, אָבער ער האָט גאָרנישט געהערט פון דעם גלחס דרשה און נישט געוואָלט הערן. ווי פריער האָט ער זיך אַליין צוגעשאָקלט, אַז ער האָט טאַקע נעכטן געהערט, אַז מען באַט אים אָן צו שמדן זיך.

דער גלח האָט געהאַט בדעה אונטערצוטראָגן צו דעם יידנס ליפּן דעם צלם, וועלכן ער האָט געטראָגן אויף דער ברוסט, נעמען ביי אים אָן אויפנאָב, לאָזן אים מאַכן דעם ערשטן שריט. אָבער דעם יידנס שטאַרער בליק אין ערגעץ אַ פוסטקייט האָט געזאָגט דעם גלח, אַז עס איז נאָך צו פרי. ער איז אַוועק מיט דער ברכה, אַז דעם פאַרמשפּטנס אויגן זאָלן אויפגעעפנט ווערן, און ער זאָל דערזען דאָס געטלעכע ליכט, וואָס וועט אים ברענגען צום גרויסן קריסטלעכן אמת.

משה דעם דאָרפנשניידערס אויגן זיינען אויפגעעפנט גע־וואָרן. אָט ווי ער איז אַזוי געזעסן און געשאָקלט דעם קאָפּ, איז אים אויפגעגאַנגען דאָס ליכט, אַז אים איז באַשערט צו

שטאַרבן „על קידוש השם". עפּעס האָט אויפגעציטערט אין אים, אָנגעפילט אים מיט ווארעמקייט, דורכגענומען אים מיט באַגייס־טערונג, אַזוי אַז ער האָט ווייט פאַרנאַנדערגעעפנט דעם מויל, פאַר־נאַנדערגעשפּרייט די הענט, און אין די אויגן און אויפן געזיכט האָט אויפגעלויכטן שמחה. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, און ווען נישט די שווערע קייטן, וואָלט ער איצטער געשטעלט טאַנץ־טריט. גאָט האָט פאַר אים אויסגעוויילט אַזאַ טויט. ער האָט אים נישט געלאָזט שטאַרבן אונטער די שמיץ, נישט גע־לאָזט אויסגיין פון די תעניתים. דערהאַלטן אים ביים לעבן, ער זאָל שטאַרבן „על קידוש השם". ער, משה דער דאָרפשניידער, וועט ווערן אַ קדוש! אים איז באַשערט צו הייליקן גאָטס נאָמען פאַר דער גאַנצער וועלט!

„רבונו של עולם, אַז דאָס איז דיין ווילן, בין איך צופרידן!" האָט ער אויסגעשריען.

ער איז געווען אין התלהבות.

ביז דעם יריד אין ליוציין איז נאָך אַ סך וואָכן, וועט ער זען, אַז ער זאָל דערציען. ער וועט עסן זיין ברויט. ער וועט נאָך אפשר אויסבעטן ביי ליוציאַנער אַ ציבעלע צום ברויט.

אָך, ווי לאָזט מען וויסן אין שטעטל, צו וואָס ער האָט זוכה געווען!

אין שטעטל האָט מען שוין געוואוסט דעם פּסק־דין, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע יללה. נישט נאָר אין משה דעם שניידערס הויז, נאָר אין אַלע יידישע הייזער. וואָס טוט מען, אַז מען זאָל אים אָפּראַטעווען פון דעם שרעקלעכן טויט? תעניתים און תהילים האָבן ביז אַהער נישט געהאָלפן, איז אפשר וויל גאָט, אַז די רעטונג זאָל קומען דורך אַ שליח. מען האָט צונויפגעקליבן געלט און אוועקגעשיקט שתדלנים צום קעניג. איינער פון די גע־שיקטע איז געווען משהס עלטסטער זון: אפשר וועט ער רירן דעם קעניגס האַרץ.

צו משהן האָט מען קיין יידן נישט צוגעלאָזן, אפילו נישט זיין ווייב און קינדער. אָבער פון לוציאַנען האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז דער פאַרמשפּטער ווערט יעדן טאָג באַזוכט פון אַ גלח,

און אז ער האָט אָנגעהויבן צו עסן און איז זייער אויפגעלעבט. לאַכט דאָס דער אַלטער ערל? אָבער דער אַלטער ערל אַליין באַגרייפט נישט, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט דעם שניידער. מאַשקאַ פלעגט פריער גאַנצע טעג פאַסטן, אַזוי אַז ער, לוציאַן, האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי ער לעבט נאָך. און איצטער רייבט ער אַזוי גוט אַריין...

„חזיר אויך?!" — עס איז געווען גרויסער שרעק אין דעם פרעגן.

לוציאַן האָט באַרואיקט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט. אַ, ניין! ברויט בלויז עסט ער, ברויט מיט וואַסער, און אַמאָל קריגט ער אויך אַ ציבעלע. די גיט ער אים אויס איינענער גוטסקייט.

מען האָט נישט פאַרשטאַנען משהן. צוערשט האָט מען זיך געשראָקן, אַז אפשר וויל ער טאַקע זיך שמדן. דער גלח קומט צו אים יעדן טאָג, און ער, משה, האָט אָנגעהויבן צו עסן און איז זייער אויפגעלייגט. ווער ווייס, וואָס דער דאָרפנשניידער מיט דעם פייערטוויט פאַר די אויגן קאָן נעמען און אָפּטאָן! אָבער ער עסט דאָך נישט קיין טריפה — איז גאָט ווייס, וואָס מיט אים קומט דאָרטן פאָר! מען האָט אונטערגעקויפט לוציאַנען, ער זאָל געבן משהן עפּעס מער ווי ברויט מיט ציבעלע. טאַקע אַ הערינג, אַ געריכערט פּישל, אַן אוגערקע, אַ שטיקל רעטאַך. און ער זאָל וויסן, אַז דאָס קומט פון זיי, פון יידן.

און משה האָט געגעסן. נישט צופיל, אָבער גענוג אויף צו דערהאַלטן די נשמה און „צו דערציען". דער גלח האָט באַשלאָסן, אַז משה מוז זיין גערירט. ער פלעגט אים געפינען אַ פרייליכן און אויפגעלעבטן. משה האָט זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען ווי אַ ייד ביים לערנען און אפילו צוזינגען זיך. דאָס קאָן דאָך נישט קיין קלאָרער מענטש, ווען מען לייענט אים פאָר זיין טויט־אורטייל! אָבער עס איז דאָך געווען מעטאָדע און אָפּגעקלערטקייט, ווי דאָס יידל פלעגט מיט זיין שאָקלען זיך און אונטערברומען פאַרטומלען די פרומע איבערדעדונגס־ווערטער. אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַראורטיילט נישט צו געניסן פון דער אויסלייזונג!

דער גלח האָט מיט אים געציילט ספירה. יעדן טאָג דער־

מאַנט אים, אַז עס ווערט נעענטער און נעענטער דער טאָג פון דער שטראָף. אָבער אָנשטאָט דערשראָקענער צו ווערן, אומרואיקער און טרויעריקער, ווערט ער גאָר מער עקזאַלטירט, מער אויפגעלעבט. און לוציאַן האָט דערציילט דעם גלח, אַז ווען דער ייד איז אַליין, זאָגט ער תפילות. מאַשקאַ האָט עס אים אַליין געזאָגט:

„פאַראַן, האָט ער געזאָגט, אַ גוט בוך, אַ טייער בוך, אַ הייליק בוך. תהילים הייסט דאָס בוך. אַזוי האָט מאַשקאַ מיר אָנגערופן דאָס בוך. תהילים. עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. פון דעם צאַר דוד. באַגלייט אונז פון וויג ביז צום קבר, האָט ער געזאָגט. מיר ווערן געבאָרן, האָט ער געזאָגט, מיט תהילים און שטאַרבן מיט תהילים. איז אָט זאָג איך מיר תהילים! אַזוי האָט מאַשקאַ..."

דער גלח האָט אָנגערוקט דעם שטערן. תהילים! אָט דער דאַרפנשניידער קען תהילים אויף אויסווייניק! אָבער וואָס פאַר אַ זין מוזן האָבן די הייליקע ווערטער אין זיין מויל!

ער האָט אויפגעהערט צו קומען צו משהן. ער האָט געפילט, אַז דאָס דאָזיקע פאַראַכטלעכע באַשעפעניש פון אַ יידל לאַכט פון אים, רייצט זיך מיט אים, טריומפירט איבער אים. אָבער אַ טאָג פאַר דער פאַרברענונג איז ער געקומען צו דערמאָנען, אַז מאָרגן וועט ער פאַרברענט ווערן. צו ווייס ער עס?

„ווי דען־זשע!" געוויס ווייס ער.

„ווילסטו טאָקע ברענען?"

„איך וויל נישט. אָבער גאָט וויל."

„פאַרוואָס וויל עס גאָט?"

„ווי קאָן איך עס וויסן?"

„ווייל דו פאַרלייקנסט אים. ווייל דו האָסט אים געלעסטערט. ווייל דו ווילסט אים נישט אָננעמען."

„איך האָב גאָט קיינמאָל נישט פאַרלייקנט, האָב אים קיינמאָל נישט געלעסטערט, און איך נעם אים אָן מיט מיין גאַנצן האַרצן."

„איך מיין יעזוס קריסטוס." — און דער גלח האָט זיך איבערגעצלמט.

„איך בין אַ ייד. און ווען איך זאָג גאָט, מיין איך דעם איינ־ציקן גאָט, דעם יידישן גאָט.״

דעם גלח איז געוואָרן פּריקרע, וואָס ער האָט זיך אַריינגע־לאָזט מיט דעם דאָרפשניידער אין אַ מין דיסקוסיע, און דער דאָרפ־שניידער רעדט אַזוי שטאַרק און זיכער, און ער, דער גלח, געפינט נישט פאַר אים קיין ווערטער, וואָס זאָלן אים צומאַכן דעם מויל און איינבוינגן דעם קאָפּ, סיידן נאָר ווערטער פון שרעק, פון שטראָף און טויט, און די קאָנען אים שוין מער נישט דערשרעקן. ער איז שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף דעם יידליק. אַ כוואַליע פון שנאה און פאַראַכטונג איז אויפגעשטיגן אין אים, און ער האָט שניידיק אַרויסגערעדט, מיט דערהעכערטן קול:

„דער האַר פון דער וועלט האָט זיין הייליקן גייסט פאַראיי־ניקט מיט דער הייליקער יונגפרוי און אַראָפּגעשיקט צו אונז דורך איר זיין זון אונזער האַר יעזוס קריסטוס, אויסצולייזן די וועלט פון איר זינד און דערנענטערן אונז צו דער הימלישער מלוכה. אָבער איר יידן זייט געשלאָגן מיט בלינדקייט און פאַרטעמפּטקייט. איר זייט ווי אַרומגעוויקלט מיט אַ פאַנצער פון אייזן, אַז די הייליקע ווערטער פון אונזער האַר יעזוס קריסטוס און זיינע אַפּאָס־טאָלן קאָנען אייך נישט דערגרייכן. דערפאַר זייט איר פאַרשאָלטן צו פּרעגלען זיך אויף דער וועלט אויף אַלערליי פייערן און דערנאָך אין די אייביקע פייערן פון גהינום!״

ער האָט אויסגעשפּייט פאַר די פיס פון דעם ייד און איז אַוועק.

דער ייד האָט טריומפירט, נאָכגעשיקט דעם גלח אַ לוסטיקן שמייכל. ער האָט געוואוסט, אַז דער וועט שוין צו אים מער ניט קומען, און ער וועט מער ניט דאַרפן קוקן אויפן צלם, וואָס הענגט אויף דעם גלחס ברוסט און שטעכט אים די אויגן, און נישט דאַרפן מער הערן ווערטער, וואָס האָבן שטענדיק געשניטן אין זיינע אויערן. איצטער וועט ער געהערן אינגאַנצן צו גאָט, וועט זיך מיט אים מתייחד זיין.

איאַיאַי, ווען ער האָט דאָ ביי זיך אַ פּאָר הייליקע ספרים! ווען ער האָט דאָ מיט זיך זיין גראָבן סידור מיט דעם

ווידוי הגדול!... און יידן וואָלט ער געוואָלט האָבן ארום זיך. כאָטש א מנין יידן. און אַלע וואָלטן זיי מיט אים געזאָגט תהילים. זיי מוזן דאָרטן סיי־ווי זאָגן תהילים פאַר אים. זיי ווייסן דאָך געוויס, וואָס מאָרגן וועט מיט אים געשען, וועלן זיי אים דאָך נישט לאָזן אַוועקגיין אָן תהילים־זאָגן. און ער זעט, ווי יידן זיינען פאַרזאַמלט אין די בתי מדרשים און אין די שולן און זאָגן תהילים. ער הערט דאַכט זיך זייערע קולות, וועלכע שטייגן ארויף מיט אַזויפיל פרומקייט און רחמים צום רבונו של עולם. פאַר נערווירטקייט האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן.

„א דאַנק דיר, גאָטוניו, וואָס איך האָב דערצו זוכה געווען!"

אַך, ווען ער האָט דאָ ביי זיך דעם רב! כאָטש דעם מלמד פון זיינע יינגלעך... און ער ווייס, אז אין די אַלע פאַרלאַנגען און איבער די אַלע פאַרלאַנגען שטייען זיין פרוי און קינדער. ער בענקט נאָך זיי, וואָלט זיי געוואָלט האָבן לעבן זיך. כאָטש אויף א ווייַלינקע! וועט ער זיי טאָקע מער נישט זען?

ער האָט זיך געכאַפּט, אז מיט אַלע געדאַנקען, פאַרלאַנגען און בענקענישן האָט ער זיך דערווייטערט פון גאָט, מיט וועמען ער האָט זיך געוואָלט מתייחד זיין. ער האָט זיך צושאָקלט, אָנגעקנייטשט דעם שטערן, אָנגעהויבן פרום און התלהבותדיק א קאַפּיטל תהילים. מער וועט ער פון גאָרנישט טראַכטן, וועט טרייבן פון זיך אַלע רעיונות. געהערן נאָר צו גאָט. און צווישן איין קאַפּיטל תהילים און א צווייטן וועט ער זיך דורכרעדן מיט גאָט אויף זיין אייגענעם לשון מיט זיינע אייגענע ווערטער. און ער וועט אים דאַנקען, דאַנקען פאַר אַלץ, וואָס ער האָט מיט אים געטאָן זיין גאַנץ לעבן און וועט בעטן, בעטן ביי אים פאַר זיין הויזגעזינד און פאַר כל ישראל.

ער האָט דורכגעוואַכט די גאַנצע נאַכט, געראַנגלט זיך מיטן שלאָף און אים ביינעקומען. ער האָט זיך ארומבאַוועגט אין די פיר איילן פון דעם שטייג, געבריאַזגעט מיט די קייטן אויף די פיס, דערהעכערט זיין קול אין די תפילות און אין זיינע געשפּרעכן מיט גאָט. ער האָט באַגעגנט דעם פרימאָרגן מיט א חשק טובל צו זיין זיך, אראָפּשווענקען דעם שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן

אויף אים, און אָנטאָן אַ פרישע העמד, ווייל זיין העמד אויף אים איז שוואַרץ פאַר ברוד און ווערט אויך צופאַלן אויף שטיקלעך — ער האָט שוין באַלד נישט מיט וואָס דעם קאָפּ צו פאַרדעקן.

און די בקשה זיינע האָט גאָט גראָד פאַרנומען. אָקאַרשט טאָג איז אַריינגעקומען צו אים לוציאַן — דער אַלטער איז דאַכט זיך אויך נישט געשלאָפן די נאַכט. ער האָט קוים באַוועגט די פיס, געשלעפּט זיך און געקרעכצט. ער איז געקומען אַ קוק צו טאָן, צו לעבט ער נאָך. ער האָט דאָך נעכטן דעם גאַנצן טאָג גאַרנישט אין מויל געהאַט.

משה האָט זיך מיט אים דערפרייט. גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט! אפשר איז מעגלעך צו ברענגען אים אַ צעבער וואַסער? ער וויל זיך אַ ביסל אַרומוואַשן. אפשר איז מעגלעך צו ברענגען אים אַ ריינע ווייסע העמד?

לוציאַן איז רירעוודיק געוואָרן, מיט שנעלע טריט אַוועק צו ברענגען דעם ייד, וואָס ער האָט געבעטן. ער איז געווען זיכער, אַז מאָשקאָ איז אומשולדיק און האָט געוואָלט פון זיין זייט כאָטש מיט עפּעס גוט מאַכן דעם פאַרברעך, וואָס ווערט דאָ באַגאַנגען. און עס איז טאַקע ריכטיק, אַז ער זאָל אָנקומען „אַהינצו" אַן אַרומגעוואַשענער, כאָטש דאָס פייער וועט אים שוין גוט אָפּריי־ניקן. ער האָט געבראַכט אַ צעבער וואַסער, געבראַכט אַ ריינע ווייסע העמד — צושיידט זיך מיט איינער פון זיינע בעסטע העמדער, און אָנגעבאָטן משהן אַרומצואוואַשן אים. עס איז געווען גע־רירטקייט אין דעם אַלטן מאַן, ביז צו וויינען. משה האָט אים באַדאַנקט און אַרומגעוואַשן זיך אַליין. דאָס וואַסער וואָלט אונ־טער די הענט, וואָס צלמען זיך, געוואָרן „עפּעס נישט דאָס" און דאָס וואַשן זיך וואָלט נישט געוואָרן קיין טבילה.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט לוציאַן שנעל אַוועק־גענומען דעם צעבער, אָפּגעווישט דאָס פאַרגאָסענע וואַסער, עס זאָל נישט זיין קיין סימן, אַז ער האָט מיט עפּעס געהאָלפן דעם פאַרמשפּטן, און געפרעגט, צו וואָלט ער נישט געוואָלט עפּעס צו־בייסן. ער האָט דאָך נעכטן נישט געגעסן, ווי וועט ער האָבן כוח צו גיין ביז צו... נישט אַרויסגעזאָגט, ביז וואוהין.

משה האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט קיין וואָרט נישט געוואָלט ארויסרעדן. איצטער אַן אָפּגעטובלטער, אַ געטהרה־טער, וועט ער געברויכן זיין מויל נאָר פאַר תפילות.

לוציאַן האָט געוואָלט עפּעס זאָגן ביים געזעגענען זיך, געבן אַ האַנט, פּילייכט אויך צוקושן זיך. אָבער משה איז געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן, פּאַמעלעך געשאָקלט זיך און שטיל באַוועגט די ליפּן. לוציאַן האָט יאושדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איבערגעצלמט זיך און איז אַוועק. ווען עס איז געקומען די צייט אַוועקצופירן דעם פּאַראַורטיילטן, איז דער אַלטער געלעגן אויף זיין געלעגער מיט אַ שרעקלעכער ברעכעניש אין רוקן און אין די פּיס, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן.

„ער וועט שוין מוזן ברענען אָן מיר," האָט ער געזאָגט. „און איך וועל מיין לולקע מיט זיין פייער נישט פאַררויכערן."

ווען ער איז געבליבן אַליין, איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער, אויפגעעפנט זיין גרויסן קאַסטן, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן דאָס פעלצל, וואָס משה האָט אים אַמאָל אויפגענייט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אויפגעקרעכצט און איבערגעצלמט זיך.

משה איז געפירט געוואָרן אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך, גע־פירט פון דעם פּריץ'עס תליון — אַ ריז מיט אַ ווילדער טשופּרינע, מיט זיין שאַרפער האַק אונטער זיין אָרעם — דער סימבאָל פון זיין אַמט, וואָס גיט צו וואָג צו זיין יעדן טריט. דער וועג איז געגאַנגען דורך שורות פּויערים און פּויערטעס, יונג און אַלט, קינדער און זקנים, וועלכע האָבן געשאָלטן דעם ייד מיט ביטע־רע קללות. געזידלט אים מיט דעם גאַנצן ניבול פּה פון זייער לשון, און געשפּייט אויף אים. משה איז געגאַנגען, ווי ער וואָלט קיינעם נישט געזען און קיינעם נישט געהערט, ריין אין דער ריינער העמד, דער קאָפּ ארומגעבונדן מיט אַ שטיק פון זיין אַלטן העמד, די הענט צונויפגעלייגט אויף דער ברוסט, פאַררוקט אין די אַרבל פון דער העמד, און זיך אַליין נאָכגעזאָגט דעם לוויה־פּסוק: „צדק לפניו יהלך וישם לדרך פּעמיו."

אויפן ברעג פון דער אָזערע אַנטקעגן ליוצין, אויף דעם זעל־

ביקן ברעג, פון וועלכן לוציאן האָט געדאַרפט אים אַריבערדרודערן אויף שבועות אהיים, האָבן פויערים און פויערטעס אָנגעטראָגן טרוקענעם סכך און טרוקענע שייטלעך האָלץ מיט קלעצלעך און ברעטלעך, געמאַכט גאָר אַ וואַזשנעם שייטערהויפן, אַ הויכן און אַ ברייטן, באַלייגט מיט פעך. טויזנטער פויערים און פויערטעס — און אַלע האָבן צוגעטראָגן עפעס, אַלע האָבן געוואָלט זיין אין דער מצווה. מען האָט שוין נישט געקאָנט העכער מאַכן, אָבער פאַר ברייטער מאַכן איז נישט געווען קיין מאָס. די טויזנטקעפיקע מאַסע האָט באַגעגנט דעם פאַראורטיילטן מיט חרמות און קללות און זידלווערטער. אַפילו די וויטסטע אין דעם גרויסן עולם, וואָס האָבן אים גאַרנישט געקאָנט זען, האָבן אויף אים געוואָרפן זייערע קללות און זידלערייען, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר זיי.

מען האָט אים צוגעפירט צו דער זייט פון דעם שייטערהויפן, וואו עס איז געשטאַנען דער פריץ מיט אַלע אַנדערע שופטים. אָבער ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן און קיינעם נישט געזען. ער האָט געגראָבן אין זיין זכרון פסוקים פון תהילים און האָט איצטער געמורמלט: „צדיק אתה י"י וישר משפטיך..."

אויף אַ סיגנאַל איז געוואָרן זייער שטיל, און פויערים האָבן אָנגעהויבן אויסצוטאָן די היטלען. פייער איז צוגעטראָגן געוואָרן צו אַלע פיר זייטן פון דעם שייטערהויפן גאַנץ אונטן ביי דער באַגראָזטער ערד. דער פריץ איז אַרויסגעטראָטן פאָראויס, אַ פאָר שריט פון משהן און אָנגעהויבן צו לייענען דעם פסק דין. דאָס פייער האָט הונגעריק אָנגעכאַפּט דאָס טרוקענע געהילץ און גיריק געצויגן זיך צום פעך. רויטע פלעמעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו רייסן אַרויף, און דער רויך האָט אַ שפּאַר געטאָן פון אַלע זייטן. די שטים פון דעם פריץ איז געוואָרן זייער פייערלעך, און איבערלייענענדיק דעם פסק־דין, האָט ער זיך געווענדט צו משהן, מיט אַ וויַז אויף דעם ברענענדיקן פייער:

„צום לעצטן מאָל פרעג איך דיך, איינגעשפּאַרטער ייד, ווילסטו ברענען אָדער טויפן זיך?"

משה האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ, די אויגן צוגע־מאַכט, כדי ער זאָל דעם פּריץ נישט זען, העכער אַלץ געהויבן, העכער, העכער, ביז ער האָט נישט געקאָנט מער. יעמאָלט האָט ער אויפגעעפנט די אויגן, געזען דעם קלאָרן הימל, אין וועלכן עס האָט געבלענדט אַ הערלעכע תמוז־זון, און פרום אַרויסגערעדט:

„ברוך דיין האמת!"

און האָט צוגעמאַכט די אויגן, איז פאַרגליווערט געוואָרן.

דער פּריץ איז רויט געוואָרן אין גאַנצן געזיכט, געפילט, ווי אַ בריק צו טאָן דעם ייד, נאָר איינגעהאַלטן זיך און ווילד אַרויס־געשריען:

„טוט אים זיין רעכט! פאַרשאָלטענער ייד!"

ער האָט אַ שפּיי געטאָן אויף אים, און פּלוצלונג צוגעגעבן:

„איר קאָנט אים אַפילו אַ פּייניק טאָן!"

דער תליון האָט נחתדיק אָפּגערייניקט זיין האַלז, אַ גלעט געטאָן די האַק — נישט אומזיסט, הייסט עס, גענומען זי! — און אַרויסגענומען זי פון אונטערן אָרעם. מען האָט געדאַרפט אַראָפּנעמען די קייטן פון משהס פיס, אָבער דער תליון האָט קיינעם נישט צוגעלאָזן. מיט איין זעץ מיט זיין פוס האָט ער אַוועקגע־לייגט משהן אויף דער ערד, פאַרריכט אויף זיך די הויזן, פאַר־נאַנדערגעפּאַכעט זיך מיט דער האַק און אָפּגעהאַקט איין פוס נאָך דעם אַנדערן, אַ ביסל איבער די קייטן. און ווייל די האַק האָט געוואָלט נאָך, האָט ער שוין אָפּגעהאַקט אויך די הענט.

משה איז געבליבן ליגן ווי טויט. מען האָט זיך דערשראָקן. וואָס וועט איצטער זיין מיט פאַרברענען? מען האָט שנעל אַרויפ־געוואָרפן דעם אַרומגעהאַקטן קערפּער אויף דעם ברענענדיקן שייר־טערהויפן, צוגעוואָרפן אַהין די אָפּגעהאַקטע הענט און פיס, און באַדויערט, וואָס מען וועט נישט הערן זיינע געשרייען. מען האָט זיך געפילט ווי באַרויבט: די הויפּט־מוזיק וועט פעלן. און מען האָט זיך צוגעהערט, פיליכט וועט ער נאָך אַ געשריי טאָן. מען האָט זיך דערוואַרט.

ווען דאָס פייער האָט באַרירט זיין קערפּער, איז משה גע־

קומען צו זיך, באַגריפן, וואו ער ליגט, דערפילט דאָס ברענען, און זיך דערשראָקן. ווײ, ער האָט נעקאָנט פאַרברענט ווערן אָן דער הויפּט־זאַך! מיט שטאַרק קלאַפּנדיקן האַרץ האָט ער אויסגע־שריען מיט אַלע זיינע כוחות:

„שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה אחד!"

און געצויגן דעם „אחד", ביז אַלץ אין אים איז געוואָרן שטיל.

.1945

# יידנהאַס

## 1

דער האַסער האָט געהייסן עדוואַרד קאָהן.

דער ערשטער נאָמען טויטאַניש, אורדייטש, אַ נאָמען פון מלכים און פּרינצן, וואָס זיין טייטש איז „ווערטפּולער אָדער גליקלעכער שומר". דער צווייטער נאָמען איז אויך אַ יחוס־נאָמען, און איז אַלט, אוראַלט, אַ סך עלטער פאַר דעם ערשטן, אָבער איז עכט יידיש, און איז אָפּט אַ שווערע משא פאַר דעם, וואָס טראָגט אים, און אַמאָל אויך אַ גאַנצע טראַגעדיע.

דער נאָמען איז נישט געווען קיין טראַגעדיע פאַר דעם זיידן און דעם טאַטן פון עדוואַרד קאָהן. ער האָט זיי נישט געשטערט אַרויפצושטייגן צו גרויסן רייכטום און צו פאַרנעמען אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ אין דער געשעפט־וועלט פון ניו יאָרק. זיי האָבן אים אפילו נישט געפילט פאַר אַ צו שווערע משא. נישט דער זיידע און נישט דער טאַטע. אַן אַנדער נאָמען, נישט אַזאַ עכט יידישער, וואָלט אפשר געווען בעסער, באַקוועמער, אָבער אַז עס איז זיי שוין באַשערט געווען אָט דער אַלטער יידישער נאָמען, האָבן זיי אים געטראָגן אפילו מיט שטאָלץ. דער ווייט פאַרשפּרייטער נאָמען האָט געקראָגן נייעם קלאַנג און נייעם ווערט, ווען זיי האָבן אים געטראָגן. די יואוועליר־פירמע „אייזיק קאָהן ענד סאָן", די פירמע מיט די ביידע עכט יידישע נעמען, איז געווען אַ גאַראַנטיע פון ראַיעלקייט און ערלעכקייט.

עדוואַרד קאָהן דער אייניקל האָט דערשפּירט די משא.

זיין גאַנץ אויסזען איז געווען טויטאַניש, אורדייטש, ווי

זיין נאָמען עדוואַרד. בלאָנד און בלויע אויגן און אַ גלייכע נאָז און זעקס פוס הויך און ברייטע פּלייצעס. שיין, ווי אַ נאָרדישער גאָט. דער בעסטער יידנקענער וואָלט נישט דערקענט אין אים קיין ייד. די שאַרפסטע שפּיר־אויגן פון אַ נאַצי וואָלטן אים אָנגענומען פאַר אַן אַריער און אַ נאָרדיק.

און ער האָט זיך געהאַלטן און אויפגעפירט לויט זיין אויסזען. ווי ער וואָלט טאַקע געווען אַן אַריער, אינגאַנצן אום־ייד. יידן, יידישקייט זיינען אים געווען פרעמד, האָבן זיך גאָרנישט אָנגעקערט מיט אים, אַרויסגערופן אפילו אַ ווידערווילן. דערגאַנגען צו זיינע אויערן, ווי אַן אומאָנגענעמער קריץ, פּאַרטשעפּעט זיינע אויגן, ווי עטוואָס זייער העסלעכס.

ער האָט עס אַרויסגעוויזן מיט זיין מוטערמילך. זיין מוטער, אַ געבאָרענע לעווין, האָט טיף געהאַסט און פאַראַכט אַלץ, וואָס יידיש. ווייל זי איז געווען זייער רייך, האָט זי זיך געקאָנט אַרומנעמען מיט קריסטלעכע פריינט. דאָס האָט איר געקאָסט אַ סך געלט, אָבער זי איז געווען גליקלעך. ווען עדוואַרד וואָלט געבאָרן געוואָרן מיט פינף יאָר שפּעטער, וואָלט זיין טאַטע נישט געווען דער ייד סידני קאָהן, נאָר דער דייטשער אָפּערנזינגער, וואָס איז געווען איר ערשטער געליבטער. ווייל עדוואַרד איז געווען בלאָנד און בלויאויגיק, האָט זי אים אויפדערצויגן, ווי ער וואָלט טאַקע געווען דעם זינגערס זון. אַוועקגעגעבן אים אין אַ פּריוואַטער שולע, אין וועלכער עס זיינען געווען נאָר עטלעכע נעציילטע יידישע תלמידים, און אָנגעזאָגט אים, ער זאָל זיך מיט די יידן דאָרטן נישט חברן. האָט דער יינגל מיטן נאָמען קאָהן אויסגעמיטן יעדן פאַרקער מיט זיינע יידישע מיטשילער ווי אין דער אָנפאַנגשולע אַזוי אויך שפּעטער אין קאָלעדזש.

אָבער דער נאָמען קאָהן? וואָס פאַר אַ פאַרפלוכטע אָנשיקעניש! אַ העסלעך געוויקסל אויפן נאָזן, וואָס האָט געשטערט אין האַלטן גלייך דעם קאָפּ און נישט געקאָנט אָפּערירט ווערן. דער „ייד" סידני קאָהן האָט נישט דערלויבט זיין בן יחיד נישט צו שמדן זיך און נישט אפילו צו בייטן זיין נאָמען.

ווען מאמע און זון האָבן געוואָלט וויסן דעם גרונט פון אַזאַ גזירה, האָט ער געענטפערט גאַנץ פאַרשטעלט און מיסטיש:

„אַט אַזוי וועלן מיר ווייטער אָנגיין!"

ווער מיר? וואָס אָנגיין? וואָס הייסט ווייטער?

ער האָט אָפּגעזאָגט און פּאַרטיק. אָבער ווען ער האָט עס אַרויסגעזאָגט, האָט סידני קאָהן, וואָס איז אַליין געוועזן אַ קנאַפּער ייד, געפילט ווייטע, פאַרגאַנגענע דורות און אַ סך קומענדיקע דורות — אַ גרויסע מאַסע יידישע מענטשן, אַ יידיש פאָלק, וואָס האָט נישט אויפגעהערט און וועט נישט אויפהערן צו זיין. עפּעס פּלוצלונג דערפילט און דורכגעלעבט. ער וואָלט עס נישט געקאָנט דערקלערן, האָט ער טאָקע נישט דערקלערט.

וואָלט אפשר עדוואַרד קאָהן נישט געפאָלגט דעם טאַטן, וועמען ער האָט אין אַ סך זאַכן נישט געפאָלגט און פאַר וועמען ער האָט געהאַט ווייניק דרך ארץ. אָבער נישט פאָלגן דעם טאַטן, אַט „דעם פאַרפלוכטן שמוציקן ייד" אין דעם פּרט, איז געוועזן אַ סכנה. אין דעם מאָמענט, ווען ער וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט ער געדאַרפט פאַרלאָזן דעם טאַטנס הויז, ווי ער שטייט און גייט. דאָס האָט זיך נישט געוואָלט. איז ער געבליבן ביים נאָמען און כלומרשט ביים יידישן גלויבן, פון וועלכן ער האָט די קלענסטע אַנונג נישט געהאַט.

אָבער דעם טאַטנס הויז האָט ער דאָך פאַרלאָזן. כל זמן ער האָט געטראָגן דעם יידישן נאָמען, האָט ער געטיילט דעם טאַטנס עשירות, איז ער געוועזן אַ מיטגליד פון דער פירמע, געקראָגן אַ גרויס געהאַלט פאַר וואָס ווייניקער מישן זיך אין געשעפט און געקאָנט דערלויבן זיך צו האָבן אַן אייגענע לוקסוסדיקע בחור־דירה. קיין איין פרעמדער יידישער פּוס איז נישט אַריבער־געטראָטן זיין שוועל, דערפאַר שוין אַליין, וואָס צווישן זיינע פריינט איז נישט געוועזן קיין איין ייד. די יידן פון זיין קרייז זיינען געוועזן פּונקט אַזוי יידן־פרעמד און יידן־פיינטלעך אַזוי ווי ער, און דאָך האָט זיך עדוואַרד קאָהן נישט געחברט מיט זיי. ער האָט געוואָלט זיין יידן־ריין. זיינע „אַרישע" פריינט זאָלן

באַשיצט זיין פון דער געפאַר צו טרעפן זיך אין זיין דירה אַפילו צופעליק מיט נאָך אַ ייד.

ער האָט איינגעפּאַסט זיין לעבן אַזוי, אַז מען זאָל אים דעם קאָהן אינגאַנצן פאַרגעסן. מיט קעשענעס אָנגעפּאַקטע מיט געלט, איז עס פאַרהעלטנישמעסיק געוועזן לייכט, און ווייל עס האָט זיך געלוינט, האָבן זיינע אַרישע פריינט אָראָפּגעשלונגען דעם קאָהן. ער איז פאַר זיי געוועזן עדי און ער. זיי פלעגן אים פאַרשטעלן: „דאָס איז עדי"... „ווערט באַקאַנט מיט עדין"... „מיין פריינט עדי"... דעם קאָהן קיינמאָל נישט אַרויפגעבראַכט אויף די ליפּן. נישט, ווען ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַליידיקט, וואָס זיינע פריינט האָבן אויסגעלאָזן דעם קאָהן. ער האָט גאָר געציטערט, טאָמער וועלן זיי אים אַרויסריידן. מיט עדי האָט זיך געלעבט אַזוי גוט אין דער אַרישער געזעלשאַפט. בלאָנד און בלויאויגיק און גלייכנאָזיק, שיין און רייך. אַ גלייכער מיט גלייכע.

נאָר ווען אימיצער האָט געוואָלט שטאַרק וויסן, וואָס איז עס פאַר אַן עדי, וואָס איז אים פאַרגעשטעלט געוואָרן, איז אים צוגעשעפּטשעט געוואָרן דער נאָמען קאָהן—צוגעשעפּטשעט געוואָרן, אַ מאָל שנעל, קוים אַרויסגערעדט, ווי דער קאָהן איז נישט וויכטיק און מאַכט נישט אויס, און אַמאָל טאַקע מיט באַטאָנונג, מיט אַ ביסל גיפט און שטעכיקייט, מיט דער פרייד פון קאָנען שעדיקן און אָפּטאָן עדין אַ שפּיצל.

און כמעט שטענדיק, ווען עס האָט זיך באַוויזן אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פריינט אַ שיינע מיידל, איז ער פאַרגעשטעלט געוואָרן „מר. קאָהן" — עדי האָט זיך געפילט בשעת מעשה, ווי עטוואָס זייער אומאַנגענעמעס וואָלט אים באַרירט, ווי אַן אייזקאַלטע האַנט וואָלט זיך אַרויפגעלייגט אויף אים. און דער נאָמען איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן קאַלט און האַרט — עדי האָט געמוזט צוזאַמענבייסן זיינע ציינער. אַ סעקונדע נאָר. ער איז קיינמאָל נישט ברוגז געוואָרן. ער האָט פאַרשטאַנען זיינע פריינט. „דעם איט!" ער וואָלט נישט בעסער געוועזן!

דאָס איז אַ וואַנט אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן אים און

דער „שיינהייט", א מחיצה, א שטער. דאָס האָבן זיך די „ממזרים" געוווּרט קעגן אים, דעם שענערן און רייכערן. דער נאָמען קאָהן איז געווען זייער זעלבסטשוץ. דער וועג צו דער מיידל איז אים געמאַכט געוואָרן שווערער. אָבער בלויז שווערער. און טייערער. באַלד האָט די אַרישע שיינהייט געדענקט נאָר עדי און פאַרגעסן קאָהן.

## 2

איז געווען א באַל אין די „הויכע פענצטער" פון ניו יאָרק. א גלענצנדער באַל, נאָר א ביסל באַטונקלט פון עטלעכע יידן און יידישקעס, וועמען די הויכע געזעלשאַפט האָט גנעדיק פאַרגעסן זייער יידישקייט. עדי איז אויך געווען איינער פון די „טאָלערירטע", אריינגעשמוגלטע יידן. אָבער ער האָט זיך ניט געפילט אריינגעשמוגלט און אַרומבאַוועגט זיך פריי, מיט אויפ־געהויבענעם קאָפּ און שטאָלצן גאַנג, ווי איינער וואָס באַלאַנגט. געטאַנצט, געטרונקען, אפילו אָנגעפירט מיט א רעדל, געהאַט נאָכלויפער און באַוואונדערער.

אין זאַל האָט אויפגעהעלט א יונגע שיינהייט, צוגעצויגן אַלע אויגן.

„ווער איז זי?" האָט עדי געפרעגט ביי זיינע באַגלייטער.

זיי האָבן אים אָנגערופן איר נאָמען.

„איר קענט זי?"

ניין. קיינער פון זיינע באַגלייטער איז נישט געווען באַ־קאַנט מיט איר.

„איך וויל איר פאָרגעשטעלט ווערן."

„בעסער וויל עס נישט," האָט איינער א זאָג געטאָן.

„פאַרוואָס?"

„אַ!..."

„וואָס איז עס?"

„איך האָב עס דיר צו זאָגן."

„וואָס אַזוינס?"

„אין איר הויז טאָר מען נישט דערמאָנען קיין יידישן נאָ־מען.”

„מיין נאָמען איז עדי!” האָט עדי שאַרף אָפּגעשניטן. נישט געוואָלט מער גאָרנישט הערן.

און אָט טאַנצט זי, און איר קאַוואַליער איז דזשימי, זיי־נער אַ בוזים־פֿריינט. גוט. ער האָט זיי נישט אָפּגעלאָזן פֿון די אויגן. דער טאַנץ האָט אויפֿגעהערט, און דזשימי מיט דער שיינהייט זיינען געבליבן שטיין אין אַנדער עק זאַל. עדי איז אַוועק אַהין. שטאָלץ, זעלבסטבאַוואוסט, אָן דער קלענסטער שפּור פֿון קאָהן, די אויגן אָנגעשטעלט אויף איר.

נישט ווייט פֿון איר איז ער פֿאַרהאַלטן געוואָרן אָדער — געלאָזן זיך פֿאַרהאַלטן. זי האָט אים דערזען און די אויגן נישט אַראָפּגענומען. איז זאָל זי קוקן, זאָל זי זיך אָנקוקן. לעבן איר — דזשימי און נאָך אַ פּאָר יונגעלייט. זיי ריידן צו איר, זי רעדט צו זיי, און קוקט דער עיקר אויף אים. און ער האָט גערעדט מיט זיינע פֿאַרהאַלטער און געקוקט צוריק צו איר מיט אַ בליק, וואָס האָט אים אמבעסטן געקליידט.

האָט זי דאָס נישט איצטער איבערגעשמייכלט צו אים? האָט זי נישט איצטער איבערגעשיקט צו אים איר קורצן אויפֿ־לאַך? אירע בליקן זיינען געוואָרן איינלאַדונג.

און אָט קוקט זי אויף אים און זאָגט עפּעס צו די, וואָס אַרום איר. אירע אויגן זאָגן אים, אַז דאָס רעדט זי וועגן אים. זי מאַכט אויפֿמערקזאַם אויף אים. קעפּ הייבן זיך אָן צו דרייען אין זיין זייט, אויגן אַנטדעקן אים. אויך דזשימיס אויגן. איצ־טער וועט ער צוגיין. דער ענטפֿער דאַרף איר געגעבן ווערן פֿאַר אים אין די אויגן.

ער האָט פֿאַרענדיקט זיין געשפּרעך מיט זיינע פֿאַרהאַלטער, האָט זיך אַנטשולדיקט און איז אַוועק צו איר.

אָבער דזשימי האָט איר שוין צוגעשעפּטשעט:

„עדי קאָהן פֿון דער פֿירמע אייזיק קאָהן און זון.”

זי האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. איר געזיכט האָט זיך פֿאַר־פֿינצטערט. אין אירע אויגן האָט אויפֿגעפֿלאַקערט דאָס שוואַרצע

פייער פון האס און פאראכטונג. ווען עדי איז צוגעקומען, איז ער באגעגנט געוואָרן מיט שטרענגער שטייפקייט. אַ וואַנט איז אויפגעשטעלט געוואָרן. די געטאָ־וואַנט. אַלע קעפּ האָבן זיך אָפּ־געדרייט, אַלע אויגן האָבן זיך אָפּגעווענדט. אויך דזשימי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. עדין איז קאַלט געוואָרן, אָבער ווייל ער איז שוין צוגעקומען, האָט ער ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף דזשימין.

דזשימי האָט זיך אומגעקוקט, געמאַכט זיך איבערראַשט און צבועציש ארויסגערעדט:

„אָ, עדי!"

ער איז ארויס פון קרייז, אָפּגעפירט עדין עטלעכע טריט און ארויסגעשעפּטשעט:

„ווועסט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב דיך נישט פאַר־געשטעלט... וואָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגן?"

אין עדין האָט אויפגעקאָכט, אָבער ער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט און איז אוועק. ער האָט זיך נישט אומגעקערט צו די, וואָס האָבן אים פריער געוואָרנט, אפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זייער זייט. ער איז געווען זיכער. אַז זיי האָבן געזען, וואָס עס איז פאָרגעקומען. ער האָט פאַרלאָזן דעם באַל, געדריקט די ציינער, געמאַכט הארטע פויסטן, די אויגן אָנגעצונדן אין בייז־קייט, די באַקן האָבן אים געברענט פאַר כעס.

אויף וועמען? דאָס איז אים נישט געווען קלאָר. אַן אַלע און אַלעמען פארשלינגענדיקער כעס. אָבער באַלד האָט זיך עס ארויסגעשיילט, איז געוואָרן קלאָר. ווען ער וואָלט אָבער נישט געהייסן קאָהן?!

ער איז איר געפעלן געוואָרן. זי האָט אים גערופן מיט די אויגן, געוואַרט אויף אים. און ווי האָט ער עס געוואָלט זיין לעבן איר! ווי האָט עס אים געצויגן צו איר! האָט זיך דער קאָהן אריינגעמישט! קאַליע געמאַכט, אויפגעשטעלט אַ וואַנט!

ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי דעם קאָהן נישט געהאַסט, קיינ־מאָל אַזוי נישט אין כעס געווען אויף אים. אויף אים און אויף אַלע יידן. ער וואָלט זיי געקאָנט אָפּווישן פון דער ערד. וואָס

האָבן זיי זיך אַנגעזעצט אויף אים?! וואָס ווילן זיי פון אים?! וואָס פאַרביטערן זיי אים דאָס לעבן?!

ביי זיך אין דער דירה האָט ער געהייצט דעם כעס מיט איין גלעזל קאָניאַק נאָך אַ צווייטן. געטראַכט, אַז ער מוז עפּעס טאָן. יאָ, ער וועט זיך מאָרגן נאָך אַמאָל דורכריידן מיט דעם אַלטן ייד! אַ סוף מוז עס נעמען!

ער האָט עס אויף מאָרגן דערציילט דעם „אַלטן ייד“, דער־ציילט עס מיט הארץ, דראַמאַטיש. זע, צו וואָס דיין נאָמען קאָהן האָט געבראַכט! און פאַרוואָס? צו וואָס?

אָבער די מעשה, קענטיק, האָט אויף דעם אַלטן ייד קיין איינדרוק נישט געמאַכט. ער האָט זי רואיק אויסגעהערט, און ווען דער זון האָט זיך אויסגעשטורעמט, האָט ער קאַלטבלוטיק אַרויסגערעדט:

„האָסט ווייניק אַנדערע שיינהייטן?“

עדי האָט געוואָלט ווידער אויפשטורעמען און פּלוצלונג דערפילט זיך אָפּגעקילט. די חניפה און דער באַוואונדערונגס־טאָן, מיט וועלכן דער טאַטע האָט זי אַרויסגעזאָגט, האָבן אים געקיצלט. שיר האָט זיך נישט באַוויזן אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן.

## 3

אָבער שפּעטער איינמאָל...

עדי האָט געהאַט צוויי רייטפערד, פּראַכט־חיות, שיינהייטן איינס אין איינעם. זיי זיינען געווען זיין שטאָלץ און זיין ליב־שאַפט. ער האָט זיי אַרומגערינגלט מיט לוקסוס, נישט געזשאַ־לעוועט אויף זיי קיין הוצאות. אפילו דער אַלטער קאָהן האָט מיט זיי שטאָלצירט און געגעבן צושטייער אויף זייער אויס־האַלט.

מאַכט זיך איינמאָל אין אַ זומער, אַז ער איז אַוועק רייטנדיק ווייט ערגעץ אין אַ געגנט אין דעם שטאָט מעין, ער און זיין שוואַר־צער ביירייטער. געריטן, ביז עס איז געוואָרן שפּעט פאַרנאַכט, און ער האָט באַשלאָסן אויפצוזוכן אַ האָטעל און איבערנעכטיקן. די

געגנט איז אים געווען פרעמד, און ער האָט די האָטעלן נישט געקענט. איז ער אַליין וואָלט זיך דערלויבט איבערצונעכטיקן אין וואָס עס איז פאַר אַ האָטעל, אָבער ער האָט זיך עס נישט געקאָנט דערלויבן מיט זיינע פערד. ער וועט זיי נישט לאָזן איבערנעכטיקן אין וואָס עס איז פאַר אַ שטאַל אונטער וואָס עס איז פאַר אַ באַהאַנדלונג. מוז דער האָטעל זיין אַן ערשטקלאַסישער. אַזאַ האָ־טעל וועט האָבן אַן ערשטקלאַסישע שטאַל, און די באַהאַנדלונג אין דער שטאַל וועט געוויס זיין אַ קעניגלעכע.

זיין שוואַרצער ביירייטער האָט זיך געכאַפּט. יאָ, פאַראַן דאָ נישט ווייט אַן ערשטקלאַסישער האָטעל, און דער האָטעל האָט אַ פּראַכטפולע שטאַל, און ער איז זיכער, אַז די פערד וועלן דאָרטן האָבן אַ קעניגלעכע באַהאַנדלונג.

זיינען זיי אַוועקגעריטן אַהין. פונוויטן שוין האָט די פּראַכט־געביידע פון דעם האָטעל־פּאַלאַץ פאַרשפּראָכן אַלע באַקוועם־לעכקייטן און לוקסוסן. אָבער ביים אַריינפאָר אין דעם פּאַרק, אין וועלכן דער האָטעל איז געשטאַנען, האָט עדי נאָכגעפרעגט ביים טויערהיטער, צו איז דאָ פאַראַן אַ שטאַל פאַר פערד, און איז קודם־כל צוגעריטן אַ קוק צו טאָן אויף איר. זי האָט אים פולשטענדיק צופרידנגעשטעלט, אויך די פערדקנעכט זיינען אים געפעלן געוועזן. גוט. זיינע פערד וועלן זיך דאָ פילן, ווי ביי זיך אין דער היים.

איצטער איז ער שטאָלץ צוגעריטן צום טרעפּ־אַריינגאַנג פון דעם האָטעל. די געסט, וואָס זיינען געזעסן אויף דער גרויסער וועראַנדע, האָבן אָנגעשטעלט אויף די פערד אַנטציקטע בליקן. איינער איז געווען אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט אַרויסגערופן אוי־מיצן, וואָס איז געווען אין פּאַיעי פון האָטעל, און באַלד איז די פּאַיעי אויסגעליידיקט געוואָרן. אַלע זיינען אַרוים אויף דער וועראַנדע צו באַוואונדערן די פערד. אָבער אויך זייער באַלעבאָס, וואָס האָט אויסגעזען גאַנץ באַצויבערנדיק אין זיין רייט־אָנצוג. די פרויען האָבן טאַקע געקוקט מער אויף אים ווי אויף די פערד. עדי האָט איבערגעגעבן די פערד צו זיין שוואַרצן ביירייטער, אַ ווײַלע אָנגעקוקט זיי מיט באַוואונדערונג און ליבשאַפט, אָנגע־

גלעט זיי, עפּעס איבערגערעדט מיט דעם בייררייטער — נישט גע־איילט זיך אריינצוגיין אין האָטעל. עס האָט אים געקיצלט די אַלגעמיינע דאָפּלטע באַוואונדערונג.

ענדלעך איז ער אַרויף אויף די טרעפּ. מיט דער האַלטונג פון אַ באַוואונדערטן העלד. ביים דעסק האָט מען אים אויפגע־נומען מיט גרויסן דרך ארץ, געמאַכט אַ פּאָר קאָמפּלימענטן די פערד, און ער האָט טאַקע צוגעשטעלט באַשפּראָכן זייער קעסט און קוואַרטיר, דערנאָך וועגן אַ צימער פאַר זיך און אַ צימער פאַר זיין שוואַרצן בייררייטער.

מען האָט אים אונטערגערוקט אַ באַדרוקטן צעטל: נאָמען, גאַס, שטאָדט און שטאַט, און אַריינגעגעבן אים אין האַנט אַ פּאַנטענפּען. ער האָט אַרויפגעשריבן נאָמען, גאַס, שטאָדט און שטאַט. דער קלערק האָט נאָכגעקוקט זיין שרייבנדיקער האַנט. עדי האָט געהאַט אַ ספּעציעלע אונטערשריפט. עדוואַרד איז געווען צונויפגעגאָסן מיט קאָהן. אָבער עדוואַרד איז געווען קלאָר און דייטלעך און קאָהן איז געווען פאַרצויקט און פאַרדרייט. דער קלערק האָט נישט געקאָנט דערקענען דעם צווייטן נאָמען. ער האָט גענומען דעם צעטל אין האַנט אַריין, פאַרטיפט זיך אין דער אונטערשריפט, נישט געווען גאַנץ זיכער.

„אַנטשולדיקט," האָט ער זיך געווענדט צו עדין. „עדוואַרד... ע...?"

„קאָהן," האָט עדי קוים צו הערן אַרויסגעוואָרפן פון צווישן די ציינער.

„קאָהן," האָט דער קלערק איבערגעחזרט און גלייך צוגע־געבן: „עס טוט מיר לייד, מיר האָבן נישט קיין צימער."

„וואָס איז? וואָס פּלוצים?" האָט עדי זיך געחידושט.

„מיר נעמען נישט אַריין קיין יידן," האָט דער קלערק אָפּ־געענטפערט מיט אַ טאָן פון רשעות.

אַ פּלוצימדיקער קינזשאַל־שטאָך וואָלט עדין נישט אַזוי אויפגעטרייסלט. ער האָט זיך פאַרשעמט, בגנבה אַרומגעקוקט, צו האָט נישט אימיצער געהערט זיין בזיון, און פאַרלאָרן נאָכ־געקוקט די באַוועגונגען פון דעם קלערק, וועלכער האָט אַראָפּגע־

נומען דעם רעסיווער פון דעם הויז־טעלעפאָן און אימיצן אָנגע־זאָגט צוצוברענגען צום הויפּט־אַריינגאַנג די ביידע ערשט־אַריינ־געבראַכטע פערד. עדי האָט זיך אַנגעצונדן.

„פאַרוואָס דאָס ?!" האָט ער אויפגערעגט אַרויסגעבייזערט.

„די פערד זיינען נישט קיין יידן!"

„אָבער מיר וועלן זיי מוזן פאַרשרייבן אויף אייער נאָמען," האָט דער קלערק הארט אָפּגעענטפערט, און דערביי לאַנגזאַם צו־ריסן דאָס צעטל, אויף וועלכן עדי האָט אויפגעשריבן זיין נאָמען און אדרעס.

עדי האָט געביסן די ליפּן, אָבער ער האָט באַשלאָסן צו בעטן פאַר זיינע פערד. זיי טאָרן נישט ליידן פון זיין אומגליק און שאַנד.

„גיט נאָר אַ קוק," האָט ער אָנגעהויבן. „איך וועל צאָלן יעדן פּרייז... די פערד דאַרפן נישט ליידן... וואו קאָן איך זיי אונ־טערברענגען ?.... זיי זיינען געוויינט צו לוקסוס... איך קאָן זיי נישט לאָזן איבערנעכטיקן אין עפּעס אַ לאָך..."

דער קלערק האָט מיטגעפילט מיט די פערד. שוין ביי עדיס ערשטע ווערטער האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן, וואָס טוט מען דאָ עפּעס צוליב די פערד. ער האָט זיך דערטראַכט און איבערגע־ריסן עדיס הארציקע בקשות מיט דעם פאָרשלאָג:

„פאַרשרייבט זיי אויפן נאָמען פון אייער ביירייטער."

עדי איז רויט געוואָרן אין געזיכט. זיינע ליפּן האָבן געצוקט, די אויגן האָבן געשרפעט. ער האָט געפילט, ווי אַריינצופאָרן מיטן קולאַק דעם קלערק אין מאָרדע אַריין. אָבער ער האָט זיך אויס־געדרייט און מיט שנעלע טריט אַרויסגעאיילט פון האָטעל. דרויסן האָט דער שוואַרצער שוין געוואַרט אויף אים מיט די פערד.

„וואָס איז געשען ?" האָט ער געפרעגט.

אָבער עדי האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין פערד און איז אַוועקגעריטן, קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. דער נעגער איז געריטן הינטער אים, גאַנץ נשתומם. ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען זיין באַלעבאָס אַזוי אויפגערעגט און אין כעס. וואָס האָט דאָרטן געקאָנט געשען ?

אין עדין האָט געברענט אַ העלישער כעס. אויף אַלץ און אַלעמען, אויף דער גאַנצער וועלט. אַ גאַנצע שׂרפה. אָבער די פייערן האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן, ביז עס איז געבליבן נאָר איין פייער. קאָהן! קאָהן! קאָהן! קאָהן! האָט עס געשריען אין אים מיט רציחה.

ער האָט נישט געקאָנט זיין אין כעס אויף דעם קלערק, אויף דער פירערשאַפט פון דעם האָטעל. זיי האָבן געהאַנדלט, ווי זיי האָבן געדאַרפט. ווען ער האָט אַ האָטעל, וואָלט ער אויך קיין יידן נישט אַריינגעלאָזט, ווי ער לאָזט זיי איצטער נישט אַריבער איבער זיין שוועל. דאַרף ער דווקא הייסן קאָהן! דאָס מוז נעמען אַ סוף! זיין ווייניקער ווי זיין שוואַרצער ביירייטער! באה! פאַרדאַמטער קאָהן! פוי!

ניין, איצטער וועט נעמען אַ סוף! זאָל דאָרטן דער אַלטער ייד טאָן, וואָס ער וויל! זאָל ער אים אָפּשניידן פון דער ירושה!

ער וועט לעבן ווייניקער רייך, ער וועט אפילו לעבן אָרעם, אָבער דערפאַר וועט ער זיין פריי פון דעם פאַסקודנעם, העסלעכן, שרעקלעכן יידן־געוויקסל!

קאָהן! ייד! פוי!

זיינע פערד האָבן געמוזט איבערנעכטיקן אין גאָר נישט קיין געהויבענער שטאַל אין געזעלשאַפט פון זייער מינדערוווערטיקע פערד. אָבער מער וועט עס נישט געשען.

און טאַקע. אויף די האָטעלצעטלעך האָט ער גאָר באַלד אָנגעהויבן אַריינצושרייבן נישט מער פאַרצוקט און פאַרדרייט נאָר קלאָר און דייטלעך עדוואַרד קאָולען.

געשען איז עס נאָך אַ קורצער אונטעררייידונג מיט דעם „אַלטן ייד”. דער אַלטער ייד האָט אויסגעהערט מיט פאַרקלעמטן האַרץ, ווי די פערד זיינען באַליידיקט געוואָרן. ער איז געבליבן זיצן גאַנץ נידערשלאָגן און פאַרביטערט. נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן זיין זון. ווען דער זון האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז איצטער וועט ער גאַנץ באַשטימט בייטן זיין נאָמען, האָט ער נישט געזאָגט ניין.

דעם נאָמען קאָולען האָט עדי אָנגענומען לכבוד דעם גלח,

וואָס האָט אים געבראַכט די באַפרייאונג פון דעם אָנגעבאָרענעם פלעק. אָבער שפּעטער האָט ער זיך נישט אויפגעהערט צו יאָרען. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דער צופאַל האָט אים דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און פאַראייביקט אים מיט אַ נאָמען, וואָס קלינגט ווי אַ צוזאַמענזעצונג פון קאָהן און לעווין. ווי אויף צו להכעיס עפּעס!

1941.

# דער כח פון אַ ניגון

חיים גרינבערגן אַ מתנה.

אַ שמאָלער שאָסיי, וואָס האָט זיך געצויגן פון ווייט אַרויס אין ווייט אַריין, פאַרביי פעלדער און דורך וועלדער, אויפנעמענדיק אין זיין מהלך וועגן און שטעגן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ערגעץ־וואו, געבליבן ביי אים שטיין אָדער אַריבערגעכאַפּט זיך אַריבער אים און געגאַנגען ווייטער ערגעץ־וואוהין. הויך איבער אים האָט זיך אַ נאָכמיטאָג־זון פאַרבויגן צו מערב צו און משופּעדיק געגאָסן אויף אים אירע שטראַלן, און אונטן איבער אים, הייבנדיק זיך צום הימל, האָט זיך געטראָגן אַ פרייליכער ניגון:

טאַטערי־טאַטערי־טאַטערי־טאַם! בים־באַם־באַם, בים באַם באַם! טאַטע־טאַטע־זיסער!

פרייליכע יידן זיינען געגאַנגען איבער אים. אַ לוסטיקע חברותא. אַ גאַנצער מנין. אַלטע, מיטליעריקע און אויך יונגע. לאַנגע גרויע בערד, לאַנגע שווארצע און רויטע, און אויך קליינע בערדעלעך, קוים אַרויסגעשפּראָצטע. אַ פּאָר יידן האָבן הויך אַרויסגעשטעקט איבער די קעפּ פון די אַנדערע, איינער גאַנץ פון הינטן איז געווען ווי אַ נאָכשפּרינגענדיק פּינטעלע. אַלע אין שבתדיקע בגדים, אין ליוסטרין און אין געוואַנט, די הויזן אין לאַנגע זאָקן אָדער איבער די שטיוול, אין קאַפּעלושן און קאַשקעטן, אָבער אַלע מיט אַרויסשטעקנדיקע אַרבע כנפותן און אַרומפּליענדיקע ציצית.

יום־טובדיקע יידן, כאָטש עס איז גאָר קיין יום־טוב נישט געווען. זיי האָבן געטראָגן דעם יום־טוב אין זיך, ווייל זיי זיינען געגאַנגען פון אַ שמחה פון אַ מצווה.

בים־באם בים־באם־באם, טאַטע, טאַטע זיסער!

אַ געזאַנג מיט שלעכטע שטימען. נאָר גאָט ברויכט ניט די שטימען, ער ברויכט דאָס הארץ, און דער געזאַנג איז געווען אַ הארציק דורכריידן זיך מיט גאָט.

אָבער עס איז אויך געלעגן טאַנץ אין דעם ניגון.

אי־איאיאי איאי איאי!

און זיי האָבן טאַקע געטאַנצט. געגאַנגען און געטאַנצט. צוגעפּאַטשט זיך מיט די הענט. יעדער איינער האָט זיך פּאַראויס־באַוועגט מיט טאַנץ. אויפגעהויבן דעם סיורטוק פון הינטן, געגאַנגען און געטענצלט. אָבער אַז זיי זיינען אריינגעקומען צווישן בוימער, האָבן זיי פארלייגט האַנט אויף אַקסל און טאַקע דורכגעטאַנצט זיך אין אַ ראָד, און פּאָלעס און פּאות זיינען גע־פלויגן.

טאַטערי־טאַטערי־טאַטערי־טאַם! בים־באַם־באַם, בים־באַם־באַם! טאַטע־טאַטע־זיסער!

אויף אַ זייטנוועג, וואָס האָט זיך געענדיקט ביים שאָסיי, איז געגאַנגען אַן איינזאַמער פויער. אַ מאַן אין די דרייסיקער מיט אַ בלאָנדן בערדל, מיטלוואוקסיק. פונווייטן האָט ער שוין געהערט דעם פריילעכן ניגון און געזען טאַנצנדיקע געשטאַלטן, איז ער געגאַנגען און געקוקט אויף זיי, געקוקט נאָך לינקס, פונוואַנען זיי זיינען אָנגעקומען, די אויגן נישט אראָפּגענומען. ער האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס זיינען יידן, אָבער ער איז נאָך געווען פארנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען וועגן דער וויכ־טיקער אָנגעלעגנהייט, וועלכע האָט געפירט אים דאָ אויפן וועג, און ער האָט זיך נאָך נישט אָפּגעגעבן מיט די טאַנצנדיקע יידן. געחידושט זיך אַ ביסל, אָבער געבליבן גלייכגילטיק.

די געשטאַלטן זיינען צוגעקומען נעענטער, זייערע באַווע־גונגען זיינען געוואָרן קענטיקער, זייער געזאַנג איז געוואָרן שטאַרקער. ער האָט זיי אָנגעקוקט מער פארחידושט, די געדאַנ־קען וועגן זיין אייגענער אָנגעלעגנהייט זיינען געבליבן שטיין — ער האָט גאָר פארגעסן, אַז ער האָט וועגן וואָס געטראַכט.

ער האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג, נישט געקוקט אונטער די פיס, די אויגן אָנגעשטעלט נאָר אויף די פריילעכע יידן.

האָבן זיי אים געזען? האָבן זיי אים באַמערקט? זיי האָבן דאַכט זיך נישט געקוקט נישט רעכטס און נישט לינקס, אָפּט גע־גלאָצט די אויגן צום הימל, און ווען זיי האָבן געקוקט פאַר זיך האָבן זיי געקוקט אין א ווייטקייט, וואָס איז נישט געווען פון דער וועלט.

אָבער אויב זיי האָבן אים באַמערקט, האָבן זיי זיך נישט אויסגעמאַכט פון אים. גלייך ווי זיי וואָלטן אים גאָר נישט גע־זען. זיי האָבן נישט געענדערט זייער טאַנץ־גאַנג, נישט מפסיק געווען אין זייער ניגון, נישט אַרונטערגעלאָזט דעם טאָן.

ווען ער איז צוגעקומען צו דעם פונקט, וואו זיין וועג האָט זיך געענדיקט אין דעם שאָסיי, האָבן זיי פאַרבייגעטאַנצט פאַר־ביי אים. אויך יעמאָלט נישט באַמערקט אָדער נישט אויסגע־מאַכט זיך פון אים.

האָט זיך אָבער געמאַכט אַזוי, אַז זיי זיינען געגאַנגען דעם וועג, וועלכן ער האָט געדאַרפט גיין. זיי פאַראויס, און ער הינטער זיי. און ווייל זיי האָבן קיינעם נישט געזען אין דער ווייטקייט פאַר זיך, פאַר וועמען זיי וואָלטן געדאַרפט אָפּטרעטן דעם וועג, האָבן זיי זיך צושפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט פון דעם שאָסיי. איין ברייטע טאַנצנדיקע שורה, מיט א צוויי־דריי נאָכ־שלעפּער, וועלכע האָבן קיין פּלאַץ נישט געפונען אין דער שורה אָדער זיינען געווען לאַנגזאַמערע גייער, נאָכשפּרינגער און נאָכ־טאַנצער.

און דער פויער הינטער זיי. צוערשט געקוקט פאַראינטע־רעסירט אויף די רוקנס און באַוועגונגען פון די אונטערטאַנצנ־דיקע יידן. דערנאָך איז דער פאַראינטערעסירטער בליק בים־לעכווייז אַריבער אין פאַראכטלעכקייט: „אידעליוקעס!” און באַלד אָנגעצונדן זיך מיט כעס.

דער פויער האָט זיך געכאַפּט, אַז די יידן האָבן זיך צו־שפּרייט אַזוי גאָר באַלעבאַטישדיק און פאַרשטעלן אים דעם וועג. ער האָט נישט פאַרשנעלערט זיינע טריט אַריבערצוויאָגן

זיי, נאָר איז געגאַנגען לאַנגזאַם ווי פריער און אַריינגעאַרבעט זיך אין אַלץ מער אָנשטייגנדיקער בייזקייט.

„זשידעס! טייוולשער אָפּשטאַם! ווי זיי האָבן זיך צו־יושעט!"

און וואָס ער האָט געטראַכט, האָט ער אויך אַרויסגערעדט. אַרויסגעבייזערט, אַרויסגעשפּייט.

„זשידעס פאַרשיווע! טייוולשער אָפּשטאַם! געזינדל שמו־ציקע!"

זיי האָבן אים נישט געקאָנט הערן. זיי האָבן געזונגען צו הויך. היינט ניי און שריי זיי אַריבער! אַם ליבסטן וואָלט ער זיי פאַרפאָרן מיט זיין שטיוול אין די הינטערנס!... אָט דער קליינער אידליק פון הינטן בעט זיך פּשוט, ער זאָל אים אַ גוטן בריק טאָן. אָבער גיי הייב זיך אָן אײינער קענן צען אויף אַן איינזאַמען וועג דורך וואַלד און פעלד.

דאָך — ער האָט דערהעכערט זיין קול. ער האָט זיך צו־שריען:

„פאַרשיווע זשידעס! האָבן זיך צעיושעט! קיין מפּלה נעמט זיי נאָר נישט! וויפיל מען שלאָגט זיי, איז זיי אַלץ ווײ־ניק!"

די יידן האָבן עס נעמוזט הערן. ער איז דאָך געגאַנגען אַזוי נאָענט הינטער זיי. אָבער זיי האָבן זיך אפילו נישט אומגע־קוקט. זיי האָבן ווייטער געזונגען און ווייטער געטאַנצט, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געהערט.

דאָס האָט אים שטאַרק צורייצט. ער האָט פאַרשנעלערט זיין גאַנג, אַ לאָז געטאָן זיך מיט געשריי און זידלערײי:

„וואָס'ט איר פאַרכאַפּט דעם גאַנצן וועג, פאַרפלוכטע זשי־דעס! מען קאָן שוין צוליב אייך נישט דורכגיין! ווער צו־פאַלן, טייוולשער אָפּשטאַם!"

ער האָט מיט אַ כיוון אַרויסגעשפּרייזט אויף די פּאָר נאָכ־שלעפּער, פאַרנאַנדערגעשטופּט זיי רעכטס און לינקס, אַז זיי זיינען שיר נישט אומגעפאַלן, און דורכגעשפּרייזט די אָפּענע

פאָדערשטע שורה, מיט די עלנבויגנס שטויסנדיק רעכטס און לינקס.

די יידן אָבער — ווי נאַרנישט וואָלט געשען! זיי האָבן ווידער צוזאַמענגערוקט זיך און ווייטער געזונגען זייער ניגון און געגאַנגען און געטענצלט. האָבן זיך אפילו נישט איינגע־קוקט אין אים. ווער עס האָט געגלאָצט די אויגן צום הימל, ווער עס האָט געקוקט פרום און עניוותדיק צו דער ערד אונטער די פיס, און די, וואָס האָבן געקוקט פאַר זיך, האָבן ווייטער געקוקט אין דער ווייטקייט, וואָס איז נישט פון דער וועלט, און דער פויער, וואָס איז איצטער געגאַנגען פאַראויס פאַר זיי, האָט פון זיי די דאָזיקע ווייטקייט נישט פאַרשטעלט.

ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. דאָס האָט גע־זאָלט זאָגן, אַז ער האָט זיך גענומען דאָס וועג־רעכט, וואָס קומט אים, ווייל ער איילט זיך, און ווער זיינען זיי צו פאַרשטעלן אים דעם וועג! און איצטער האָט ער זיך ווייטער געאיילט, איז גע־גאַנגען מיט גרויסע שנעלע טריט, שנעל דערווייטערט זיך פון די יידן. אָבער עס האָט אים געערגערט, פאַרוואָס די יידן האָבן אים אַזוי איגנאָרירט. נאַרנישט! ווי ער וואָלט זיי נישט פאַר־נאַנדערגעשטופּט! ווי ער וואָלט זיי נישט געזידלט און געשאָלטן! אָט, אַ געזינדל!

פאַר ערגערניש האָט ער אָנגעהויבן זיי איבערצוקרימען. פאַר זיך אַליין, נאָכגעגעבן זיך דאָס האַרץ. איבערגעקרימט דעם געזאַנג — מיט אַ מין נעלער העסלעכער שטים האָט ער זיך צוגאַרגלט: „איאַיאַיאַי טאַטעטאַטיטאַטו!” און איבערגעקרימט דעם טאַנץ — אויפגעהויבן זיין ראָק פון הינטן, אויסגעשטעלט זיי זיין ברייטן הינטערן, און געשאָקלט אים און געדרייט, און געוואָרפן מיט די הענט... אָפּגעטאָן זיינס און געגאַנגען ווייטער.

אָבער די גרויסע יידן האָבן גראָד פאַרלייגט האַנט אויף אַקסל און געלאָזן זיך טאַנצן אין אַ ראָד, און די מיטלוואוקסיקע האָבן צוגעלייגט די הענט און מיטגעטאַנצט, און די קליינע האָבן געטאַנצט אַרום און אַרום, און דער ניגון איז אָנגעשטיגן הע־

בער און שטארקער: טאטערי־טאטערי־טאטערי־טאם! בים־באם־באם! טאטע־טאטע־זיסער!

דער פויער איז אוועק א שטיק וועג פאראויס. געגאנגען ווי א זיגער, מיט אויפגעהויבענעם קאפ און פעסטע שריט און געטראכן אין זיך זידלווערטער און קללות אויף די יידן. אבער די יידן האבן אים אנגעהויבן צו פעלן. פריער, ווען ער איז גע־גאנגען הינטער זיי, איז געווען אינטערעסאנטער. איצטער האט ער געהאט פאר זיך ווייטקייט און פוסטקייט, קוים א פויגל דורכ־געפלויגן. און פריער איז געווען אויף וועמען צו קוקן. פריער אויך האבן זיינע קללות געהאט ממשות. זיי האבן געטראפן אין די רוקנס פון די טאנצנדיקע און זינגענדיקע זשידיוקעס. איצטער נייען זיי אין דער לופט אריין, לויגט זיך שוין אפילו נישט ארויסצוזאגן זיי.

ער האט פארלאנגזאמט זיינע טריט. זאל ער כאטש זיין נעענטער צו די יידלעך און זייער געזאנג. און ער וועט זיי עפעס אפטאן. ער וועט אויך זינגען. ער וועט זינגען זיינע לידער און העכער פאר זיי. וועט זיי צומישן, אראפשלאגן פון טאן.

ער האט אנגעהויבן צו זינגען אן אלט פאלקסליד. צוזונגען זיך אויף די העכסטע קולות. אומגעקוקט זיך צו הערן אים די יידן. און באלד טאקע אומגעקערט זיך מיטן פנים צו די יידן, איז נעגאנגען א שטיק אויף הינטן און געזונגען מיט אלע כוחות. געשיקט זיין ניגון צום יידישן ניגון, געוואלט אים מבלבל זיין. אבער דער יידישע ניגון איז נישט מבולבל געווארן. איז נאר פעסטער געווארן, הארציקער, פרומער, נעימותדיקער.

און עס איז געשען נאר פארקערט: זיין ניגון איז מבולבל געווארן. ער האט זיך געכאפט, אז זייער ניגון איז אריין אין אים, אריינגעזועצט זיך אים אין האלדז, אויסגעברייטערט זיך אין זיין זכרון, און אט וועט ער אים באלד זינגען. ער האט זיך אפגעווענדט פון די יידן, איז אוועק פאראויס און געריסן זיך דעם האלדז, געוואלט פארשרייען אין זיך דעם יידישן ניגון, פארטויבן אים אין זיך, און — פלוצלונג אפגעהאקט. ער האט דאכט זיך זיין אייגענעם ניגון פארגעסן. פאר פארדראס און

בייזקייט, האָט ער אָנגעהויבן נאָכצוקרימען דעם יידישן ניגון, צוחייזעקט דעם ריטם, פאַרמיאוסט די טענער, פאַרגאַווערט די יידישע ווערטער. אָבער ביסלעכווייז האָט די נאָכקרימעניש אָפּגעלאָזן, און ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען און האָט שטיל פאַר זיך געזונגען דעם יידישן ניגון. ער האָט עס קוים באַמערקט, אָבער ער האָט אָנגעהויבן צוצוגעבן צו זיין געזאַנג דעם יידישן קוועטש — דעם אונטערטאָן פון פרומקייט און האָפענונג און בטחון.

ער האָט איבערגעזונגען איינמאָל און צווייטמאָל און דווקא ביים דריטן מאָל פאַרטשעפּעט זיך און נישט געקאָנט זינגען ווייטער: פאַרגעסן. ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן אין זיך די פאַרזעצונג, האָט אָנגעהויבן צוריק פון אָנהייב, און ווידער געבליבן שטיין. פאַרגעסן, ווי איימעצער וואָלט עס ביי אים אַרויסגעריסן פון קאָפּ. אָט דאַכט זיך געזונגען, דורכגעזונגען אינגאַנצן, און אָט אויס, אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ. ער האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף הינטן צו די יידן צו, אָנגעגייגט אַן אויער, איז אויך באַלד שטיין געבליבן, בעסער צוגעהערט זיך. די יידן זיינען שוין געווען גאָר נאָנט, און אָט זינגען זיי דעם ניגון, וואו ער האָט פאַרגעסן. אַ, יאָ! איצטער ווייס ער. ער האָט אויפגעכאַפּט די מעלאָדיע, צוזונגען זיך אויפן קול און אָנגעהויבן צו גיין. אָבער איצטער ווען ער האָט זיך צוזונגען אויפן קול, איז דער פריילעכער ניגון אריין אים אין די פיס און אַרויסגעשיקט טאַנץ־איינלאַדונגען איבערן גאַנצן קערפּער. האָט ער געמאַכט עטלעכע טאַנץ־באַוועגונגען, אַ שפּרונג געטאָן אויף די פיס קאָמאַרינסקי־מעסיק.

אָבער טאַנץ וויל געזעלשאַפט, וויל שותפים.

ער האָט זיך אומגעקוקט אויף די יידן. איז שטיין געבליבן, האָט זיי אָפּגעוואַרט.

די יידן האָבן אים געזען און נישט געזען. געקוקט איבער אים, פאַרביי אים, דורך אים. ער איז געווען פאַר זיי לופט. זיי האָבן געזונגען זייער פריילעכן ניגון, געגאַנגען זייער פריילעכן גאַנג, צוגעפּאַטשט מיט די הענט. טאַטערי־טאַטערי־טאַטערי־

טאם! בים־באם־באם בים־באם־באם! טאטע־טאטע־זיסער! ווען זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט מיט אים, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„און איך קאָן עס שוין אויך זינגען.״

און האָט אָנגעהויבן צו זינגען. טאטערי־טאטערי־טאטערי־טאם! נישט נאָכגעקרימט, נאָר אמתדיק, אין טאָן און מיטן קוועטש.

די יידן זיינען געווען גרייט נישט צו הערן, וואָס ער וועט זיי דאָרטן זאָגן, צו פאַרהערן זיינע קללות, אויף וועלכע זיי האָבן זיך גערעכנט. זיינען זיי פאַר זיינע ווערטער נאָך געווען פאַר־שלאָגן, אָבער זיין זינגען האָט עפּעס אַ ריר געטאָן אין זיי, אי־בערראַשט זיי, פאַרחידושט זיי, פאַרלאַנגזאַמט זייער גאַנג. ער האָט זיך צוגעשטעלט צו זייער פאָדערשטער שורה, אַוועק מיט זיי אין גאַנג, אַריין אין זייער כאָר. טאטערי־טאטערי־טאטערי־טאם, בים־באם־באם בים־באם־באם! טאטע־טאטע־זיסער!

די יידן האָבן זיך נישט אומגעקוקט אויף אים, אָבער האָבן געהערט זיין שטים, און עס איז נישט געווען אין איר קיין חוזק, קיין אָפּלאַך, נישט דאָס קלענסטע ביסל פיינטשאַפט. און דער מנין יידן האָט געפילט, אַז עפּעס אַ מאָדנע זאַך איז געשען, עפּעס אַ נס מן השמים, און אין זייער געזאַנג האָט אויפגעקלונגען גרויסע התפעלות.

טאטע־טאטע־זיסער!

ער האָט איבערגעריסן דאָס זינגען, אַ ווענד געטאָן זיך צו זיין שכן, אַ הויכן מיטליאריקן יידן מיט אַ גרויסער רויטלעכער באָרד:

„און וואָס מיינט עס אָט: טאטע־טאטע־זיסער?״

דער הויכער ייד האָט ווי עפּעס דערוואַרט פון אים די פראַ־גע. זי איז דאָך אַ טייל פון דעם נס. און ער האָט אים התפעלותדיק פרום דערקלערט. גאָט, מיינט עס! גאָט! דעם גרויסן גאָט אין הימל!

ער האָט פרום התלהבותדיק געטייטלט מיטן פינגער צום הימל און אונטערגעכאַפּט דעם ניגון, צוזונגען זיך מיט די איבעריקע.

דער פּויער האָט דערפילט די פרומע התלהבות, דערפילט גאָט און די מורא פאַר גאָט. ער האָט אַראָגענומען דאָס היטל און איבערגעצלמט זיך. די יידן, וואָס האָבן באַמערקט זיין האַנט־אויפהייב, האָבן צוגעמאַכט די אויגן, זיי זאָלן נישט זען, ווי ער וועט אויסלייגן אויף זיך דעם שתי וערב. אָבער זיי האָבן גע־פילט זיין פרומקייט, געפילט, אַז דאָס איז נישט מער דער, וואָס האָט זיי פריער באַליידיקט און געשאָלטן. און דער הויכער ייד האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם פּויערס פּלייצע, און דער פּויער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם יידנס פּלייצע, און זייערע שטימען האָבן זיך ענגער צונויפגעגאָסן, און ביידע האָבן זיי געמאַכט די גלייכע טאַנץ־באַוועגונגען.

און אַזוי זינגענדיק און טאַנצנדיק זיינען זיי צוגעקומען צו אַן אָרט, וואו אַ זייטנוועגל האָט זיך אַריבערגעכאַפּט איבערן שאָסיי, און דער פּויער האָט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון דעם יידנס פּלייצע און אַ זאָג געטאָן:

„איך דאַרף רעכטס. און איר וואוהין?"

„מיר — גלייך," האָט דער ייד געענטפערט, „מיר גייען אין שטאָט."

„נו, איז אָט. זייט געזונט!" האָט דער פּויער געזאָגט און געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס היטל.

אָבער דער ייד האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם פּויערס אַקסל און דעם פּויערס האַנט צו זיך אויפן אַקסל, און די אַנדערע יידן האָבן אַרויפגעלייגט אַ יעדער זיין האַנט, און דער געזאַנג איז אָנגעשטיגן, און עס איז אַוועק אַ התלהבותדי־קער געדריי־טאַנץ.

דער פּויער האָט צוערשט נישט געוואוסט, וואָס די יידן מיינען, האָט זיך געהאַט אַ ביסל פאַרלאָרן, נישט געוואוסט, וואָס ער האָט צו טאָן. אָבער אַ דרוק פון דעם יידנס פינגער אויף זיין אַקסל האָט אים געגעבן דעם טאַנץ־צייכן, און ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז ער דאַרף שטעלן טאַנץ־פּיס, און דאָס וועט זיין אַ געזעגענונגס־טאַנץ פון זיין כבוד וועגן. איז נו! האָט ער אַריינ־געלייגט זיין גאַנץ האַרץ אין זיינע פיס און אין זיין האַלדז, און

געטאַנצט און געזונגען „כאחד מאתנו״, אינגאַנצן ווי אַן אונ־זעריקער...

ווען דער גערדריי האָט אויפגעהערט, האָט ער אַלעמען גע־געבן די האַנט: זיי געזונט! זיי געזונט! זיי געזונט!

און די יידן האָבן אים נעענטפערט:

„גיי מיט גאָט!״

זיי זיינען אוועק מיט דעם ניגון ווייטער אויפן שאָסיי, און ער האָט זיך פאַרנומען נאָך רעכטס, אַן אויפגעווייכטער, אַן אויפ־געוואַרעמטער, אַ שיינענדיקער. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אומ־געקוקט אויף די יידן. זיי זיינען געגאַנגען נאָך פריילעכער, נאָך צונויפגעגאָסענער מיט גאָט, האָבן געהויבן קול און הענט צום הימל, דער ניגון איז געוואָרן נאָך מער התלהבותדיקע שירה צו גאָט. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו זינגען דעם ניגון, מיט די הענט צום הימל, מיט די אויגן צום הימל. זיין גאַנג איז געוואָרן פרומע פּראָצעסיע. און איבער וואַלד און פעלד האָט זיך פון צוויי זייטן פרום און האַרציק און ליבעפול געטראָגן:

טאַטערי־טאַטערי־טאַטערי־טאַם!...

.1938